

שלום־עליכם און י. ד. בערקאָוויטש — ווישבאַדן, 1913

י. ד. בערקאָוויטש

# אונדזערע ראשונים

## זכרונות־דערציילונגען וועגן שלום־עליכם און זיין דור



פאַרלאַג „המנורה", תל־אביב

תשכ"ו — 1966

# א
# ליאַליס חתונה

אין באַראַנאָוויטש האָב איך פאַרבראַכט עטלעכע וואָכן, אום צו באַוואָרענען מיין „באַפרייאונג״ פון מיליטער־דינסט ערגעץ אין אַ שטעטל אין יענער סביבה. דערווייל האָב איך מיך אַ ביסל באַקענט מיט דער באַראַנאָוויטשער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ געקוויקט מיט זכרונות וועגן שלום־עליכמען פון דער צייט, וואָס ער איז דאָ קראַנק געוואָרן און אָפּגעלעגן אַרום צוויי חדשים. מע האָט טייער געהאַלטן אין זכרון די איבערגעלעבטע אויפרודערונג מיט אים, ווי אויך זיינע ווערטלעך און באַמערקונגען, וואָס זענען נאָך אים פאַרבליבן. באַראַנאָוויטשער באַלעבאַטישע מיידלעך, וואָס האָבן געוואַכט ווי קראַנקען־שוועסטער ביי שלום־עליכמס בעט, האָבן דערציילט פון יענע טעג, ווי פון אַ היסטאָרישער פּאַסירונג, וואָס הייבט שוין אָן ווערן אַ לעגענדע. דערהויפּט האָבן די באַראַנאָוויטשער לייט זיך געפילט געשמייכלט דער־פון, וואָס אין זיין הימלאַזער לאַגע, מחמת זיין קראַנקייט, האָט זיי שלום־עליכם ווי קרוביש אָנגעטרויט אַ טייל פון זיין הויזגעזינד. דאָ איז פאַרבליבן אַ גאַנץ יאָר זיין טאָכטער ליאַלי, אַהער איז געקומען אויף זומער־וואַקאַציע פון דער קיעווער גימנאַזיע דער עלטערער זון מישאַ, און דאָ האָבן זיך אויך אויפגעהאַלטן די לעצטע חדשים מיין פרוי מיט דער יינגסטער שוועסטער מאַרוסי. דאָס גאַסטפריינדלעכע ליטווישע שטעטל האָט ביי שלום־עליכמס קינדער פאַרנומען דעם אָרט פון זייער אָפּ־געפרעמדטער אוקראַאינישער היימשטאָט קיעוו.

ביי מיין קומען פון דער גאַליצישער גרענעץ קיין באַראַנאָוויטש האָב איך שוין דאָרט געפונען פון שלום־עליכמען אַ גאַנץ בינטל בריוו, וואָס ער האָט געשריבן צו מיין פרוי נאָך מיין אָפּפאָרן פון נערווי. ער איז געווען אומרואיק געשטימט — איבער זיין פאַרערגערטן געזונט,

איבער דעם ראָמאַן, וואָס שרייבט זיך ביי אים שווערלעך, איבער מיין נסיעה דורך דער גרענעץ. ערשט נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען אַ דעפעש פון אונדזער גאַליציאַנער פריינד, אַז איך בין אַריבער די גרענעץ בשלום, האָט ער מיר געגומען שיקן דעם אָנהייב פון די „בלאָנזענדע שטערן" אין טעגלעכע פאָרזעצונגען, אַ קאַפּיטל נאָך אַ קאַפּיטל, און זיינע בריוו זענען שוין געגאַנגען וואָס ווייטער אַלץ אין אַ מער מונטערן טאָן. איינער פון יענע בריוו, געשריבן געוויינטלעך אין רוסיש, האָט זיך געלייענט אַזוי:

„נו, טיסיוניאַ, האָסט שוין געענדיקט צו שטעלן פראַגעס בערקאָ־וויטשן? אָדער דו דערגייסט אים נאָך אַלץ די יאָרן? אָרעמער מאַר־טירער! ער דאַרף נעבאַך ענטפערן אויף יעדער נאַרישקייט: וויפל וועגט דער פּאַפּאַ? און ווען שטייט ער אויף! און וואָס עסט ער? און ווו געפינט זיך דאָס עסצימער? און וויפל פענצטער איז דאָ אין שלאָפצימער? און ווי אַזוי איז דאָס באָדצימער? ניין, בערקאָוויטש, עס האָט זיך ניט געלוינט קומען צו פאָרן קיין באַראַנאָוויטש, און נאָך אַזוי אויסגעריסן ווערן! פון דעסטוועגן, טיסיוניאַ, בעט איך, צו דיינע פראַגעס צוגעבן נאָך איין פראַגע נאָר, פון מיר: פאַרוואָס האָט ער, דער גזלן, ניט געשריבן גאַנצע צוויי וואָכן??!?!

„גיט ביידע אַ קוש פון מיינטוועגן טאַמאַרעבנציען.

פּאַפּאַ".

איצט, אַז ער האָט זיך געפילט מונטערער, האָט אים שוין פאַר־דראָסן, למאַי ער האָט די קינדער פון דער ווייטן אָפּגעגעסן דאָס האַרץ מיט זיין פאַרערגערטן געזונט־צושטאַנד, — האָט ער דאָס פאַרבעסערט אויף זיין אויסגעפרווּוטן הומאָריסטישן שטייגער. די יינגסטע, מאַרוסי, וואָס איז צום ערשטן מאָל געווען אַוועקגעפאָרן פון דער היים און האָט געשיקט די עלטערן פולע באַריכטן, ווי אַזוי זי לעבט אין דער פרעמד, האָט געהאַט געשריבן, אַז זי האָט געדונגען אַ נייע וווינונג אויף באַראַ־נאָוויטשער שאָסע און צאָלט מיט פופציק קאָפּיקעס אַ חודש טייערער ווי פריער. האָט שלום־עליכם אויפגעכאַפּט דאָס וואָרט „שאָסע" אויף דער מאַניער, ווי די באַראַנאָוויטשער „ליטוואַקעס" באַנוצן עס אין

רוסיש, — אַ מאָל „שאָשע“ און אַ מאָל „שאָשאַ“, אַ מאָל אין לשון זכר און אַ מאָל אין לשון נקבה, — און האָט אַזוי געשריבן:

טייערע מאַרוסי!

היות אַזוי ווי דו האָסט געדונגען אַ נייע וווינונג אויפן שאָשע און צאָלסט שוין טייערער מיט 50 קאָפּיקעס אַ חודש, איז אַ יושר, אַז איך זאָל דיר שוין שרייבן אויף דיין אַדרעס, און אַז דו זאָלסט שוין איבער־געבן די בריוו צו טיסין און בערקאָוויטשן, ניט פּאַרקערט. פון דעסט־וועגן, ליבע מאַרוסי, ווי אַזוי האָסטו עס ביי זיך געפּועלט צו ריזיקירן מיט 50 קאָפּיקעס אַ חודש מער? האָסטו אַ טראַכט געטאָן וועגן דעם, אַז דאָס מאַכט־אויס 6 רובל אַ יאָר, און אין 100 יאָר 600 רובל? איך באַשולדיק דיך חלילה ניט אין אויסברענגעריי, נאָר גלאַט אַזוי, איך דערמאָן דיר, אַז מע דאַרף לעבן מיט רעכענונג. 600 רובל איז דאָך אַ סומע. 100 יאָר וועלן אַוועק ווי — פּפו! און געלט (600) איז אַ קיפּי־טאַל! אמת, וווינען אויפן שאָשע איז אויך עפּעס ווערט. נאָר מיר דאַכט, אַז טיסי וווינט נאָך עד היום אויף דעם זעלבן שאָשע? אָדער דיין שאָשאַ איז אַן אַנדערע? אויב אַזוי — נו, פאַרשטייט זיך, איז גאָר אַ דריטע זאַך.

פון אָט דעם בריוו, דאָס הייסט פון זיין טאָן, קאָנסטו שוין אַרויס־זען, ווי אַזוי איך האַלט מיט מיין געזונט און בכלל. אַ גרוס דיר פון ראָזינען, פון ריססאָן און פון דער דיקער פּרוכטהענדלערין [איטאַליענער פאַרשוינען אין נערווי. — י. ד. ב.]. איר וואָג איז 132 קילאָ (פאַר־אַיאָרן איז געווען 114). נו, גיב דאָרט אַ קוש טאַמורקען אין פּיסקל.

פּאַפּאַ.

דערהויפּט האָט זיך די שטימונג ביי שלום־עליכמען יענע טעג געהויבן צוליב אַ פאַמיליען־שמחה: די צווייטע טאָכטער, ליאַלי, האָט חתונה געהאַט מיט איר אויסדערוויילטן מיכאל קויפּמאַן. ליאַלי איז אין שלום־עליכמס הויז געווען אויסגעצייכנט דערמיט, וואָס מער פון אַלע קינדער האָט זי פונעם פאָטער גערשנט זיין כאַראַקטער און אַ גרויסן טייל פון זיינע באַגאַבטע אייגנשאַפטן. פונקט ווי דער פאָטער, איז זי געבענטשט געוואָרן מיט אַ פריילעכן, קינסטלעריש־שפּילעוודיקן געמיט,

און פונקט ווי ביי אים, זענען איר טריט אין לעבן פון דער סאַמע קינדהייט געווען לייכטע, גיכע, פּאַראויס־שטרעבנדיקע, געוואַגט־טעטיקע, ווי געפירט פון אַ באַהאַלטענעם, טיף־גלויביקן אָפּטימיסטישן אינסטינקט. אין שטוב, צווישן די קינדער, האָט זי גאַנץ אָפט געשפּילט די זעלבע ראָל, וואָס דער פאָטער: אויך אַרום איר איז שטענדיק געווען פריילעך, און פון אירע פלינקע, טרעפנדיקע באַמערקונגען האָבן די געלעכטערן פאַרהילכט די לופט. זי האָט זיך אָבער ניט באַגרענעצט מיטן ענגן, היימישן הומאָר — שוין אין די גימנאַזיע־יאָרן האָט זי אַרויסבאַוויזן אַ שטאַרקע נייגונג צום שרייבן. די פעדער איז ביי איר שוין דעמאָלט געווען אַזאַ לייכטע, ווי ביים פאָטער, דער סטיל (אין רוסיש) — אַן אייגנאַרטיקער, אַ בליצנדיקער, רייך מיט הומאָריסטישע אײַנפאַלן און איבערראַשונגען פון דעם עכטן מין. עס האָט איר נאָר געפעלט איין זאַך, וואָס האָט דעם פאָטער אַרויפגעפירט אויפן הויכן שעפערישן וועג: די אײַנגעוואָרצלטקייט אין אַן אייגענעם פאָלקסבאָדן, פון וועלכן עכטע הומאָריסטן ציען זייער זאַפט, די וואַרעמקייט פון אַן אייגענער פאָלקס־אַטמאָספער, אָן וועלכער ניט אַלע געבוירענע טאַלאַנטן קאָנען זיך רעכט צעבליען און צעוואַקסן. דאָס, וואָס דאָס עכטע, פולקערנדיקע יידישע לעבן אינעם אָרעמען פערעיאַסלאַוו האָט געגעבן שלום־עליכמען — דאָס האָט דער נאָכגעמאַכטער, שאָלעכצדיקער, רוסיפיצירטער לעבנסשטייגער אינעם רייכן קיעוו זיין טאָכטער ניט געקאָנט געבן. זי האָט געירשנט פונעם פאָטער זיינע סוביעקטיווע באַגאַבטע אייגנשאַפטן; ס׳איז איר אָבער ניט איבערגעגעבן געוואָרן דער גרויסער רייכער אָביעקט, אין וועלכן דער פאָטער האָט באַהעפט זיין שאַפערישן טאַלאַנט — דאָס לעבעדיקע פאָלק. איר דראַנג צו אַנטפּלעקונג האָט דערוויילל, אין די ערשטע יאָרן, געפונען אַ שמאָלן וועג אין שרייבן מייסטערהאַפטע הומאָריסטישע בריוו צו יעדן באַקאַנטן, וועמען עס האָט זיי נאָר געוואָלט לייענען. אין דער קונסט פון שרייבן בריוו האָט זי זיך אַרויסבאַוויזן ווי אַ פולבאַרעכטיקטער יורש פון איר פאָטער.

שלום־עליכם האָט אין האַרצן געשטאָלצירט מיט ליאַליס ליטעראַרישער באַגאַבטקייט, ווי יעדער פאָטער, וואָס געפינט אין זיין קינד אַן

אָפּשפּיגלונג פון זיך אַליין. ער האָט זי אויך וויפיל מאָל אויפגעמונטערט צו אַרבעט. באַזונדערס האָט זיך אים געוואָלט, זי זאָל זיך נעמען פאַר דער רוסישער איבערזעצונג פון זיינע ווערק. „איך בין זיכער, — האָט ער איר איינמאָל געשריבן אין אַ בריוו, — אַז קיינער וועט מיך ניט אַזוי איבערזעצן, ווי דו". און ווירקלעך, אַז ליאַלי האָט נאָכן פאָטערס טויט איבערגעזעצט אויף רוסיש זיין בוך „פונעם יאַריד" און אַ באַנד „יידישע קינדער", איז דאָס געווען, לויטן לעבעדיק־פליסנדיקן סטיל און לויט דער עכטקייט פונעם הומאָריסטישן טאָן, די סאַמע באָענטע איבערזעצונג צום אָריגינאַל און האָט אַריבערגעשטיגן אַלע פריערדיקע רוסישע איבערזעצונגען פון שלום־עליכמס ווערק. און ערשט דעמאָלט האָט זי זיך מיישב געווען און אָנגעהויבן שרייבן אויך אירע אייגענע זאַכן פאַר דער עפנטלעכקייט.

ליאַליס חתן, מיכאל קויפמאַן, איז נאָך פון קיעוו געווען באַקאַנט מיט שלום־עליכמס הויז און די לעצטע עטלעכע יאָר געווען פאַררעכנט פאַר אַ צוקינפטיקן מיטגליד פון דער פאַמיליע. אַליין אַ זון פון רייכע חסידישע עלטערן פון בעסאַראַביע, האָט ער אין די קינדערשע יאָרן זיך אָנגעזעטיקט מיט יידישע לימודים, מיט תלמוד און פוסקים, און שפּעטער זיך צוגעכאַפּט מיט גרויס חשק צו וועלטלעכער בילדונג. זיינע אויסגעצייכנטע פעאיקייטן און זיינע נייגונגען צו ליטעראַטור האָבן אים גיך געפירט צו רוסיש שרייבן, און ער האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין דער קישינעווער און אָדעסער רוסישער פּרעסע מיט לידער און פעליעטאָנען אונטערן פּסעוודאָנים „מיקאַעלאַ". עס איז דעמאָלט געווען די צייט, ווען אין קישינעוו האָט געבושעוועט דער באַרימטער יידנפרעסער קרושעוואַן, דער הויפּט־העצער צום קישינעווער פּאָגראָם, — האָט אַ יונגער יידישער פעליעטאָניסט דאָרט געהאַט אַ גוטן ציל, וווהין צו שיקן שאַרפע פיילן.

נאָר מיט שרייבן פעליעטאָנען אַליין האָט זיך דער יונגער „מיקאַעלאַ" ניט געוואָלט באַגנוגענען. ער האָט געשטרעבט צו השלמה און געהאַט בדעה צו פאָרן אין בערלינער אוניווערסיטעט שטודירן מעדיצין. דערצו האָט מען באַדאַרפט פריער שטעלן זיך צום עקזאַמען אין אַ רוסישער

גימנאַזיע און באַקומען אַן „אַטטעסטאַט זריעלאָסטי״ (אַ „צייגניש אויף רייפקייט״ — אַ גימנאַזיע־דיפלאָם). ביי חתן־כלה איז שוין געווען אָפּ־גערעדט, אַז גלייך נאָכן אויסהאַלטן דעם עקזאַמען וועלן זיי חתונה האָבן און פאָרן ביידע אין בערלין. האַלטן עקזאַמען אין אַ רוסישער גימנאַזיע איז אָבער פאַר יידישע יונגעלייט יענע טעג געווען ניט פון די לייכטע זאַכן. דאָס פּראָבלעם פון בילדונג איז בכלל געווען איינס פון די פיינלעכסטע פּראָבלעמען ביים רוסישן יידנטום. די שוואַרצע רעאַקציע אין רוסלאַנד האָט דורך פאַרשיידענע מיניסטערישע „ציר־קולאַרן״ פאַרשטעלט דעם וועג פאַר דער יידישער יוגנט צו די מיטלע און העכערע שולן. דערהויפּט איז שווער געווען דער צוטריט צו דער קישינעווער גימנאַזיע, ווו קרושעוואַנס השפעה האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן. עס האָבן זיך אַזוי אַוועקגעצויגן חדשים נאָך חדשים, און ליאַליס חתונה איז אַלץ אָפּגעלייגט געוואָרן. ענדלעך איז געשען אַ נס, מע האָט מיקאַעלאַן צוגעלאָזט צום עקזאַמען (קרושעוואַן איז שוין דעמאָלט געווען טויט), וועלכן ער האָט בשלום אויסגעהאַלטן. די שמחה איז געווען גרויס, און שלום־עליכם האָט זיין צוקינפטיקן איידעם באַגריסט מיט אַזאַ בריוו אין רוסיש:

„טייערער מיקאַעלאַ!

„אַלזאָ, די לאַנג־געגאַרטע און שטאַרק־געווונטשטע „רייפקייט״ איז ביי אייך אין די הענט. איך גראַטוליר אייך. נאָר ווי אַזוי, אַשטייגער, איז דאָס אים, נעבאַך? קערט ער זיך ניט איבער אין קבר הונדערט מאָל אַ טאָג פון מאַכטלאָזן צאָרן, שיפּעט ניט זיין נשמה אויף יענער וועלט, ווי אַ שלאַנג, בלויז ביי דעם איין באַוווסטזיין, אַז דער סאַמע ערגסטער שונא זיינער אויף דער וועלט האָט טאַקע זוכה געווען, אויף צו־להכעיס אַלע צירקולאַרן, אַוועקשטעלן זיך ביים ברונעם פון בילדונג? פון וועמען רעד איך דאָ? פאַרשטייט זיך, פון קרושעוואַנען. איך גראַטור־ליר אייך נאָך אַ מאָל און באַדויער, וואָס איך קאָן דאָס טאָן נאָר דורך אַ בריוו, ניט פּערזענלעך. נאָך מער באַדויער איך, וואָס איך וועל ניט קאָנען פּערזענלעך גראַטולירן און אַרומנעמען אייך מיט ליאַלין אין דעם טאָג פון אייער חתונה. איך וועל ניט קאָנען, ווייל איך בין נאָך

אַלץ אַ פּאַציענט, הגם מיט ליכטיקע האָפענונגען אויף אַ פולשטענדיקן געזונט־ווערן. אַ סך מאריך זיין לאָזט מען ניט. אַלץ מחמת דעם.

איך נעם אַייך אַרום און בענטש אַייך און קוש אַייך.

ש. עליכם.

די חתונה איז באַשטימט געוואָרן אויפן 26טן נאָוועמבער אין זשמערינקע, ווהין עס זענען זיך צוזאַמענגעפאָרן דעם חתנס עלטערן פון בעסאַראַביע און דער כלהס מוטער פון איטאַליע. שלום־עליכם איז פאַרבליבן אין נערווי מיט עמאַן און נומאַן און איז געווען יענע טעג יום־טובדיק אויפגערודערט. ער האָט אונדז אין יעדן בריוו דערמאָנט, מיר זאָלן ניט פאַרגעסן שיקן צו דער חתונה אַ באַגריסונגס־טעלעגראַמע מיט אַלעמענס אונטערשריפטן. און אַליין האָט ער געשריבן צו ליאַלין ערב דער חתונה אָט דעם בריוו:

ליאַליוק!

ס׳איז אין גאַנצן דריי טעג געבליבן ביז דיין אַרויסגיין אין טיראַזש *. סע וואָלט געווען ניט שלעכט, ווען עס ווערט מקויים כאָטש אַ הונדערט־חלק פון די ברכות, וואָס איך ווינטש דיר און דיין אויסדערוויילטן. נעמט אָןביידע צו עטלעכע קושן פונעם

פּאַפּאַ.

פ. ס. — ס׳איז פאַראַן ביי אונדז אַן אַלטער מנהג — צו דערמאָנען און מזכיר נשמות זיין די אַוועקגעגאַנגענע אין דער אייביקייט אין די פייערלעכסטע מאָמענטן פון אונדזער לעבן. „מעמענטאָ מאָרי״ [געדענק דעם טויט״] — אַ גוטער מנהג. דאָס ווירקט דערוויכנד אויפן האַרצן און אויף דער נשמה. אויב אָט דער בריוו וועט דערגיין צו דיר אין דעם טאָג פון דיין חופה, וואָלסטו באַדאַרפט דערמאָנען די באַבושקאַ,

* „אַרויסגיין אין טיראַזש״ איז אַ ספּעציעלער טערמין, וואָס ווערט געברויכט ביי לאָטעריע־בילעטן, וועלכע פאַלן אַרויס פון דער אַלגעמיינער ליסט. חתונה האָבן פאַר אַ מאַן הייסט אויף רוסיש אַרויסגיין פאַר אַ מאַן („וויכאָדיט זאַמוזש״) — אַזוי, אַז דאָ באַקומט זיך אַ הומאָריסטיש וואָרטשפּיל.

וועלכע האָט זיך אַ סך מקריב געווען פאַר אונדז אַלעמען. און נאָכדעם — לאָמיר זיך פרייען און לאָמיר לעבן.

דעם טאָג פון דער טאָכטערס חתונה האָט שלום־עליכם געפראַוועט אין נערווי אויף אַ באַזונדערן פייערלעך־פריילעכן אופן. ער האָט איינגעלאַדן צו זיך געסט, געגעבן פאַר זיי אַ הומאָריסטישן קאָנצערט, וואָס ער האָט אָנגערופן „ליאַליס קאָנצערט". אין דעם קאָנצערט האָבן זיך באַטייליקט היימישע קרעפטן: דער קליינער נומאַ האָט געזונגען די אַריע „לאַך, דו פּאַיאַץ", דער שריפטשטעלער ז. י. אָנכי האָט פאָר־געלייענט זיין „רב אבא", אַ כאָר האָט געזונגען יידישע פאָלקס־לידער, און שלום־עליכם אַליין האָט באַגלייט די זינגער אויפן ראָיאַל. ער האָט אונדז צוגעשיקט דאָס פראָגראַם פונעם „קאָנצערט" און דערביי געשריבן: „איר האָט באַדאַרפט אַ קוק טאָן אויף מיר אין דער מינוט. אַ פראַק, אַ ווייסער שניפּס. און נומטשיק? און עמאַ? און די בלומען, וואָס אין שטוב? און די געסט?" און פאַרענדיקט דעם בריוו האָט ער אין פריילעך־באַרוישטן טאָן: „אַלצדינג, אַלצדינג איז גוט".

אויף מאָרגן נאָך דער חתונה האָט ער אונדז געשריבן מיט זיין פיינעם היימיש־אינטימען הומאָר:

„ענדלעך האָט ליאַלי טאַקע חתונה געהאַט. אָדער דאָס איז אַ חלום? ס'איז אָבער איינגענעם, אַפילו אויב דאָס איז אַ חלום"...

רייכער געוואָרן מיט נאָך אַן איידעם, האָט שלום־עליכם אים גלייך גענומען „עקספּלואַטירן" אויף זיין שטייגער: אַזוי ווי אַ היפּשער טייל פון די „בלאָנזענדע שטערן" האָט זיך באַדאַרפט אָפּשפּילן אין אַ בעסאַ־ראַבישן שטעטל, ביי דער רומענישער גרענעץ, און מיכאל קויפמאַן איז גראָד געבוירן און אויפגעצויגן געוואָרן אין בעסאַראַביע, אויך ביי דער רומענישער גרענעץ, — איז דאָס געווען ווי באַשערט. האָט ער אים אָנגעהויבן אויספאָרשן אין בריוו וועגן ספּעציפישע בעסאַראַבישע פאָלקסווערטלעך און קללות, נעמען און צונעמענישן, וואָס זענען אים נייטיק געווען פאַרן ראָמאַן. אויף אַזאַ פאָלקלאָריסטישן שטאָף איז שלום־עליכם געווען אַ גרויסער פעדאַנט און אַ זעלטענער איבערקלייבער —

דער שטאָף האָט געמוזט זיין עכט און פּינקטלעך צוגעפּאַסט צום ענין. האָט זיך ביי אים מיטן נייעם איידעם פאַרבונדן אַ הייסע קאָרעספּאָנדענץ. אין דעם ראָמאַן האָט אויך געשפּילט אַ ראָלע אַ בעסאַראַבישער הונט — זענען וועגן דעם הונט געלאָפן בריוו און טעלעגראַמעס הין און צוריק, ביז ס'איז באַשטימט געוואָרן זיין אמתער נאָמען אויף מאָלדאַוואַניש: „טערקוש"...

## ב

# די יידישע פּרעסע אין וואַרשע

פון באַראַנאָוויטש זענען מיר אַריבערגעפאָרן, צוזאַמען מיט שלום־עליכמס יינגסטער טאָכטער מאַרוסי, קיין וואַרשע, ווו ספּעקטאָר, נאָך זייענדיק אין סט. בלאַזיען, האָט מיר געהאַט צוגעזאָגט צו געבן אַ פּלאַץ אין דער רעדאַקציע פון זיין נייער צייטונג.

איך בין צוריק אַריינגעפאַלן אין דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט, צו וועלכער עס האָט מיך אַזוי שטאַרק געצויגן די גאַנצע צייט פון מיינע וואַנדערונגען מיט שלום־עליכמען איבער פרעמדע לענדער. נאָר געטראָפן האָב איך אַצינד אין וואַרשע ניט דאָס, וואָס איך האָב טייער געהאַלטן אין זכרון פון מיינע ערשטע אָנפאַנגער־יאָרן — איך האָב דאָ דערזען פאַר זיך עפּעס ווי אַן אומגעביטענע וועלט מיט אַ נייעם, פרעמדן קאָך. אייגנטלעך, פון אויבן־אויף איז דאָס געווען די זעלבע וועלט מיט די זעלבע מענטשן, וואָס איך האָב דאָ געקענט מיט פינף־זעקס יאָר צוריק און וואָס זענען פאַר דער דאָזיקער צייט, דאַכט זיך, אַפילו ניט עלטער געוואָרן. דער זעלבער ליטעראַרישער צוזאַמענגאַנגס־פונקט ביי פּרצן אין הויז אויף צעגליאַנאַ נומער איינס, מיטן זעלבן מעשענעם העברעאישן בלעטל אויף דער טיר, מיטן ליכטיק־שטראַלנדיקן, אַלץ פאַרשטייענדיקן פּרץ־פּנים, פון וועלכן עס אָטעמט מיט ברייטער פריצישער יום־טוב־דיקייט, מיט דער גאַסטפריינדלעכער קיילעכיקער סאָפקע אין דעם ציכטיקן אַרבעטס־צימער, און אַפילו מיט די זעלבע בילדער און גראַוורעס אויף די ווענט, אויסגעהאַנגען אין דעם זעלבן אַלטן סדר. די זעלבע ליטעראַרישע סטאַנציע ביי דינעזאָנען אין דעם אַלט־בחורשן צימער אויף דזיעלנאַ נומער פופצן, מיטן חושכדיקן קוילן־שפייכלער אינעם ברודיקן הויף, וואָס אַז איר גייט אַרויף אויף די אַלטע הילצערנע טרעפּ און קלאַפּט־אָן אין דער גוט־באַקאַנטער טיר מיט די סך אַיינגעשמידטע

קליאַמקעס און פעטליעס פאַר אַלערליי שלעסער, דערהערט איר ווידער דעם פאַר־פינף־יאָריקן אַלטן סקריפּ פון אַן אָפּגערוקטן שטול איבער דער פּאָדלאָגע, און עס באַווייזט זיך ווידער פאַר אייך די קליינע שטייפע פיגור פון דעם „פעטער דינעזאָן", מיטן קליינעם גוטן שטייפן געזיכט, וואָס איז שטייף מחמת איבערגעפאַקטער גוטסקייט, פול מיט זיסן גענאָד, ווי אַ פולער לאָגל מיט זיסן וויין. אויך פרישמאַן איז גע־בליבן דער זעלבער: ער עפנט אייך די טיר פון זיין וווינונג, פונקט ווי פאַר־פינף־יאָרן, מיטן זעלבן אַפּאַטיש־צעקאָשמעטן קאָפּ און מיט דער זעלבער צעקייטער שמעקנדיקער ציגאַר צווישן די פינגער, שטייט פאַר אייך אין היימיש־פאַרקלענערטן, אָפּגעלאָזענעם ווּקס, פירט אייך אַריין צו זיך אין קאַבינעט מיט די פולע שאַפעס דייטשע ביכער, רעדט שטיל, לאַנגזאַם־ביטערלעך. דייטשמעריש־פאַרנעבלט, באַטאָנט נאָר שאַרף די קלוגע, וויציקע, בייסנדיקע ווערטער, לאַכט מיט בליצנדיקע ווייסע ציין פון אונטער שוואַרץ־געפאַרבטע וואָנצעס, לאַכט — און די אויגן קוקן טרויעריק, און איר זיצט און האָרכט און טראַכט דערביי, אַז קיין זאַך האָט זיך פאַר די פינף יאָר ניט געענדערט, אַז אָט איז ער נאָך אַלץ דער סאַמע איינזאַמער צווישן יידישע שרייבער...

קיין זאַך, דאַכט זיך, האָט זיך ניט געענדערט — און פון דעסטוועגן בין איך עטלעכע וואָכן אומגעגאַנגען איבער די וואַרשעווער גאַסן מיט אַ נאָגנדיקן געפיל, ווי איינער, וואָס האָט עפּעס פאַרלאָרן. איך האָב געזוכט דעם אָפּקלאַנג פון מיינע ערשטע באַרוישטע אָנפאַנגער־טעג, וואָס האָבן ביז אַהער נאָך געגליט אין מיין זכרון מיט אַלע צאַרטע שטראַלן פון באַגינען, — און האָב עס דאָ שוין מער ניט געפונען. אפשר איז דאָס געווען דערפאַר, ווייל אָנגעפאַנגען האָב איך אין דער העב־רעאישער ליטעראַטור, בעת וואַרשע איז געווען איר בליענדיקער צענטער. דעמאָלט איז דאָ אַרויסגעגאַנגען דער טעגלעכער „הצופה", די בעסטע מאָדערנע צייטונג, וואָס העברעאיש האָט פאַרמאָגט, און אויף איר קוקנדיק, האָט זיך אָנגענומען מיט יונגע כוחות אויך די אַלטע „הצפירה", אונטער דער לייטונג פון איר טראַנספאָרמיר־פּעאיקן, אייביק־יונגן רע־דאַקטאָר נחום סאָקאָלאָוו. עס האָט דאָ אויך פונקציאָנירט דער ריינער,

ערנסטער ביכער־פֿאַרלאַג „אחיאסף“ — ריין און ערנסט דורך דער ווייטער, נאָר שטרענגער השגחה פֿון אחד־העם. פּרישמאַן האָט מיט אייגענע מיטלען נאָך פֿאַרגעזעצט דעם הויך־ליטעראַרישן וועכנטלעכן „הדור“. ביאַליק און קלויזנער האָבן אָפּגעפּרישט און לייכט געמאַכט דעם שווערלעכן, אָפּגעהיטן מאָנאַטלעכן „השילוח“, וואָס האָט יענע טעג צוגעצויגן צו זיך די גאַנצע געדיכט־אויפגעגאַנגענע משפּחה פֿון יונגע העברעאישע דיכטער און דערציילער. אַפילו פּרץ האָט זיך געהאַט אָנגע־צונדן מיטן העברעאישן ברען, געשריבן וועכנטלעכע פעליעטאָנען אינעם „הצופה“, און זיין „גאָלדענע קייט“ לכתחילה אַרויסגעבראַכט אויף העב־רעאיש (געדרוקט אין „השילוח“, אונטערן טיטל „חורבן בית צדיק“). אַפילו נאָמבערג האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר אַ העברעאישן שרייבער, און אַחוץ וואָס ער האָט רעדאַקטירט דעם „הצופה“, האָט ער אָפּט אויך זיינע דערציילונגען געשריבן אין העברעאיש. און פּרצעס „ליטעראַרישע דאָנערשטאָגן“ — די פלעגן אין יענעם פּעריאָד באַזוכט ווערן כמעט דורכאויס פֿון העברעאישע שרייבער. עס האָט זיך אונדז געדאַכט, אַז ס'איז ערשט אַן אָנהייב פון עפּעס גרויסעס, אונדזער יונגער אָנהייב...

און אָט זענען אַוועק סך־הכל פינף יאָר — און אַלצדינג איז ווי אָפּגעווישט געוואָרן דורך אַ פאַרבאָרגענער האַנט. דער „הצופה“ האָט זיך שוין לאַנג פאַרמאַכט, דער „אחיאסף“ איז אומבאַמערקט נעלם גע־וואָרן, דער „השילוח“ האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט זיינע רע־דאַקטאָרן קיין אָדעס. פון דעם גאַנצן העברעאישן אויפבלי אין וואַרשע האָט דאָ איצט געטריקנט, ווי אַ פאַרגעסענער, ניט־באַוואַסערטער פלאַנץ, נאָר איין „הצפירה“ — שוין אָן איר רעדאַקטאָר סאָקאָלאָוו, וואָס איז אַריבערגעפאָרן קיין קעלן, אין דער ציוניסטישער עקזעקוטיווע. עס איז נאָך אויך פאַרבליבן דער פאַרלאַג „תושיה“, וואָס האָט זיך אָבער איצט אָפּגעגעבן מער מיט לער־ביכער, ווי מיט ליטעראַטור. דעם אָרט פון דער העברעאישער ליטעראַטור האָט פלינק פאַרנומען איר יינגערע שוועס־טער — די יידישע. עס האָבן גיך אָנגעהויבן שפּראָצן, איינער נאָכן אַנדערן, יידישע פאַרלאַגן מיט אַ סוחרישן אויסקוק אויף גוטע פאַר־דינסטן. עס איז אויסגעוואַקסן אַ יידישע טעגלעכע פרעסע, וואָס האָט

צוגעצויגן צו זיך ניט נאָר דעםברייטן יידיש־לייענענדיקן עולם, נאָר האָט אויך ביסלעכווייז אַוועקגעריסן פון העברעאיש דעם באַלעבאַטיש־משכילישן לייענער. העברעאישע שרייבער, די וואָס האָבן געלעבט פון דער פען, זענען טיילווייז אַריבער צו יידיש, און אפילו פרישמאַן, דער שיינענדיקער שטערן פון דער העברעאישער ליטעראַטור, וואָס האָט ערשט מיט אַ יאָר צוריק געמאַכט דעם לעצטן פרווו אַרויסצוגעבן אין וואַרשע אַ טעגלעכע העברעאישע צייטונג (דעם „הבוקר") און געפּטרט אויף איר אַ היפשן טייל פון זיין שוועררס פאַרמעגן, — האָט זיך איצט אָנגעברוגזט אויף העברעאיש און איז אַריינגעטראָטן אַלס פעליעטאָ־ניסט אין יאַצקאַנס „היינט", אויף וואָס די פאַרבליבענע געטרייע העברעער אין וואַרשע האָבן הילפלאָז געזיפצט.

דאָס איז געווען פאַר מיר אַ נייע, אַ פרעמדע וועלט, מיט וועלכער מיינע שרייבערשע יוגנט־חלומות און יוגנט־איבערלעבונגען זענען ניט געווען פאַרבונדן. נאָר מער פון אַלץ האָט מיר אויסגעזען פרעמד אין וואַרשע, אין דעם צענטער פון יידיש־ליטעראַרישע האָפענונגען, די ביי־אויפגעקומענע יידישע פרעסע, וואָס האָט געשראָקן מיט גייסטיקער גע־פאַלנקייט. דריי צייטונגען זענען שוין דאָ געווען, — אַחוץ דעם „פריינד", וואָס האָט געהאַלטן ביי אַריבערקלייבן זיך אַהער צום נייעם יאָר 1910 פון פעטערבורג, — און אַלע דריי צוזאַמען האָבן געמאַכט זייער אַ טרויע־ריקן איינדרוק. נאָך דעם גוטן אינטעליגענטן טאָן, מיט וועלכן עס האָט זיך שטענדיק אויסגעצייכנט „דער פריינד", און נאָך דער יידיש־אידעאַליסטישער אַטמאָספערע, וואָס די העברעאישע צייטונגען האָבן אַרום זיך תמיד געשאַפן, ווי אָרעם זיי האָבן ניט אויסגעזען אין ליטע־ראַריש־זשורנאַליסטישן זינען, — איז די נייע וואַרשעווער פרעסע געווען אַ גרויסע ירידה פאַר דער יידישער עפנטלעכקייט אין רוסלאַנד. דאָס זענען געווען וויסטע באַשעפענישן, צייטונגען אָן אַ שום אידעאַל, וואָס זאָל באַאיינפלוסן און באַלעבן דעם לייענער, און אָן אַ שום העכערער אַמביציע. דער איינציקער אידעאַל איז געווען פרנסה, און די איינציקע אַמביציע — וואָס מער לייענער צו פאַרנאַרן צו זיך, ווי קרום די וועגן זאָלן ניט זיין. אין גיכן נאָכן אומוויסנדיקן פינצטערן לייענער האָט זיך

צעפלאַקערט אַ וויסטע קאָנקורענץ צווישן די דאָזיקע צייטונגען. מע האָט דעם לייענער געזוכט צו פּאַקן ניט נאָר מיט שונד־ראָמאַנען פון דעם ערגסטן מין, נאָר אויך מיט נידעריקן פינצטערן טאָן, וואָס האָט געזאָלט צעשטערן דעם פּראָגרעסיוון גייסט, פון וועלכן עס איז געווען באַהערשט דאָס וועלטלעך־יידישע וואָרט זינט זיינע ערשטע טעג. די צייטונגען זענען אַרויסגעגאַנגען אין וואַרשע, אינעם סאַמע האַרץ פון דעם גוט־יידישן „איטשע־מאַיערישן" חסידנטום, — האָט מען זיך אַ קער געטאָן מיטן פּנים צו די וואַרשעווער און פּראַגער חסידישע שטיבלעך, זיך אַרונטערגעלאָזט נידעריק צו זייערע השגות און גלויבונגען, געחנפעט און געליגנערט זיי אויף אַ געקינצלטער כניאָקישער שפּראַך, מיט אַלע תנועות און העויות פון דעם חסידיש־פּליאַסקעדריגישן סטיל. אין דער רייכער „שטיבלדיקער" כראָניק, וואָס די צייטונגען האָבן איינגעפירט, האָט זיך צעשפּילט אַ היפּשע וואַקכאַנאַליע. יעדע צייטונג האָט זיך געפּלייסט אַריבערצושטייגן די אַנדערע מיט איר פאַלש־פרום־פאַרדבקהטן לשון. אַ חסידישער רבי איז באַטיטלט געוואָרן ניט אַנדערש ווי אדמו״ר (אדוננו מורנו ורבנו), און אַז אַ „גוטער ייד" איז געשטאָרבן, האָבן די אַפּיקורסישע שרייבער זיך צעגאָסן אין ציניישע הספּדים. אויב איין צייטונג האָט דעם נפטרס נאָמען געהייליקט מיט ז״ל (זכרונו לברכה), האָט אים אַ צווייטע צייטונג דערהויבן ביז זצ״ל (זכר צדיק לברכה), האָט זיך מיישב געווען אַ דריטע און האָט זיי ביידן אַריבערגעשמיסן מיט זצוק״ל (זכר צדיק וקדוש לברכה)... אין דעם ענין פון „פרומקייט" האָבן די וואַרשעווער צייטונגען מיט איין שפּרונג אַריבערגעיאָגט דאָס ניו־יאָרקער „טאַגעבלאַט".

דער סאַמע געשיקטער און סאַמע פּעאיקער פון זיי איז געווען יענע טעג דער „היינט"; אַחוץ אַלע זאַכן, האָט ער פּשוט געהאַט אויף וועמען אָנצושפּאַרן זיך: צווישן זיינע מיטאַרבעטער האָט זיך געפונען דער באמת רעליגיעז־געשטימטער הלל צייטלין, וועלכער איז געקומען צו חסידישער פרומקייט דורך אַן אינערלעכן זעלישן איבערבראָך. נאָכן „היינט" האָט אומגעלומפּערט נאָכגעטאָנצט דער עם־הארצישער „אונזער לעבן". און צווישן זיי ביידע איז געשטאַנען אַ צעטומלטע, אַ פאַר־

לאָרענע, „די נייע וועלט״. ספעקטאָרס ערלעכע נאַטור און זיין טיפער רעספעקט פאַרן געדרוקטן וואָרט וואָלט אַזאַ פאַלשקייט ניט געקאָנט פאַרטראָגן; ער איז אָבער אין זיין צייטונג געווען ניט דער איינציקער בעל־דעה.

אין דער „נייער וועלט״ בין איך אַריינגעטראָטן אויף אַ גאַנץ בכבודי־קער שטעלע מיט אַ בכבודיקן געהאַלט, לויט די באַגריפן פון יענער צייט, נאָר אין וואָס עס האָט געזאָלט באַשטיין מיין ספּעציעלע אויפגאַבע אין דער צייטונג — דאָס איז פאַר מיר געווען ניט אינגאַנצן קלאָר. ספעקטאָר האָט מיר נאָר געזאָגט, אַז איך באַדאַרף אים אַרויסהעלפן אין זיין רעדאַקטאָרשער אַרבעט, וואָרעם ער אַליין מוז זיך איצט אָפּגעבן מער מיט דער געשעפטלעכער זייט פון דער צייטונג: עס איז מלחמה, אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן — טאָר ער ניט שלאָפן!... אָבער אין וואָס באַשטייט זיין רעדאַקטאָרשע אַרבעט, און ווי אַזוי איך קאָן אים דאָ העלפן — דאָס האָב איך ניט אַרויסגעזען. די צייטונג האָט זיך, אייגנטלעך, געפירט כמעט אָן אַ רעדאַקטאָר. איך בין אָנגעקומען אין אַ צייט, ווען די רעדאַקציע איז שוין געווען פול באַזעצט, און יעדער מיטאַרבעטער האָט געטאָן זיין אַרבעט כמעט אויף זיין אייגענער פאַר־אַנטוואָרטלעכקייט. פון די „אויסגעשטודירטע יונגעלייט״, מיט וועלכע ספעקטאָר האָט זיך פאַר אונדז באַרימט אין סט. בלאַזיען, האָב איך געטראָפן נאָר איינעם אַ געשטודירטן — דאָס איז געווען ד״ר א. קאַפּעל (מוקדוני), וואָס האָט געגעבן אין דער צייטונג די פּאָליטישע איבערזיכט, געשריבן פּובליציסטישע אַרטיקלען און צייטנווייז אויך טעאַטער־רע־צענזיעס. ספעקטאָרס צווייטער ליטעראַרישער שותף, י. ח. זאַגאָראָדסקי, אַ שטילער פאַרטראַכטער מענטש, מיט פאַרזאָרגטע קאָסאָקע אויגן, האָט אויך ניט אַרויסבאַוויזן קיין באַזונדערן רעדאַקטאָרשן ברען; ער האָט נאָר שטיל און פלייסיק געטאָן זיין זשורנאַליסטישע אַרבעט, ווי ער איז מסתמא געוווינט געווען צו טאָן, בשעת ער איז געווען יאָרנלאַנג אַ מיטאַרבעטער אין דער „הצפירה״. צווישן די ייִנגערע, נאָך אומבאַ־קאַנטע מיטאַרבעטער האָט זיך אומגעדרייט אין דער רעדאַקציע אַ חסי־דיש בחורל אין אַ חסידישן היטעלע און אין אַ שמאָלער לאַנגער קאַפּאָטע

ביז דער ערד, מיט אַן אויסגעשאָטענעם בלאָנדן פּוך אויף די יינגלשע שעמעוודיקע באַקן. ביים שרייבן פלעגט ער זיך שטאַרק שאָקלען איבערן טיש, קנאַקן מיט די פינגער און צוזינגען אַ גמרא־ניגון. דאָס איז געווען דער, וואָס האָט צוגעשטעלט פאַר דער צייטונג דעם חסידיש־גוט־יידישן שטאָף. „אויב שוין יאָ פראַווען אין אַ יידישער צייטונג חסידישע שטיק, — האָט ספּעקטאָר געזאָגט, — זאָל כאָטש זיין עכט"... ספּעקטאָר האָט זיך פאַר מיר באַרימט, אַז ער האָט אַ שאַרף אויג און זאָגט נביאות אויפן חסידישן בחורל, אַז פון אים וועט אַרויס אַ „כלי". און זיין נביאות איז גיך מקוים געוואָרן. גאָר אין אַ קורצער צייט האָט דער דאָזיקער חסידי־שער יונגערמאַן, אונטערן פּסעוודאָנים ב. יאושזאָן, זיך געשאַפן אין דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע אַ גרויסע פּאָפּולאַריטעט ביים חסידישן עולם מיט זיינע „פּאָליטישע" פעליעטאָנען, געשריבן אין דעם ספּעציעלן בית־מדרש־לשון, אויף וועלכן עס שמועסן זיך אויס וועגן פּאָליטיק הינטערן אויוון די באַוווסטע „חכמי הלעזשאַנקע". זיין פּאָפּולאַריטעט איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז צייטונגען האָבן זיך איבער אים געשלאָגן, אים אויסגעכאַפּט איינע ביי דער אַנדערער.

וויבאַלד מע האָט מיר ניט דיקטירט, וואָס איך דאַרף טאָן, האָב איך מיר אַליין באַשטימט מיין אַרבעט, געפירט אַ וועכנטלעכע איבער־זיכט איבער יידישע ענינים, געגעבן אַ מאָל אַ רעצענזיע און אַ מאָל אַ דערציילונג, געשריבן פעליעטאָנען, צווישן זיי אויך אַזעלכע, וואָס זענען געווען געצילט קעגן די דרכים פון דער יידישער פּרעסע, און אַפילו קעגן דער אייגענער „נייער וועלט". ספּעקטאָר האָט זיך אַרויס־באַוויזן ווי אַ זעלטן־גוטער רעדאַקטאָר — אַלצדינג איז פאַר אים געווען גוט. ער האָט זיך נאָר געבעטן, מע זאָל אים ניט דולן אַ קאָפּ מיט דער רעדאַקציע, וואָרעם ער האָט ניט קיין צייט, די האָר ברענען אויף אים, און איז אַרומגעלאָפן אַ פאַרזאָרגטער, אַ פאַרצאָגטער, זיך געסודעט מיטן פאַרוואַלטער, מיט די אַגענטן, עפּעס געשריען אין קאַנטאָר — ס'איז געווען ניט גוט, די צייטונג איז ניט געגאַנגען. עס האָבן אפילו ניט געהאָלפן שלום־עליכמס „בלאָנזענדע שטערן", צו וועלכע מע האָט געמאַכט גרויסע הכנות, אַרויסגעלאָזט די ערשטע קאַפּיטלען אין

אַ באַזונדער העפט, וואָס מע האָט צעטיילט אומזיסט אין הונדערט־פופציק־טויזנט עקזעמפּליאַרן. דעם פּראָווינציעלן עולם אין דער ליטע און אין אוקראַאינע האָט שלום־עליכמס ראָמאַן אַ נעם געטאָן, נאָר דער נייער פּוילישער לייענער, דער „קאַפּאָטניק", איז געווען צוגעזאָגטן צו „בערטען" — צום טריפהן שונד־ראָמאַן, וואָס האָט דעם „היינט" אַזוי פעט געמאַכט. דער פאַרוואַלטער פון דער „נייער וועלט", אַ פּוילישער ייד, אַ משכיל, מיט אַ שוואַרצן פראַנצויזישן בערדל און מיט שוואַרצע דורכגעטריבענע ברענענדיקע אויגן, וואָס האָט געלאָזט הערן זיין דעה אויך אין דער רעדאַקציע, האָט געטענהט, אַז שלום־עליכם איז טאַקע דער גרעסטער שרייבער ביי יידן, און זיין ראָמאַן איז מחיהדיק־זיס, נאָר צו אַ קאַפּיטשקע „זנות" קומט דאָס ניט — אַ יידישע צייטונג היינטיקע יאָרן מוז האָבן אַ קאַפּיטשקע „זנות"... האָט זיך ספּעקטאָר צעשריען אין קאַנטאָר, אַז ער וועט בעסער גיין אויף דער עלטער ליים גראָבן, אַרבעטן טאַטשקע־אַרבעט, נאָר אַזעלכע ווערטער וויל ער אין זיין רעדאַקציע ניט הערן! האָט אים דער דורכגעטריבענער פאַרוואַלטער אָפּגעשיקט צו די אַגענטן — זאָל ער גיין הערן, וואָס די אַגענטן זאָגן. זיי טענהן אויך די אייגענע טענה: כאָטש אַ קאַפּיטשקע „זנות" — זיס צו מאַכן דעם זויערן באָרשט...

מע האָט פאַררופן באַראַטונגען פון דער רעדאַקציע, אין וועלכע עס האָט זיך באַטייליקט אויך דער „קאַפּיטאַליסט" פון דער צייטונג. דער קאַפּיטאַליסט, אַ וואַרשעווער סוחר, וואָס קומט פון וואָלין, אַ נאַאיווער, ערלעכער פאָלקסמענטש, האָט פון „זנות" דווקא ניט געוואָלט הערן. ניט זיין טאַטע, האָט ער געזאָגט, האָט מיט אַזאַ אַרטיקל געהאַנדלט, ניט ער וועט דערמיט האַנדלען. ער האָט געזוכט אַ בכבודיקע פּרנסה און געמאַכט אַ געשעפט מיט אַזעלכע גרויסע מענטשן, ווי ספּעקטאָר און שלום־עליכם — לייגט מען אים פאָר גאָר דאָס!... ער האָט זיך ביי אונדז געבעטן אַזוי: ער איז גרייט זיך אויסצוטאָן פאַר דער צייטונג ביז דער „מאַרינאַרקע" (רעקל) — אָבער די „מאַרינאַרקע" זאָל מען אים כאָטש לאָזן!... און צו מיר איז ער צוגעשטאַנען מיט אַ באַזונדער בקשה: איך בין דאָך אַן אַמעריקאַנער — אפשר קאָן איך אים דער־

קלערן דעם סוד, ווי אַזוי די אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען ווערן וואָס אַ יאָר אַלץ רייכער?...

עס איז געווען אַ פיינלעכע לאַגע. אַלע האָבן געפילט, אַז די צייטונג איז געקומען אויף דער וועלט ניט לאַנג צו פאַרבלייבן. נאָר מער פון אַלעמען איז געווען דערשלאָגן ספעקטאָר. ער איז אַראָפּ פון פנים, אומגעלאָפן ווי אַ דולער, זעלטן געזעסן אין רעדאַקציע, און נאָך זעלטענער געשריבן זיינע אַרטיקלען פאַר דער צייטונג. ער האָט נאָר געטענהט איין זאַך: אַז ס'איז עק וועלט! ספעקטאָר און שלום־עליכם האָבן שוין מער ניט וואָס צו טאָן אין יידישע צייטונגען!...

נאָר פון דעסטוועגן איז ספעקטאָר געבליבן דער גוט־אויפגעלייגטער, געמיטלעכער ספעקטאָר, ווי נאָר ס'איז אונטערגעקומען די שעה פון עסן מיטאָג. איך געדענק אַזאַ עפיזאָד: איינמאָל זענען מיר ביידע געגאַנגען פון דער רעדאַקציע אין דעם „ליטעראַרישן רעסטאָראַן", וואָס טאַקע ספעקטאָר אַליין האָט אים פאָפּולער געמאַכט צווישן די וואַרשעווער שרייבער. אויפן וועג האָט ספעקטאָר זיך געהאַלטן אין איין קאָכן וועגן אַ נייער געשיכטע: דער „היינט" האָט צוגעזאָגט זיינע לייענער צום קומענדיקן יאָר 1910, אַז ער וועט אויסריכטן אויף זיינע הוצאות, על־פּי גורל, אַן עקספּעדיציע פון צוועלף יידן קיין ארץ־ישראל. די דאָזיקע ידיעה האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַציע ביים יידישן עולם. האָט זיך מיישב געווען דער פאַרוואַלטער פון דער „נייער וועלט" און איז אַרויס מיט אַ בעסערן פּלאַן. דהיינו? דער „היינט" וויל זיך איינקויפן ביי דער כנסת־ישראל מיט אַ מצווה, וואָס ער וועט שיקן צוועלף יידן צו דער מוטער רחלס קבר — לייגט ער פאַר אַ גרעסערע מצווה: „די נייע וועלט" וועט צוזאָגן פאַר יידישע טעכטער, אויך על־פּי גורל, צוועלף „נדן־פאַליסן", דאָס הייסט, צוועלף אָרעמע יידישע מיידלעך וועלן באַוואָרנט ווערן דורך אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט מיט נדן און אויסשטייער צו זייער חתונה. איז דאָס ספעקטאָרן שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן: סטייטש, אויף דעם האָט ער געשריבן, ער און שלום־עליכם, פאַרן יידישן לעזער העכער פינף־און־צוואַנציק יאָר, ער זאָל אויף דער עלטער דאַרפן האָבן צו טאָן מיט „הכנסת־כלה" — אויסגעבן

פאַרזועסענע אַלטע מיידן, מיאוסקייטן? גוואַלד, וווהין פירט מען אונדז?!...

און פלוצעם שטעלט ער זיך אָפּ אַן איבערראַשטער, טוט אַ ווייז מיטן שטעקן אויף אַ פענצטער פון אַ דעליקאַטעסן־קראָם, וועלכע מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען, און גיט פריילעך אַ געשריי:

— אָ, אָט איז דאָס!

— וואָס? — פרעג איך אַ פאַרוווּנדערטער פון זיין פלוצעם־גֿעבי־טענעם טאָן.

— מענטש איינער, — זאָגט ער, — איר זעט ניט? קוקט — קערטשער הערינג, פרישע קערטשער הערינג!

געשטאַנען אַ ווײַלע אַ צוגעשמידטער מיט די אויגן — ווי פאַר־גאַפט פון אַ ווונדערלעכער זעאונג — צו אַ קליינעם נייעם פּעסעלע, וואָס האָט אַרויסגעלוּיכטן פונעם פענצטער מיט אַ רוסישער אויפשריפט: „קערטשער הערינג”, — רופט ער זיך אָן צו מיר:

— הערט איר, וואָס איך וועל אײַך זאָגן? לאָמיר, כלעבן, פאַרגעסן די אַלע צרות מיט די שלעק, מיט די צייטונגען, מיט די ראָמאַנען, מיט די נדן־פּאָליסן, מיט די צוועלף אַלטע מיאוסע פאַרזועסענע מיידן — כאַפּט זיי אַלע דער וואַטנמאַכער! לאָמיר בעסער ברענגען אונדזערע ווייבער אין רעסטאָראַן אַ צוויי־דריי קערטשער הערינג — זיי וועלן זיך, אויף מיין וואָרט, מחיה זיין! און טאַקע מיר אַליין וועלן זיך אויך אַ ביסל דערפרישן די הערצער — אַ מענטש לעבט נאָר איין מאָל אויף דער וועלט!...

ג

# דוד פרישמאַן און י. ל. פּרץ

אָנהייב 1910, מיטן אַריבערגיין פונעם פּעטערבורגער „פריינד" אין וואַרשע, איז אין דעם וואַרשעווער ליטעראַריש־זשורנאַליסטישן וועלטל געוואָרן באַזונדער לעבעדיק. אַרום דעם אָפּגעמינטערטן, באַנייטן „פריינד" האָבן זיך פונדאַסניי גרופּירט די בעסטע שרייבער פון דער וואַרשעווער קאָלאָניע, מיט י. ל. פּרצן אין דער שפּיץ; אין דער רעדאַקציע האָט נאָר געפעלט דער גרינדער און הויפּט־רעדאַקטאָר שאול גינזבורג, וואָס איז נאָך מיט אַ יאָר פריער אַרויסגעטראָטן פון דער צייטונג. אין די אינטעליגענטע קרייזן האָט מען שטאַרק געהאָפט, אַז דער „פריינד", געפינענדיק זיך איצט אינעם סאַמע יידישן צענטער, וועט מיט זיין גוטן נאָמען און מיט זיינע גוטע זשורנאַליסטישע טראַדיציעס דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ דעם שונד־גייסט, וואָס האָט זיך ברייט צעלייגט אין דער וואַרשעווער יידישער פּרעסע. דער שונד־גייסט האָט זיך אָבער, ווייזט אויס, ווינציק־וואָס דערשראָקן. אַדרבה, אין אַזאַ צייטונג, ווי דער „היינט", האָט מען מיט אַ תקיפן שמייכל זיך באַרימט, אַז אַפילו „דער הייליקער פריינד" טאַנצט־נאָך דער צייט און גיט נעבאַך דעם לייענער גלייך ביים ערשטן אַרויסטריט אויך אַ ראָמאַן. אמת, דאָס איז געווען דער באַרימטער קלאַסישער ראָמאַן „לע מיזעראַבעל" (די פאַרשטויסענע) פון וויקטאָר הוגאָ, אָבער אין דעם „פריינד" איז ער געגאַנגען אונטער אַ פּאַקנדיקן, כמעט „שונדיסטישן" קעפּל: „דער גיבור אין קייטן". און אַז עס האָט זיך גיך אַרויסבאַוויזן, אַז וויקטאָר הוגאָס קלאַסיש ווערק איז ניט גענוג פאַרן פּוילישן קאַפּאָטע־יידן, האָט מען צום ראָמאַן צו־געגעבן אַ סעריע געשיכטעס, וואָס זענען שוין געווען גאַנץ ווייט פון קלאַסישן כאַראַקטער: וועגן די געליבטע פון יעקאַטערינע דער צווייטער. „וויבאלד אַזוי, — האָט זיך ספּעקטאָר בתמימות געטרייסט, — וואָס

זשע, איך בעט אַייך, איז מיט זיי דער יחוס? איך גיב אין מיין צייטונג אויך צוויי ראָמאַנען: איינעם אַ כשרן, שלום־עליכמס, און איינעם אַ... דאָסיקן. מיר זענען אַלע גוט אין דער ערד — וואָס פרעגט איר!"...

אויך פון דער נייער חסידיש־שטיבלדיקער „אָריענטאַציע", ביי וועלכער די וואַרשעווער פרעסע האָט זיך דעמאָלט געהאַלטן, איז „דער פריינד" ניט אָפּגעשטאַנען. גראָד אַרום יענער צייט איז געשטאָרבן אַ באַרימטער פוילישער „גוטער ייד", — האָט אויך „דער פריינד" געלאָזט הערן זיין שטים אין דעם אַלגעמיינעם פאַלש־פאַרדבקהטן כאָר פון דער יידישער פרעסע. ס'איז געווען אַ צער צו קוקן, ווי אַזוי דער אַלטער „פריינד", וואָס איז דערצויגן געוואָרן אויפן ערלעכן נוסח פון די ערנסטע רוסישע צייטונגען, ברעכט זיך די צונג אויף דער נייער פאַרקרימטער שפּראַך פון דער אַפּיקורסישער „חסידאַרניע". „גוואַלד, די וויסטע, פינצטערע פרנסה!" — האָט ספּעקטאָר געקלאָגט אין דער קאַנטאָר פון דער „נייער וועלט", שטייענדיק אַרומגערינגלט פון זיינע פאַרזאָרגטע אַגענטן, וואָס זענען צוריקגעקומען פון דער פּראָווינץ מיט ליידיקע הענט און מיט זויערע פּנימער.

דערפאַר איז די ליטעראַריש־פּובליציסטישע זייט אין דעם „פריינד" אַוועקגעשטעלט געוואָרן העכער ווי אין די אַלע אַנדערע צייטונגען. דאָ האָט זיך שוין געלאָזט פילן די נאָענטע השפעה פון י. ל. פרץ, די טעמפּעראַמענטפולע שאַרפקייט פון ש. ראָזענפעלד און די אינטעליגענטע ראַפינירטקייט פון ה. ד. נאָמבערג און א. ווייטער. די פּובליציסטיק האָט זיך הויפּטזעכלעך אָפּגעגעבן מיטן פוילישן באָיקאָט אויף יידן, וואָס האָט זיך יענעם ווינטער נאָר־וואָס גיפטיק אויסגעפּיקט פונעם איי, און די קריטיק האָט פאַר זיך געהאַט אַ שפּאָגל־נייע טעמע: דאָס יידישע טעאַטער.

יידיש טעאַטער אין רוסלאַנד איז נאָך דעמאָלט געווען אַ פרישע זאַך, וואָס האָט ערשט עטלעכע יאָר, זינט דער געשענקטער צאַרישער „קאָנסטיטוציע", זיך אָנגעהויבן באַווייזן אין אַן אייגענעם, ניט פאַרמאַסקירטן געשטאַלט. פריער, פאַר דער קאָנסטיטוציע, האָט מען אין רוסלאַנד געוווסט נאָר פון וואַנדערנדיקע אַקטיאָרן־טרופּעס, וואָס האָבן,

מחמת דעם פאַרבאָט אויף יידישן טעאַטער נאָך פון גאָלדפאַדנס צייטן, געמוזט שפּילן כלומרשט אויף דייטש. איצט, קומענדיק קיין וואַרשע, האָב איך דאָרט שוין געטראָפן גאַנצע דריי טעאַטערס — אָבער אַזעלכע, וואָס מע האָט באַדאַרפט האָבן אַן אַייזערנעם טעאַטראַלישן יצר־הרע, מע זאָל קאָנען אויסזיצן אַ פאָרשטעלונג ביזן סוף. דאָס איז געווען אַ רוסישע קאָפּיע פון דעם מין „טעאַטער־שפּיל", וואָס מע האָט יענע יאָרן געקענט זען אין ניו־יאָרק ערגעץ אין אַ יידישן וואָדעוויל־הויז אויף קלינטאָן סטריט, אָדער אויף דער באַוערי. די טעאַטער־שטיק זענען אויך געווען אימפּאָרטירט, געוויינלעך בגנבה, פון אַמעריקע — צום מיינסטן פון דעם „לאַטיינערישן" טיפּ. די בעסערע אַקטיאָרן האָבן אַמאָל געפּרוווט געבן אויך גאָרדינס אַ שטיק, נאָר אין אַ פאַרקריפּלטן נוסח (דורך די אַמעריקאַנער סופלערן־איבערשרייבער) מיט אָרעמער אויסשטאַטונג און מיט זייער שוואַכע אַקטיאָרישע טאַלאַנטן. נאָך אַדלערס און קעסלערס פאָרשטעלונגען איז דאָס געווען אַ טרויעריקע פּאַראָדיע. פון די טעאַטער־זאַלן איז אָפּגערעדט. איך געדענק דאָס גרויסע, האַלב־פינצטערע, אָפּגעלאָזענע מוראַנאָווער טעאַטער, ווו עס האָט געשפּילט די אומגעלומפּערטע קאָמפּאַנייעץ־טרופּע. עס האָט געמאַכט דעם אַיינדרוק פון אַ פּשוטער „סטאַדאָלע" — טאַקע פּונקט די האָלענעשטער „סטאַדאָלע", ווי זי איז יענעם ווינטער באַשריבן געוואָרן אין שלום־עליכמס „בלאָנ־זענדע שטערן".

די איינציקע מענטשלעכע פאָרשטעלונגען, וואָס מיר איז דעמאָלט אויסגעקומען צו זען אין די וואַרשעווער יידישע טעאַטערס, זענען געווען פון דער באַוווסטער אסתר־רחל קאַמינסקאַ און פון דעם טאַלאַנטירטן גאַליציאַנער פאָרפאָלק שילינג, וואָס האָט דאָרטן גאַסטראָלירט. די קאַמינסקאַ האָט אָבער פאַרוויילט אין וואַרשע אַ קורצע צייט און איז גלייך אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע.

איך ווייס ניט, ווי אַזוי פּרץ האָט זיך ביז יענער צייט פאַרהאַלטן צום ענין פון יידישן טעאַטער. מע האָט דערציילט, אַז פאַר די לעצטע, עטלעכע יאָר האָבן זיך ביי אים די שטימונגען בנוגע טעאַטער געביטן — אַ מאָל געשטיגן און אַ מאָל געפאַלן. נאָר יענער ווינטער איז ביי אים

זיכער געווען אַ ווינטער פון געהויבענער טעאַטער־שטימונג. מעגלעך, אַז דערצו האָט אים אָנגערעגט דאָס אַריבערגיין פונעם „פריינד" קיין וואַרשע: ער האָט באַקומען אַן אייגענעם אָרגאַן, נייע מענטשן האָבן אים אַרומגערינגלט מיט פאַרערונג, וואַרשע האָט ווידער געזאָלט ווערן אַ לעבעדיקער יידישער קולטור־צענטער, ווי אין די אַמאָליקע „העבּ־רעאישע" צייטן — האָט דאָס אים אָנגעצונדן מיט אַ נייעם ברען צו קולטורעלער טעטיקייט. און אפשר האָבן דאָ צוגעשפּילט אויך ריין־פּערזענלעכע מאָטיוון: ער האָט געהאַלטן אין שרייבן און איבערשרייבן זיינע פּיעסעס, אָן דער מינדסטער האָפענונג צו זען זיי אַמאָל אויפגעפירט, ביי אַזאַ קלאָגעדיקן צושטאַנד, אין וועלכן דאָס יידישע טעאַטער האָט זיך געפונען. און דאָ זענען געקומען יונגע מענטשן און אים געגומען וואַרעמען מיט נייע טעאַטראַלישע חלומות און פּלענער, — האָט דאָס אים מיטגעריסן. אַזוי צי אַזוי, נאָר אין שטאָט האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז פרץ גרייט זיך צו עפּעס אַ גרויסער „אַקציע" וועגן רע־פאָרמירן דאָס יידישע טעאַטער. און ווירקלעך, אַריינקומענדיק יענע טעג צו פרצן אין הויז, האָב איך אים אָפט געטראָפן פאַרטיפט אין געשפּרעכן וועגן טעאַטער, אַ מאָל מיט אַ. ווייטערן און אַ מאָל מיט ד"ר מוקדונין, וועלכער איז אַריבער פון ספּעקטאָרס צייטונג אין דעם „פריינד" און האָט זיך דאָרט ברייטלעך פאַרנומען מיט דער דאָזיקער נייער טעאַטער־טעמע.

די גרויסע טעאַטראַלישע „אַקציע", וועגן וועלכער מע האָט גע־שמועסט, האָט זיך ענדלעך אויסגעדריקט אין אַ גרויסער פאָלקס־פאַר־זאַמלונג, וואָס פרץ און זיינע מיטהעלפער האָבן פאַררופן אין דעם וואַרשעווער פילהאַרמאָניע־זאַל און האָבן דאָרט פייערלעך פּראָקלאַמירט אַ קאַמף דעם נידעריקן צושטאַנד פון דעם יידישן טעאַטער. פאַר דער וואַרשעווער יידישער אינטעליגענץ איז דאָס געווען אַ טאָפּעלע איבער־ראַשונג: ערשטנס, וואָס די פאָליאַקן האָבן צום ערשטן מאָל, דווקא אינעם סאַמע קאָך פונעם באָיקאָט, דערלויבט צו פאַרדינגען זייער פּראַכט־פולע פילהאַרמאָניע, די קרוין פון וואַרשעווער שטאָט־זאַלן, פאַר אַ „זשאַר־גאָנאָווער" פאַרזאַמלונג, און צווייטנס, וואָס די פילהאַרמאָניע איז גע־

שטורעמט געוואָרן פון אַ ריזיקן יידישן עולם, צום מיינסטן יונגוואַרג, אַזוי אַז מע האָט געמוזט די פאַרזאַמלונג איבערחזרן אין אַ וואָך אַרום נאָך אַ מאָל. „דער פריינד" האָט וועגן דעם געגעבן אַ באַריכט פול מיט התפעלות, די איבעריקע צייטונגען, וואָס האָבן זיך צום גאַנצן ענין פאַרהאַלטן פרעמד, האָבן דאָך געגאַפט פון אַזאַ אומגלויבלעכן ערפאָלג, און דער קאָך אין די ליטעראַרישע קרייזן, אין די רעסטאָראַנען און קאַפע־הייזער, איז געווען גרויס.

דער קאָך וואָלט מסתמא גיך שטיל געוואָרן, וואָרעם קיין פּראַק־טישע פּלענער און מיטלען צו דערהייבן דאָס יידישע טעאַטער האָט ניט פּרץ, ניט זיינע יונגע מיטהעלפער ניט פאַרמאָגט. איז אָבער דוד פרישמאַן פּלוצעם אַרויסגעטראָטן אין „היינט" מיט אַ סעריע שאַרפע, פאַרניכ־טנדיקע פעליעטאָנען קעגן דעם גאַנצן טעאַטראַלישן טומל, און די „מעשה־פילהאַרמאָניע" איז פאַרשריבן געוואָרן אויף די וואַרשעווער יידישע בלעטער דורך אַ הייסן ליטעראַריש־טעאַטראַלישן וויכוח, וואָס האָט זיך געצויגן לאַנגע וואָכן און האָט אַרויסגערופן אַ סך הייס בלוט.

פרישמאַן, דער גלענצנדער קלאַסישער פעליעטאָניסט און שאַרפער קריטיקער אין דער העברעאישער ליטעראַטור, האָט אויך דורך זיין אָפטער מיטאַרבעטונג אין יידישע צייטונגען און זשורנאַלן זיך געשאַפן אַ נאָמען, און צו זיין ערלעכן שאַרפן וואָרט האָט מען איןביידע ליטע־ראַטורן זיך צוגעהערט מיט גרויס רעספּעקט. אַליין דערצויגן אויף די בעסטע מוסטערן פון דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור, געבענטשט מיט אַ פיינעם, איידעלן עסטעטישן חוש, אָפּצוטיילן דאָס שיינע פון דאָס מיאוסע, דאָס עכטע פון דאָס פאַלשע אין קונסט און דיכטונג, איז ער מיט דער אייגענער העברעאיש־יידישער ליטעראַטור זעלטן געווען צו־פרידן. ער האָט אין איר צום מיינסטן געזען ניט־דערוואַקסנקייט, אויבער־פלעכלעכקייט, פּראָווינציעלע אומבאַהאָלפנקייט, אַ גיכע יידישע תפיסה, נאָר אַ קורצע השגה, און אַלס רעזולטאַט דערפון — די פּוסטע פראַזע, וואָס פאַרשרייט אָט די אַלע גרינטלעכע חסרונות. שוין זיין ערשטער אַרויסטריט איז געווען אַ גרויסער אויפטו אין דער העברעאישער ליטע־ראַטור. ער איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ קליינעם העפט, וואָס איז גלייך

באַרימט געוואָרן צווישן די העברעאישע לייענער — מיט זיין „תוהו ובוהו" און „ממסתרי ספרותנו", געשריבן אין אַ רייפן מאָדערנעם סטיל, גאָר ניט לויט זיינע יונגע יאָרן, ווו ער האָט — אין דעם צווייטן — שאַרף און ביטער און צילטרעפנד אויסגעלאַכט דעם גאָט פון זיין יוגנט־עפּאָכע, דעם פאַרהערלעכטן העברעאישן ראָמאַניסט און רעדאַקטאָר פרץ סמאָלענסקין, באַוויזן, אַז ער איז מער פלאַפּלער ווי שרייבער, מער מליצה־פלעכטער ווי קינסטלער. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם און אים גלייך געשאַפן אַ וועלט מיט שונאים צווישן די משכילים פון יענער צייט; דאָס האָט אָבער אויך געצווונגען אַ סך פון זיי צו פאַרטראַכטן זיך איבער דעם ניי־אַנטפּלעקטן אומדערשראָקענעם אמת. מיט דעם דאָזיקן ערשטן אַרויסטריט האָט פרישמאַן ווי אָנגעצייכנט אויף ווייטער זיין איינזאַמען ליטעראַרישן וועג צווישן יידישע שרייבער — דעם וועג פון אייביקער ניט־צופרידנקייט מיט דער אייגענער וועלט, פון שטעלן זיך איינער קעגן אַ סך. זיין ניט־צופרידנקייט, זיין אומצוטרוי צו יידישער ליטעראַרישער פעאיקייט האָט אים צייטנווייז געבראַכט צו אַ טעות, ער זאָל פאַרלייקענען די אמתע טאַלאַנטן צווישן זיינע צייט־חברים, — הגם אויך אין זיין טעות איז אָפט געלעגן פאַרבאָרגן אַ קערנדל פון טיף־זעעוודיקייט.

אַזוי האָט ער זיין גאַנץ לעבן אויף פאַרלייקנט פרצן. ניט ער האָט אָפּגעלייקנט פרצעס ליטעראַרישן טאַלאַנט — דערויף איז ער געווען צו ערלעך אין זיינע אָפּשאַצונגען. ער האָט נאָר געלייקנט אין פרצעס גרויסקייט, אין וועלכער ער האָט געזען די געוויינלעכע יידישע איבער־טרייבונג — דעם יידישן ניט־דערוואַקסענעם פאַרשטאַנד פאַרן גרויסן מאַסשטאַב אין ליטעראַרישער דיכטונג. נאָך שלום־עליכמען, וואָס האָט געפילט צו פרצן אַ סוביעקטיווע פרעמדקייט, איז פרישמאַן געווען דער איינציקער אָפענער און שאַרפער קריטיקער פון פרצן. דאָס האָט צווישן אים און פרצן געשאַפן אַ פאַרביסענע פערזענלעכע שנאה, הגם זיי פלעגן זיך אַמאָל טרעפן ביי דינעזאָנען אין צימער, און פרץ האָט אַפילו איין יאָר אַיינגעשטימט צו זיין אַ מיטאַרבעטער אין „הדור" אונטער פרישמאַנס רעדאַקציע.

פרישמאַנס אַרויסטריט אינעם „היינט" קעגן דער טעאַטראַלישער „אַקציע" פון פרצן און זיינע אָנהענגער איז אויך איצטיקס מאָל געווען שאַרף און קלאָרזעעוודיק, ווי אין אַלע זיינע קריטישע אַרויסטרעטונגען קעגן דער פּראַזע אין דער יידישער ליטעראַטור און אין דעם יידישן עפנטלעכן לעבן. דערהויפּט האָט ער שאַרף אויסגעלאַכט די יונגע, צעפּלאַקערטע טעאַטראַלן, וואָס זענען אַראָפּגעקומען צום אָרעמען אומוויסנדיקן יידישן טעאַטער מיט אויסגעלייענטע טעאַטראַלישע פּראַזעס און פאָדערונגען פון פרעמדע גוייִשע ביכער, וואָס די „בידנע" יידישע אַקטיאָרן ווייסן אַפילו ניט די טייטש־ווערטער דערפון. פאַר אים אַליין איז דאָס פּראָבלעם פונעם יידישן טעאַטער פאַרלויפיק באַשטאַנען אין אַ גאַנץ באַשיידענער אויפגאַבע, וואָס ער האָט אויסגעדריקט אויף זיין דייטשמערישן שטייגער אַזוי: „זאָק אָהנע לאָך", — דאָס הייסט, אַז דער יידישער אַקטיאָר און די יידישע אַקטריסע דאַרפן פריער דערגרייכן אַזאַ מדרגה, זיי זאָלן טאַנצן אויף דער בינע אין גאַנצע זאָקן אָן לעכער, און ערשט נאָכדעם וועט מען מיט זיי קאָנען אָנהייבן קנעלן וועגן קונסט, וועגן רעזשי און וועגן נאָך אַזעלכע הויכע ענינים. ער האָט געשריבן די סעריע פעליעטאָנען אין פיינעם קלוגן טאָן, אָן דעם צומיש פון פערזענלעכן עלעמענט, און דורכדעם האָט זיין געשליפענער סאַרקאַזם אַרויסגעקוקט נאָך שאַרפער. ער האָט זיך אָבער וואָס ווייטער אַלץ מער צעוואַרעמט און איז ביסלעכווייז אַראָפּ פון זיין טעמע: פון טעאַטער איז ער אַריבער צו ליטעראַטור — צו זיין אַלטער סקעפּטישער באַציאונג צו פּרצעס ליטעראַרישער גרויסקייט. אין איינעם פון די פעליעטאָנען האָט ער אַנטקעגנגעשטעלט שלום־עליכמען קעגן פּרצן. ער האָט אַרויסגעזאָגט אַזאַ געדאַנק: ווען עס זאָל פּאַסירן אַ מבול, דאָס גאַנצע יידישע לעבן זאָל אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד, און דורך עפּעס אַ נס זאָלן פאַרבלייבן נאָכן מבול נאָר שלום־עליכמס ווערק, — וועט מען דאָך האָבן אַ פאָרשטעלונג, ווי אַזוי יידן אין רוסלאַנד האָבן געלעבט אין שלום־עליכמס צייטן. ווען דאָס אייגענע זאָל אָבער פּאַסירן מיט פּרצעס ווערק — וואָס פאַר אַ פאָרשטעלונג וועגן דעם יידישן לעבן וועט מען קאָנען פון זיי אַרויסטראָגן ?... (דעם זעלבן משל האָט ער, אַגב, צוגעפּאַסט

מיט אַ צייט שפּעטער אויך צו מענדעלע מוכר־ספרים, אין זיין הקדמה צו מענדעלעס העברעאישע שריפטן).

פרישמאַנס פעליעטאָנען אין „היינט" האָבן אַרויסגערופן אין „פריינד" אַ גאַנצן שטורעם. פּרץ אַליין האָט פרישמאַנען ניט געענטפערט. אַנשטאָט אים זענען אַרויסגעטראָטן זיינע אָנהענגער: נאָמבערג, מוקדוני און אויך א. ליטוואַק. דאָ איז שוין די פּאָלעמיק אַריבער אויפן פּערזענלעכן באָדן. מען איז פרישמאַנען באַפאַלן מיט אָפענעם כעס, געטאַדלט מיט שאַרפע אויסדרוקן, פון וועלכע דער שאַרפסטער און אומגערעכטער איז געווען: „דער בטלן אין צילינדער". פרישמאַן האָט זיך דערזען אין זיין אַלטער פיינלעכער פּאָזיציע: איינער קעגן אַ סך. ער האָט זיך אָבער ניט איבערגעשראָקן און איז אָנגעגאַנגען ווייטער מיט זיינע פעליעטאָנען, וועלכע ער האָט געשריבן צוויי מאָל אַ וואָך: מיטוואָך און פרייטאָג. איצט איז אָבער אויך ביי אים דער טאָן געוואָרן הייסער, מער פּער־זענלעך. ער האָט געגעבן אַ מייסטערהאַפטע, שאַרף־איראָנישע כאַראַק־טעריסטיק פון נאָמבערגן — דווקא פון דעם, וואָס איז אים געווען נעענטער צום האַרצן מער פון אַלע איבעריקע פּאָלעמיקער. ער האָט אים באַצייכנט אַלס „מהיכא־תיתי־מענטש", דאָס הייסט, אַלס אַזאַ, וואָס איז צו אַלצדינג אין דער וועלט גלייכגילטיק. אַלצדינג איז פּונקט אַזוי גוט און פּונקט אַזוי שלעכט פונעם „מהיכא־תיתי־שטאַנדפּונקט". היינט איז פרישמאַן דער ליטעראַרישער אויטאָריטעט — מהיכא־תיתי, לאָז זיין פרישמאַן. מאָרגן איז פּרץ דער רבי — מהיכא־תיתי, לאָז זיין פּרץ. באַשטעלן אין רעסטאָראַן אַ „זראַזע אַ לאַ נעלסאָן"? — מהיכא־תיתי. שפּילן אַ פּאַרטיע ביליאַרד? — מהיכא־תיתי. דאָס לעבן איז אַ לאַנג־ווייליקער ענין — מהיכא־תיתי, לאָז זיך עס שלעפּן...

די פּאָלעמיק איז געוואָרן וואָס ווייטער אַלס פיינלעכער — פרישמאַן איז פאַרט געווען דער איינזאַמער, איינער קעגן אַ סך.

איך געדענק אַזאַ עפּיזאָד: יענע טעג האָט פּרצעס גרופּע זיך גענומען רודערן מיט אַ נייעם ענין: ס'איז אַראָפּגעקומען קיין וואַרשע הירשביין מיט זיין „ליטעראַרישן טעאַטער", וואָס האָט געוועקט גרויסע האָפענונגען. ביי די וואַרשעווער טעאַטראַלן איז געוואָרן פריילעך: עס האָט אָנגעג־

הויבן שמעקן טאַקע אויף דער אמתן מיט טעאַטראַלישער אַקציע. און ניט נאָר די טעאַטראַלן — די גאַנצע יידישע אינטעליגענץ אין וואַרשע האָט אַרויסגעקוקט אויף הירשביינס טרופּע מיט גרויס דערוואַרטונג, און איז זיך צוזאַמענגעקומען צו דער ערשטער פאָרשטעלונג אין דער האַלב־פינצטערער „סטאַדאָלע״ פונעם מוראַנאָווער טעאַטער אין געהויבענער שטימונג. פּרץ אַליין איז געשטאַנען אין די ערשטע רייען אַ יום־טוב־דיקער, אַ ליכטיקער, ווי דער הויפּט־מחותן פון דער שמחה, אַרומגע־רינגלט פון אַ גאַנצער סוויטע. און אין די זעלבע ערשטע רייען, פון דער צווייטער זייט, האָט זיך קוים אַרויסגעזען פון אַ ווינקל די קליינע איינ־זאַמע פיגור פון פרישמאַנען. איז צו מיר צוגעקומען ש. צ. זעצער, וואָס איז דעמאָלט געזעסן אין וואַרשע און מיטגעאַרבעט אין דער „הצפירה״, און שטיל אַ זאָג געטאָן: „קומט, לאָמיר צוגיין צו פרישמאַנען — ער שטייט איינער אַליין, ווי אַ יתום״... מיט אונדז זענען צוגעקומען נאָך עטלעכע. דערזען, אַז אַרום פרישמאַנען קלייבט זיך אויך אַ רעדל, האָט אויף אונדז פּרץ אָנגעשטעלט פון דער ווייטן זיינע גרויסע שטראַלנדיקע אויגן און אונדז דורכגענומען מיט אַ טיפן ברע־נענדיקן בליק. אין דעם מאָמענט האָב איך ווי מיט אַ מאָל באַגריפן די לאַנג־יאָריקע פאַרביטערטקייט פון פרישמאַנען קעגן פּרצן — דאָס ביטערע געפיל פון דעם אייביק־עלענטן טאַלאַנט קעגן דעם, וואָס איז זיין גאַנץ לעבן אַרומגערינגלט מיט רום און פאַרערונג.

די פאָרשטעלונגען פון הירשביינס טרופּע האָבן דעם עולם אַנטוישט. ניט נאָר ביי פרישמאַנען האָבן זיי ניט אויסגענומען — אויך די טע־אַטער־קריטיק אינעם „פריינד״ איז געוועזן מיט זיי שטאַרק אומצופרידן. פרישמאַן האָט אין דעם געזען אַ דירעקטע השפעה פון זיינע פריערדיקע פעליעטאָנען — מע האָט זיך פאָרט אָנגעהויבן שעמען מיט דער פּוסטער פראַזע...

ד

## צווישן שלום־עליכם און דוד פרישמאַן

יענעם ווינטער 1910, באַקענענדיק זיך אין וואַרשע נעענטער מיט פרישמאַנען, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן די פריינד־שאַפט צווישן אים און שלום־עליכמען, וועגן וועלכער מע האָט אָפט גערעדט אין די ליטעראַרישע קרייזן, און מער ווי אומעטום — אין שלום־עליכמס הויז.

שלום־עליכמס באַציאונגען צו פרישמאַנען האָב איך שוין גוט געקענט. איצט, אַז איך האָב דערזען פון דער נאָענט אויך דעם צווייטן צד, האָב איך מיך איבערגעצייגט, אַז ניט געקוקט אויף דער פאַרשיידנ־קייט אין כאַראַקטער, טעמפּעראַמענט און געמיט, איז צווישןביידן פאַראַן עפּעס זעליש־נאָענטעס, וואָס מאַכט זייער פריינדשאַפט אמתדיק, ריין־חבריש, אָן זייטיקע כוונות — עפּעס אַזעלכעס, וואָס וואָלט ווי גערעדט: „דאָס וואָס מיר ביידע זעען אין לעבן — דערזעט ניט קיין אַנדערער". און דערפון איז אויסגעוואַקסן די געמיינזאַמע סימפּאַטיע (ביי פרישמאַנען איז דאָס געווען אַ פאַרבאָרגענע סימפּאַטיע) פון איינעם צום אַנדערנס אייגנשאַפטן און ליטעראַרישער פערזענלעכקייט. שלום־עליכם האָט אין פרישמאַנען הויך געשעצט דעם פיין־געאיידלטן עסטעט, דעם קלוג־איראָנישן אמת־זאָגער און דעם מייסטער פונעם שאַרף־גע־שליפענעם סטיל. און פרישמאַן, וואָס האָט אין זיין שטרענגן אורטייל כמעט פאַרלייקנט די עכטקייט פון דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור, האָט שלום־עליכמען אין דער שטיל גערעכנט צווישן די עטלעכע גע־ציילטע אויסנאַמען, וואָס קאָנען ניט פאַרלייקנט ווערן (אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען פון יענעם ווינטער האָט ער געשריבן, אַז ער ווייסט אין דער יידישער ליטעראַטור נאָר „צוויי אמתע ליטעראַטן": מענדעלען

און „עפּעס איינעם אַ שלום־עליכם“ — „די איינציקע, וועלכע האָבן אונדז פיגורן געגעבן“).

אָנגעהויבן האָט זיך די דאָזיקע פריינדשאַפט נאָך אין זייער יוגנט, אין די טעג פון שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָטעק“, און לויט ווי ס׳איז צו זען פון זייערע ערשטע בריוו, האָט זי זיך ביים אָנהייב זיי געגעבן ניט אַזוי לייכט און האָט זיך אויסגעדריקט ניט אין אַ גלייכער מאָס בייביידן. אין דער צייט, וואָס דער יונגער שלום־עליכם האָט זיך גע־צויגן צו פרישמאַנען, צום שאַרפן, אומדערשראָקענעם מחבר פונעם „תוהו ובוהו“, מיט גרויס נייגעריקייט און איז אים געגאַנגען אַנטקעגן מיט אָפענע אָרעמס, האָט זיך פרישמאַן צו אים פאַרהאַלטן פרעמדלעך, אומצוטרוילעך, ווי פון אויבן אַראָפּ. אַזעלכע ניט־גלייכע באַציאונגען פון איינעם צום אַנדערן האָבן געשטאַמט ניט נאָר פון ביידנס פאַר־שיידענע כאַראַקטערן און ניט־גלייכער גייסטיקער רייפקייט (פרישמאַן איז שוין געווען פולשטענדיק רייף, און שלום־עליכם האָט נאָך געזוכט זיין וועג), נאָר אויך פון זייער ניט־גלייכער מאַטעריעלער לאַגע. פריש־מאַן, אַליין אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכער סוחרישער פאַמיליע אין לאָדז, האָט דעמאָלט געלעבט אין וואַרשע אין גרויס דחקות און האָט זיך פאָרגעשטעלט שלום־עליכמען, ווי אַ צעבאַלעוועטן גבירישן יונגנמאַן, וואָס שפּילט זיך פון פאַרגעניגן וועגן מיט ליטעראַטור. מורא האָבנדיק, אַז שלום־עליכם זאָל אים ניט אָננעמען פאַר אַ געוויינלעכן מחבר אַ קבצן, האָט ער זיין געדריקטע לאַגע באַהאַלטן הינטער דעם איבערגעטריבענעם שטאָלץ פון אַ יונגן גדול און איז אין זיינע בריוו צו אים געווען שטרענג, איראָניש־בייסנד, הגם עס האָט זיך געפילט אין זיי, אַז דער יונגער גבירישער שרייבער איז אים דאָך געפעלן. און שלום־עליכם האָט גע־האַלטן דעם יונגן פרישמאַנען פאַר אַ קלוגן, נאָר פאַר אַ שלעכטן, און האָט אים מוחל געווען זיין שלעכטסקייט צוליב זיין קלוגשאַפט. ער האָט זיך צו אים מאָדנע געקלעפּט, שטאַרק געוואָלט ווערן מיט אים חבר, נאָר ס׳איז אים ניט לייכט אָנגעקומען. ער האָט אים לשם חברשאַפט צוגעשיקט זיין בילד — האָט פרישמאַן קודם כל אויסגעלאַכט שלום־עליכמס לאַנגע האָר, אַז „ס׳איז אויפן שטייגער פון די סטודענטן, וואָס

די האָר קריכן זיי אין די אויגן". ער האָט אויך שאַרף איראָניזירט איבער דעם, וואָס שלום־עליכם טראָגט אין זיין קראַוואַט אַ שפּילקע אין דער פאָרם פון אַ פּעדער. „דו ביסט געגאַנגען — האָט ער אים געשריבן אויף העברעאיש — און האָסט זיך געקויפט אַ פּעדער פון שרייבער און האָסט זי אָנגעטאָן אויפן האַרצן, זי זאָל דיר זיין אַ צייכן אָדער אַ שילד ביי דער טיר פון דיין געשעפט, אַז דו ביסט אַזאַ און אַזאַ — אַ שרייבער"... און דאָס, וואָס ער האָט געהערט, אַז שלום־עליכם בייסט זיך די נעגל ביז בלוט, איז אים נאָך מער ניט געפעלן געוואָרן. „צי ווייסטו, — האָט ער אים געשריבן אין דעם זעלבן בריוו, — אַז אַזאַ זאַך איז אַ קלאָ־רער סימן פאַר מענטשן, וועמעס נשמה איז ניט ערלעך?"... אויך שלום־עליכמס ווערק האָט ער אין זיינע בריוו שאַרף קריטיקירט, און דווקא די, וואָס האָבן שטאַרק אויסגענומען ביי די לייענער. וועגן „שמר'ס משפט" האָט ער געשריבן, אַז „ס'איז פאַר אַ באָרשט צו זיס און פאַר אַ יויך צו זויער". אין „סענדער בלאַנק" האָט ער געפונען „לעבעדיקע באַשעפענישן, וואָס טוען און ריידן", אָבער דאָס וואָס מע רופט „קונסט" — איז אין דעם ניטאָ. אַפילו וועגן „סטעמפעניו", וואָס איז דעמאָלט אויפגענומען געוואָרן פון אַלעמען ווי אַ ליטעראַרישער פּערל, האָט פרישמאַן נאָר געהאַט צו זאָגן, אַז ס'איז נאָכגעמאַכט אַבראַמאָוויטשן (מענדעלע מוכר־ספרים).

„בנוגע ‚סטעמפעניו' — האָט ער געשריבן שלום־עליכמען אין אַ יידישן בריוו — קאָן איך אייך נאָר זאָגן, אַז ווען דאָס וואָלט אויך זיין אַ דאַמע, וואָלט איך זאָגן, אַז זי איז שוין אַלט אַ ביסל. פאַרשטייט מיך נאָר רעכט: איך בין פּונקט אַזוי ווי איר אַ גרויסער אָנבעטער פון אַבראַמאָוויטשן; נאָר פּאָרט קאָן איך אייך שווערן, אַז ווען אַבראַמאָוויטש וואָלט יעצט ניט זיין אַ ייד העכער 70, וואָלט ער פּאָרט אַ ביסל אַנדערש שרייבן; אַבראַמאָוויטש איז פּאָרט אַלט, און זיין אופן שרייבן געהערט צו דער אַלטער שולע — און דאָ קומט איר, אַ יונגערמאַן מיט פייער, און ווילט זיך נאָר פאַרשטעלן פאַר אַן אַלטן, און מאַכט אים נאָך די גאַנצע העויות, און דאָס ציטערן מיט די פינגער און דאָס קנייטשן מיטן שטערן און דאָס קוועטשן זיך. — גלייבט מיר, איר, דווקא איר, וואָלט

קאָנען ,סטעמפּעניו' בעסער שרייבן, טויזנט מאָל בעסער, אַז איר וואָלט ניט זיין געפאַלן אויף דעם אומגליקלעכן פּלאַן נאָכצומאַכן אַבראַ־מאָוויטשן..."

אַזאַ ביטערע פאַרביסנקייט, וואָס האָט אין זיך באַהאַלטן אויך אַ שמינית שבשמינית „קנאת סופרים" און ניט־פאַרגינערײַ, וואָלט אַן אַנדערן ווייט אָפּגעשטויסן. נאָר דער יונגער שלום־עליכם האָט אין פרישמאַנס שאַרפן, בייסנדיקן אמת דערפילט עפּעס נאָענטעס, פאַר זיך טיף־אינטערעסאַנטעס, און עס האָט אים נאָך מער געצויגן צו אים. עס האָט זיך אים שטאַרק פאַרגלוסט אַראָפּצוברענגען פרישמאַנען צו זיך קיין קיעוו, זיי זאָלן איינער דעם אַנדערן דערקענען פּערזענלעך. „איך זע, — האָט ער געשריבן צו דינעזאָנען, — אַז דער יונג האָט מיך פיינט, ער קאָן מיך ניט סובל זיין, און ער וועט מיך פיינט האָבן, כל־זמן ער וועט מיך ניט קענען פּערזענלעך, — געדענקט מיין וואָרט!"

דינעזאָן, דעמאָלט אַליין אַ יונגערמאַן, איז געווען דער פאַרמיטלער צווישן פרישמאַנען און שלום־עליכמען. ער האָט פרצן נאָך ניט געקענט — איז פרישמאַן געווען זיין אויסדערוויילטער, מיט וועמען ער האָט זיך געניאַנטשעט, ווי אַ מוטער מיט איר קאַפּריזנעם בן־יחיד. ער האָט געשריבן וועגן אים לאַנגע בריוו צו שלום־עליכמען, דערציילט פון אים שבחים, באַוויינט זיין ביטערע לאַגע, וואָס אַזאַ גרויסער טאַלאַנט, דערצו נאָך אַ טאַטנס אַ קינד, דאַרף נעבאַך אָפּקומען אין וואַרשע אין אַ קליינעם אָרעמען חדרל. דאָס האָט ער געווירקט אויף פרישמאַנען, ער זאָל אָנ־שרייבן פאַר שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָטעק" זיין גרויסע פּאָעמע „אופיר", וואָס האָט געמאַכט אַ רושם אין דער יידישער ליטעראַטור, און פון דעמאָלט־אָן האָט ער אים אָנגעהויבן צערטלעך רופן אין זיינע בריוו „דער בורא עולמות" (דער באַשאַפער פון וועלטן) — לויט אַ סטראָפע אין דער זעלבער פּאָעמע „אופיר", ווו דער דיכטער זאָגט אויף זיך: „יאָ, איך בין ביי זיך אַ קליינער בורא עולם"... פאַר דער פּאָעמע „אופיר" האָט שלום־עליכם באַצאָלט פרישמאַנען אַזאַ האָנאָראַר, וואָס יידישע לעקסיקאָגראַפן קאָנען אים ניט פאַרגעסן עד היום. אין דער אמתן, איז דער האָנאָראַר אַליין געווען ניט אַזוי שרעקלעך גרויס (ער

האָט ניט געטאָרט זיין גרעסער פון צוואַנציק קאָפּיקעס אַ שורה — דעם פּרייז, וואָס אויך פרוג האָט באַקומען), נאָר שלום־עליכם האָט צו אים צוגעלייגט פאַר פרישמאַנען אַ „גמילות־חסד" פון 600 רובל. פרישמאַן האָט דווקא געוואָלט, אַז דער גמילות־חסד זאָל אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אַ „קאָמערציעלן" באַזיס, האָט ער שלום־עליכמען צוגעשיקט וועקסלען און האָט אַפילו פאָרגעלייגט צאָלן פּראָצענט... מיט אַ יאָר אַכצן שפּעטער, אין זשענעווע, האָט מיר שלום־עליכם אונטערגעטראָגן מיט אַן ערנסטער מינע אַ מתנה — פרישמאַנס וועקסלען, דערביי געזאָגט: „נאַט, באַהאַלט דאָס אין אַ זיכערן אָרט — ס'איז גוט געלט!"...

פרישמאַן האָט אַלץ געקווייקלט, צי עס פּאַסט אים, ער זאָל פאָרן קיין קיעוו אַלס שלום־עליכמס גאַסט. אינמיטן האָט אָבער עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט אים געטריבן אַנצונעמען שלום־עליכמס איינלאַדונג: אַרום יענער צייט איז פרוי שלום־עליכם מיט אירער אַ פּלימעניצע, אַ יונגע פריילין, אַ יתומה, וואָס האָט זיך אויפגעהאָדעוועט אין שלום־עליכמס הויז, געקומען אויף אַ קורצער צייט קיין וואַרשע. די רייזע האָבן זיי געמאַכט, אום צו צעשטרויען זיך נאָכן טויט פון פרוי שלום־עליכמס אַ צווייטער פּלימעניצע, אַ כלה־מיידל, נאָך וועלכער מע האָט אין שלום־עליכמס הויז שטאַרק געטרויערט. אַזוי ווי די יונגע דאַמען זענען געווען פרעמדע אין וואַרשע, האָט שלום־עליכם פאַר זיי באַשטימט צוויי קאַוואַליערן, דינעזאָנען און פרישמאַנען, זיי זאָלן זיי ווייזן די שטאָט. צו דינעזאָנען האָט שלום־עליכם געשריבן אין וויציקן טאָן, מיט אַ שטאָך אויף פרישמאַנס חשבון: „היט־אָפּ מיינע לייט און גריסט זיי ליבלעך; זעט, אַז עס זאָל זיי ניט זיין סקוטשנע; קריכט פון דער הויט אַרויס און מאַכט זיי פריילעך. יונגעלייט, יונגעלייט ווייזט זיי! וואָס מער יונגע־לייט! און שענערע פון מיר, קליגערע פון מיר, וואָס בייסן ניט קיין נעגל (אַ מכה וועלן זיי אָבער אָנשרייבן אַזאַ ,סטעמפּעניו' אין צוויי וואָכן!). נאָר לאַנג זאָלט איר זיי ניט פאַרהאַלטן; איר זאָלט דערמאָנען דער שלום־עליכמקע, אַז אין קיעוו האָט זי איבערגעלאָזט ווי אויפן וואַסער אַ שלום־עליכם מיט דריי פּיצלעך שלום־עליכמלעך; אַ גאָטס רחמנות!"...

דער סוף איז געווען: די דאַמען האָבן פאַרבראַכט אַ קורצע צייט

אין וואַרשע, זענען אַוועקגעפאָרן צוריק קיין קיעוו — און פרישמאַן האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער איז געבליבן ניט גלייכגילטיק צו שלום־עליכמס יונגער, שיינער פלימעניצע. ער האָט אָנגעהויבן שרייבן שלום־עליכמען פאַרנעבלטע בריוו פון אַן אמתן פאַרליבטן. ער האָט זיך גע־פלייסט צו שפּאַסן און האָט געשריבן מיטן לשון און מיט דער עמ־האַרצישער אויסלייגעכץ, מיט וועלכע דער קלעזמער „סטעמפּעניו" האָט געשריבן זיין באַרימט ליבע־בריווּל צו דער שיינער רחלע: „אין אַ לעחטיג פייאר טיט מיין האַרץ פרענין פון גריית ליבשעווט צו דיר מיין נעשאָמע וואָת דיינע הומיל עייגין האָבען מעח..." (אין אַ ליכטיק פייער טוט מיין האַרץ ברענען פון גרויס ליבשאַפט צו דיר, מיין נשמה, וואָס דיינע הימל־אויגן האָבן מיך...). איצט האָט שוין פרישמאַן אַליין זיך אָנגעשלאָגן צו פאָרן קיין קיעוו און האָט אַפילו אָנגענומען שלום־עליכמס אַ תנאי, וואָס האָט ביי אים אויסגעזען ווילד: אַז קומען קיין קיעוו זאָל ער פאַרשטעלט, „אינקאָגניטאָ" — דאָס הייסט, קיינער, אַחוץ שלום־עליכמס הויז, זאָל ניט וויסן, אַז דער גאַסט איז דוד פרישמאַן.

דעם איינפאַל, אַז פרישמאַן זאָל קומען קיין קיעוו פאַרשטעלט, האָט שלום־עליכם צוגעטראַכט מיט אַ באַזונדער כוונה:

אין קיעוו איז דעמאָלט געווען אַ גרופּע העברעאישע משכילים און בעלי־דקדוק, וואָס האָבן געהאַט אַ נאָמען אין די משכילישע קרייזן פון רוסלאַנד אַלס „חכמי קיעוו" — די חכמים, הייסט עס, פון קיעוו. די דאָזיקע „חכמי קיעוו" האָבן אייביק געפירט צווישן זיך אַ טאָפּעלע מלחמה: „לשם שמים" און „לשם בראָדסקי" — דאָס הייסט, אי אַ ליטעראַרישע מלחמה, אי אַ פּשוטע קאָנקורענץ איבער די רייכע לערער־שטעלעס ביי דער קיעווער מיליאָנערן־פאַמיליע פון די בראָדסקיס. שלום־עליכם פלעגט זיך מיט זיי אָפט באַגעגענען, צוליב ספּאָרט אַ מאָל פאַרהערן זיך מיט זיי אין העברעאישער קענטשאַפט, נאָר קיין שטאַרקע ליבשאַפט האָט ער צו זיי ניט געפילט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט ער דערמאָנען צו גוטן נאָך איינעם פון זיי — אהרן שאַצקעס, דעם פאַרפאַסער פונעם „המפתח" און פונעם באַרימטן „יידישן פאַר־פּסח", וואָס איז געווען אי אַ געלערנטער, אי אַ הומאָריסט. ער פלעגט אויך דערציילן פון אלעזר שולמאַן, דעם

באַוווּסטן העברעאישן שרייבער און היסטאָריקער פון דער אַלט־יידישער ליטעראַטור. שולמאַן איז געווען ביי בראָדסקין דער הויפּט־קאַסירער, און שלום־עליכם פלעגט פון איםריידן, ווי פון אַ האַרטן טרוקענעם מענטשן. ער פלעגט פאָרשטעלן, ווי אַזוי שולמאַן זיצט ביי דער קאַסע, ווי אַ שטרענגער, האַרטער שומר פון בראָדסקיס מיליאָנען, גלעט זיך מיט אַלע פינגער די געדיכטע ברוגזע ברעמען, ווי מע גלעט אַ פּאָר וואָנצעס; דערביי שטייט בראָדסקי אַליין אין אַ רייכן פּוטער, גרייט צו פאָרן אויף די ווינטער־חדשים קיין ניצע, וואַרט אומגעדולדיק אויף געלט פון דער קאַסע, אײַלט זיך, האָט מורא צו פאַרשפּעטיקן דעם צוג — און שולמאַן ציילט זיך פּאַוואָליע, אין האַרטן פאַרגליווערטן עקסטאַז, אַ היפּש פּעקל נייע „קאַטערינקעס" (הונדערטער), ציילט איין מאָל, און נאָך אַ מאָל, און אַ דריטן מאָל, רעדט צום באַלעבאָס געלאַסן, זילבער־ווייז, אויף זיין קאָוונער רוסיש, מיט דער „עס" און מיט דער „צע": „פּאַ־דאַזדיטע, לאַזאַר איזראַעלעוויץ, נע ספּע־סיטע, דענעזקי סצאָט לו־ביאָט"... (האַרט־אויס, לאַזאַר איזראַעליעוויטש, כאַפּט זיך ניט, געלטענ־יו האָט ליב אַ חשבון).

אין דער דאָזיקער קיעווער גרופּע האָט זיך אויך געפונען דער העב־רעאישער שרייבער יצחק יעקב ווייסבערג, וועלכער האָט אין יענער צייט געפירט מיט פרישמאַנען זייער אַ וואַרעמע קאָרעספּאָנדענץ, נאָר אין זיינע געשפּרעכן מיט שלום־עליכמען פלעגט ער אויפן יונגן עזותדיקן מחבר פונעם „תוהו ובוהו" גיסן פּעך און שוועבל. דער זעלבער ווייסבערג האָט זיך אויך מיט שלום־עליכמען געהאַלטן ווי גאָר אַ נאָענטער פריינד, נאָר אין זיינע בריוו צו פרישמאַנען פלעגט ער אויף אים אויסרעדן „וואָס אין דער קאָרט". שלום־עליכם איז דאָס געוואָר געוואָרן פון דינעזאָנס אַ בריוו, און ער האָט חושד געווען, אַז אין פרישמאַנס אומצוטרוי צו אים איז אַ סך שולדיק ווייסבערג. איצט, אַז פרישמאַן איז געקומען קיין קיעוו „אינקאָגניטאָ", האָט אים שלום־עליכם איינמאָל אַרויסגעפירט אויף דער בערזע און דאָרט זיך געזעצט מיט אים אין אַ קאַפע־הויז באַטראַכטן דאָס פּובליקום. דערווייל איז גראָד פאַרביי־געגאַנגען ווייסבערג. האָט אים שלום־עליכם פאַרבעטן צו זיין טיש

און מיט אַ האַלבן מויל, ווי פון יוצא־וועגן, פאַרגעשטעלט פאַר אים דעם פרעמדן אויסגעפּוצטן יונגנמאַן אינעם גאָלדענעם פּענסנע, וואָס איז דערביי געזעסן:

— הער ווייסבערג — הער פינקעלשטיין.

שלום־עליכם האָט מיט ווייסבערגן פאַרפירט אַ געשפּרעך וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור, אינגאַנצן איגנאָרירנדיק דעם פרעמדן יונגנמאַן, וואָס טראָגט דעם נאָמען „פינקעלשטיין". פון ליטעראַטור איז מען אַריף אויף קריטיק, און פון קריטיק אויף פרישמאַנען, ווען שלום־עליכם האָט אָנגעהויבן לויבן אין הימל אַריין. ווייסבערג האָט זיך גלייך צעקאָכט און גענומען דערווייזן שלום־עליכמען, און פאַראייניוועגס אויך דעם יונגנמאַן „פינקעלשטיין", אַז אָט דער פרישמאַן איז ניט מער ווי אַ יונגער שקאָץ, אַ „נאַכאַל", אַן אַרצי־מחוצף־פּנים, וואָס אויסער חוצפּה פאַרמאָגט ער ניט אין זיך קיין ברעקל טאַלאַנט. דער יונגער „פינקעלשטיין" האָט דאָס אַלץ געמוזט אויסהערן און שווייגן. ער האָט נאָר פון מינוט צו מינוט פאַרריכט אויף דער נאָז דאָס נערוועז־געוואָרענע פּענסנע...

אַז פרישמאַן האָט דערנאָך געפרעגט שלום־עליכמען: צו וואָס האָט אים געטויגט די גאַנצע מיסטיפיקאַציע? — האָט אים שלום־עליכם געענטפערט:

— כדי צו באַווייזן אייך, ווער די „חכמי קיעוו" זענען.

שלום־עליכם האָט אויפגענומען פרישמאַנען ביי זיך אין הויז מיט דער גאַנצער גאַסטפריינדלעכקייט, וואָס ער האָט פאַרמאָגט, און ביידע האָבן געהאַט ביי זייער ערשטער באַגעגעניש פריילעכע און אינטערע־סאַנטע טעג. פונקט ווי שלום־עליכם, אַזוי האָט אויך פרישמאַן אין די יונגע יאָרן ליב געהאַט אַרויסצובאַווייזן הומאָריסטישע אָפּשניצלעך און קונדעסרייען, בפרט ביי אַזאַ זעלישן צושטאַנד, ווען זיין גאַנצע כוונה איז געווען אויסצונעמען ביי אַ יונגער שיינער פריילין, וועלכע איז אַגב אויך געווען אַ רייכע כלה. עס איז אים אָבער ניט געגאַנגען — ער האָט ביי שלום־עליכמס פלימעניצע ניט אויסגענומען און איז אַוועק־געפאָרן פון קיעוו אין טיפער אַנטוישונג. אויסגעפירט זיינס האָט נאָר

שלום־עליכם: פרישמאַן האָט אים דערקענט, און ניט נאָר דערקענט, נאָר אויך אָנערקענט. אין די שפּעטערדיקע יאָרן פלעגט פרישמאַן רעדן פון זיין באַזוך ביי שלום־עליכמען, אַז ס׳איז געווען „אַ ווונדערבאַר שטיקל צייט". „מערקווירדיק! — האָט ער מיר איינמאָל געזאָגט אין זיין געוויינלעכן האַלב־איראָנישן טאָן, זיצנדיק אַיינגעוויקלט אין געדיכטן שמעקענדיקן רויך פון זיין ציגאַר. — דיזער ממזר שלום־עליכם איז שוין דאָן געווען מער ערנסטער שריפטשטעלער, ווי די גאַנצע באַנדע אַרום. צווישן איין שמד־שטיק און דעם אַנדערן האָט ער געקאָנט זיך אַוועקזעצן אויף אַ נאַכט און שרייבן, און אַזוי פּאַרטיפט, פּונקט ווי עס וואָלט אויף דעם געהאַנגען זיין גאַנץ לייב־און־לעבן"...

נאָך די קיעווער טעג איז די קאָרעספּאָנדענץ צווישן שלום־עליכמען און פרישמאַנען איבערגעריסן געוואָרן אויף אַ לאַנגער צייט. אַפּנים, פרישמאַנס צעשטערטע האָפענונג האָט דערצו גורם געווען. ערשט אין אַ יאָר צוועלף אַרום, אַז פרישמאַן איז געוואָרן רעדאַקטאָר פונעם וועכנטלעכן „הדור", האָט אים שלום־עליכם צוגעשיקט זיין אייגענע העברעאישע איבערזעצונג פון זיין דערציילונג „ראַבטשיק", אונטערן נאָמען „חברבר החצרוני", וואָס האָט ביי די העברעאישע לעזער אַרויסגערופן באַוווּנדערונג. ניט פאַרגונען שלום־עליכמען דעם העברעאישן כּבוד האָבן נאָר די „חכמי קיעוו", וואָס האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז די איבערזעצונג האָט געמאַכט ניט שלום־עליכם, נאָר דער רעדאַקטאָר פרישמאַן. דערויף האָט פרישמאַן געשריבן שלום־עליכמען אין אַ העברעאישן בריוו אַזוי: „די קיעווער חכמים האָבן מיר געמאַכט שפּאַס, וואָס זיי שרייבן מיר צו די שפּראַך און דעם סטיל פון דיין דערציילונג „חברבר החצרוני". ווען דו קאָנסט אַזוי שרייבן זשאַרגאָן, ווי דו שרייבסט העברעאיש, וואָלטן די זשאַרגאָניסטן באַדאַרפט זיך פרייען. נאָך מיין פּריוואַטער מיינונג, ביסטו ניט קיין זשאַרגאָניסט, נאָר אַ העברעער. לייענענדיק דיין „חברבר", האָב איך מיך ניט אַזוי געחידושט אויף דיין שפּראַך, ווי איך האָב מיך געחידושט אויף דיין סטיל, ובפרט אַז איך האָב געוווּסט, אַז דו פאַרנעמסט זיך אַצינד כּלל ניט מיט שרייבן העבּרעאיש".

אַז די „זשאַרגאָניסטן“ וואָלטן זיך באַדאַרפט פרייען, ווען שלום־עליכם וואָלט געקאָנט אַזוי שרייבן „זשאַרגאָן“, ווי ער שרייבט העברעאיש — אין דעם האָט געשטעקט פרישמאַנס אַ פּאַראַדאָקסאַלער וויץ. נאָר אַז „חברבר החצרוני“ האָט פאַרדינט אַזעלכע קאָמפּלימענטן — דאָס וועט צוגעבן יעדער העברעאישער פיין־קענער.

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַז שלום־עליכם איז אַרויסגעפאָרן אויף זיין ערשטן טור איבער רוסלאַנד און איז צום ערשטן מאָל געקומען קיין וואַרשע, איז ער געווען פרישמאַנס גאַסט. פרישמאַן איז דעמאָלט שוין געווען אַ פאַמיליענמאַן, געהאַט באַקומען פון זיין שווער אַ רייכן נדן און געפירט אַ רייך הויז — האָט ער שלום־עליכמען געקאָנט באַצאָלן פאַר זיין אַמאָליקער גאַסטפריינדשאַפט אין קיעוו. שלום־עליכם איז יענע טעג געשטאַנען אין דעם סאַמע בליענדיקן פעריאָד פון זיין שאַפן, מיט אַ גרויסן נאָמען אין דער יידישער וועלט, און די אַלטע חברשאַפט צווישןביידע רייפע, געהויבענע שריפטשטעלער איז פאַרטיפט געוואָרן. פונעם וועג, און אויך שפּעטער פון קיעוו, האָט שלום־עליכם געהאַלטן אין איין שרייבן צו פרישמאַנען גוטע, וואַרעמע בריוו. נאָר אַזוי ווי פרישמאַן איז ניט געווען אַזוי לייכט אויף דער פען, ווי שלום־עליכם, איז די קאָרעספּאָנדענץ צווישן זיי ווידער איבערגעריסן געוואָרן אויף היפשע עטלעכע יאָר.

איצט, אַז מיר האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע און איך האָב שלום־עליכמען געשריבן פון פרישמאַנס איינזאַמקייט צווישן די וואַרשעווער שריפטשטעלער, האָט ביי שלום־עליכמען אויפגעוואַכט זיין אויפריכטיקע ליבשאַפט צום אַלטן חבר. אין דער הייסער פּאָלעמיק צווישן פרישמאַנען און פרצעס אָנהענגער האָט זיך שלום־עליכם געשטעלט אויף פרישמאַנס זייט און אים געוואַרעמט מיט גוטע בריוו, וועלכע פרישמאַן פלעגט ברענגען צו אונדז אין הויז און זיי פאַר אונדז פאָר־לייענען. דערהויפּט האָט ער זיך אַרומגעטראָגן מיט שלום־עליכמס אַ לאַנגן בריוו, אַ גאַנצע הומאָריסטישע מגילה, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ סך צונויפגעקלעפּטע בלעטלעך און האָט זיך טאַקע צעוויקלט, ווי אַ מגילה. צום באַדויערן, זענען כמעט אַלע יענע בריוו, ווי אַ סך אַנדערע

בריוו פון שלום־עליכמען צו פרישמאַנען, ניט אָפּגעזוכט געוואָרן. פון דער לאַנגער צעוויקלטער מגילה איז מיר פאַרבליבן אין זכרון נאָר דאָס, אַז דאָרט האָט זיך, צווישן אַנדערע זאַכן, גערעדט וועגן א. ליט־וואַקס שאַרפן אַרטיקל אינעם „פריינד" קעגן פרישמאַנען. שרייבנדיק אין דעם בריוו אויך עפּעס וועגן מיר, האָט שלום־עליכם מיך באַצייכנט מיט אַזאַ ווערטל: „ער איז טאַקע אַ ליטוואַק, אָבער ניט אַ. ליטוואַק"...

ה

## ביי יעקב דינעזאָנען אין קאַמער

מיט יעקב דינעזאָנען בין איך געווען גוט באַקאַנט נאָך פון פריער, פון מיינע ערשטע אָנפאַנגער־טעג אין וואַרשע. שוין דעמאָלט בין איך געווען אַן אָפטער אַריינגייער אין זיין באַרימטער אַלט־בחורשער קאַמער אויף דזיעלנאַ נומער פופצן און האָב אַפילו גענאָסן פון זיין גוטסקייט — געקריגן ביי אים אין אַ צייט פון נויט אַ קליינעם גמילות־חסד. און אַזוי ווי איך האָב געהערט צו די, וואָס האָבן זיין גוטסקייט ניט עקספּלואַטירט, און האָב דעם גמילות־חסד אָפּגעגעבן פּינקטלעך אין צייט, בין איך געווען ביי אים פאַררעכנט צווישן די „אָנשטענדיקע" יונגעלייט פון דער שריי־בערשער פּראָפעסיע. ער האָט מיר בכלל אַרויסבאַוויזן באַזונדערע התקרבות און אמתע וואַרעמע אויפמערקזאַמקייט פון אַן עלטערן אויטאָ־ריטעטן חבר — דאָס, וואָס איז אַזוי טייער אין די ערשטע אומזיכערע יאָרן ביי יעדן יונגן שרייבער.

איצט, דורכן ווינטער 1910, וואָס איך בין געזעסן אין וואַרשע, איז זיין פריינדלעכקייט צו מיר פאַרשטאַרקט געוואָרן. דאָס איז שוין געווען אַ מין קרובהשע באַציאונג — אַ דאַנק זיין אַלטער צוגעבונדנקייט צו שלום־עליכמען, וואָס איז לעצטנס אָפּגעפרישט געוואָרן מיט נייע, צאַרטע און פעסטע פעדים. גלייך ביי מיין קומען קיין וואַרשע האָט ער מיר איבערגעגעבן די השגחה איבער דער אויסגאַבע פון שלום־עליכמס ווערק, וואָס האָט זיך געפונען אין זיינע הענט זינט דער שלום־עליכם יובילעי־קאָמיטעט האָט אויסגעקויפט די ביכער פון די פריערדיקע פאַרלעגער. ער אַליין איז נאָר געבליבן דער שומר פון די מאַטריצן, וואָס זענען געלעגן פאַרפּאַקט אויף פּאָליצעס אין אַ פינצטערן ווינקל פון זיין קאַמער, צוזאַמען מיט די מאַטריצן פון פּרצעס ווערק און פון נאָך אַנדערע יידישע שרייבער. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דעם טונקעלן

װעלטל פון יידישער פאַרלעגעריי און האָט מיך געלערנט, ווי אַזוי איך זאָל זיך האַלטן אויף די דאָזיקע שלעכט־אויסגעטראָטענע און קרומלעכע וועגן. און אַזוי ווי איך האָב זיך אַרויסבאַוויזן פאַר ניט קיין שלעכטן תלמיד, האָב איך ביי אים דערמיט שטאַרק אויסגענומען. ווי אַ מענטש אַ פינקטלעכער, וואָס האָט געלעבט אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן מיט חשבון און האָט נאָך דערצו געטראָגן אויף זיין געוויסן די שלעכטע חשבונות פון אַ סך זיינע חברים, האָט ער געפילט אַ טיפע פאַראַכטונג צו דער בטלנותדיקער באַציאונג פון יידישע שרייבער צו ציפער, און האָט אין מיר געפונען אַ שטיקל טרייסט.

איך פלעג אַריינקומען אין זיין קאַמער אין פאַרשיידענע שעהן פון טאָג און נאַכט, געזען אים ביי זיין געדולדיקער אַלט־בחורשער אַרבעט, ווי אַזוי ער פּאָמפּעט לאַנג און פאַרטיפט זיין רוישנדיק טיי־מאַשינדל, פּוצט די טיי־גלעזער מיט אַ שמוציקלעכן האַנטוך ביזן זיבעטן גלאַנץ, אויסגעהערט פון אים זיינע לאַנגע סענטימענטאַלע בריוו, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מיטן שרייבן צו פאַרשיידענע פריינד אין אַלע עקן וועלט (ער האָט זיי פאַרגעלייענט פאַר זיינע געסט אַנשטאָט ווערק, וואָס ער האָט שוין דעמאָלט ניט געשריבן). נאָר מער פון אַלץ האָב איך איצט געהאַט די מעגלעכקייט צו באַטראַכטן פון דער נאָענט דאָס רעטעניש דינעזאָן — דאָס רעטעניש פון זיין באַרימט־געוואָרענער גוטסקייט. עס איז געווען אַן אָנגענומענער אמת ביי אַלעמען, אַז דינעזאָן איז בטבע אַ זעלטן־גוטער מענטש, אַ מענטש אָן אַ גאַל, וואָס איז גרייט יענעם די נשמה אַוועקצוגעבן. און עד היום, אַז מיר דערמאָנען זיין נאָמען, דער־מאָנען מיר אים מיט אַ געפיל פון צערטלעכער דאַנקבאַרקייט און רופן אים ניט אַנדערש, נאָר „דער גוטער פעטער דינעזאָן", ווייל כמעט יעדער איינער פון אונדז האָט פון אים געזען נאָר גוטס און פון אים געהאַט נאָר טובות. דערצו איז זיין קאַמער באמת געווען אַ היים פאַר אַלע פאַרזאָרגטע געמיטער פון דער שרייבערשער משפחה. און פון דעסטוועגן איז דינעזאָן, אין דער טיפעניש פון זיין נאַטור, געווען גאָרניט קיין גוטער. על כל פנים, איז זיין גוטסקייט געווען ניט פון יענער עכטער און לויטערער פראָבע, וואָס שטאַמט פון אַן אינערלעכער, זעלישער, אַלץ־

פאַרשטייענדיקער און טיף־דערבאַרעמדיקער האַרציקייט, וואָס דער־הייבט זיך צו דער הויך פון אַן אידעאַלער מענטשלעכער אייגנשאַפט. ער איז געווען, לויט ווי איך האָב אים געזען, ניט דער פרייער הערשער פון זיין גוטסקייט, נאָר איר אונטערטעניקער קנעכט, וואָס האָט אויף זיך גענומען אַן אויפגאַבע — אפשר אומבאַוווּסט פאַר זיך אַליין — אָנצופילן דאָס אייגענע פוסטע לעבן מיט גוטע טאַטן פאַר אַנדערע, מיט „מעשים טובים". אין דער שטיל האָט די דאָזיקע קנעכטשאַפט גאַנץ אָפט געפרווּוט ווידערשפעניקן, פּראָטעסטירן קעגן דער שווערער, אַרויפ־געצוווּנגענער ראָל פון אייביק־שמייכלענדיקער גוטסקייט, פון אייביקער אויפמערקזאַמקייט צו פרעמדע לעבנס און פרעמדע אינטערעסן. דינעזאָן האָט זיך אָבער געצאַמט, ווי עס צאַמט זיך אַ גאָטספאָרכטיקער ייד לויט די שטרענגע גוטע מידות, וואָס זענען אָנגעצייכנט אין די הייליקע ספרים, — ווייל אַן דעם האָט ער מורא געהאַט צו בלייבן אין זיין פינצטערלעכן אַלט־בחורשן צימער איינזאַם און ליידיק. דאָס איז געווען די אמתע יידישע מלחמה פון דעם יצר־טוב קעגן דעם יצר־הרע, און גובר געווען האָט דאָ, אויפן עכט־יידישלעכן שטייגער, דער יצר־טוב.

אויף דינעזאָנס שיין־געשניצטן האַרטלעכן געזיכט, האַרטלעך ווי פון איבערגעפאַקטער גוטסקייט, אַרום די ווינקלען פון די זיס־שמייכלענדיקע אויגן, האָבן זיך פאַרטאַיעט דינע ביטערע קנייטשעלעך, וואָס האָבן צו זיין שמייכלענדיקן אויסדרוק צוגעגעבן עפּעס וויינענדיקס. די דאָזיקע ביטערע קנייטשעלעך הינטער דעם אַרויפגעצויגענעם זיסן גרים האָבן ווי שטיל און דריבנע געוויינט אויפן אייגענעם לעבן, וואָס ווערט טאָג־טעגלעך צעברעקלט און אויפגעפיקט פון אַנדערע, פון פרעמדע שנאָבלען. אויב דער פרעמדער באַזוכער, וואָס איז געקומען אים דולן אַ קאָפּ מיט זיינע פרעמדע זאָרגן, איז געווען ניט פון די געהויבענע לייט, פלעגט זיך די ביטערקייט ביי דינעזאָנען אָפן אַרויסרייסן גלייך ביים ערשטן מאָמענט: דאָס פּנים האָט געקוקט פאַרוואָלקנט, די קליינע שטייפע הענט האָבן געציטערט, דאָס קול האָט געקלונגען פרעמד, דערווייטערנדיק. דינעזאָן פלעגט זיך אָבער גיך באַהערשן, מיט אַ זיפץ אַריינגיין צוריק אין דער דיקטירטער ראָל פון זיין יצר־טוב און ביסלעכווייז ווערן אַלץ צוגע־

לאָזטער, אַלץ וואַרעמער, שטאַרק באַרעדעוודיק. און אַוועקגיין פלעגט פון אים דער זלידנער באַזוכער שוין אַ באַפרידיקטער, פול אָנגעלאָדן מיט זיין געגנאַד.

און גאַנץ אָפט פלעגט דינעזאָנס דערדריקטער עגאָאיזם נקמה נעמען פון זיינע ניט־ווילנדיקע דערדריקער. זיצנדיק ביי אים אין קאַמער, בין איך ניט איינמאָל געווען אַן עדות, ווי אַזוי ער פלעגט די, וועמען ער האָט געטיילט זיין גוטסקייט, גלייך נאָך זייער אַוועקגיין שאַרף און ביטער קריטיקירן. ניט חלילה דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַוועקגענומען זיין צייט און מי — דאָס איז געווען זיין מיצוה, וואָס האָט ניט געטאָרט פאַרשוועכט ווערן דורך אומצופרידנקייט; נאָר דערפאַר, ווייל זיי האָבן ניט פאַרדינט זיין אַוועקגעגעבענע צייט און מי — אַלס מענטשן האָבן זיי דאָס ניט פאַרדינט! זיי זענען אפשר געבענטשט פון גאָט מיט אַ שטיקל טאַלאַנט, פרץ האַלט פון זיי — נאָר וואָס טויג טאַלאַנט, אַז דער מענטש אַליין איז קיין מענטש ניט?... און דאָ פלעגט דינעזאָן אויסשטעלן אַ צעטל פון שאַרפע עבירות אויפן חשבון פון די, וואָס זענען ערשט מיט עטלעכע מינוט צוריק געלייטזעליקט געוואָרן פון זיין גוטהאַרציקייט. עס האָט געקלונגען ווי אַ ביטערע נקמה פאַר זיין אייגע־נעם ריינעם זיטלעכן לעבן, וואָס ווערט צעטיילט אַן רחמנות צווישן אַזעלכע בעלי־עבירהניקעס, וועלכע זענען דאָס גאָרניט ווערט און גאָר־ניט מסוגל אָפּצושאַצן.

אייגנטלעך, איז דאָס פאַר מיר ניט געווען קיין נייעס. אין שלום־עליכֿמס אַרכיוו האָב איך געפונען אַ גרויסן דיקן אַלבום, אין וועלכע עס זענען אַיינגעקלעפּט בריוו פון צענדליקער יידישע שרייבער, וואָס האָבן זיך מיט אים דורכגעשריבן אין די יאָרן 1888־1889, ווען ער האָט אַרויסגעגעבן זיין „פאָלקסביבליאָטעק”. צווישן יענע בריוו האָט זיך באַזונדער אויסגעטיילט אַ היפש בינטל לאַנגע און געדיכט־פאַרשריבענע בריוו פון יעקב דינעזאָן. איך האָב די בריוו איבערגעלייענט מיט גרויס אינטערעס, ניט דורכגעלאָזט אַפילו די לאַנגע סענטימענטאַל־פילאָזאָפירנ־דיקע אָפּווייכונגען וועגן וועלט און מענטש בכלל. דער הויפּט־אינטערעס איז באַשטאַנען אין דעם חידוש פון דינעזאָנס כאַראַקטער, ווי ער האָט

זיך אַרויסבאַוויזן פון זיינע בריוו: פון איין זייט אַ ווייך אָפן האַרץ און פולע צערטלעכע איבערגעגעבנקייט צו יענעמס לעבן און צו יענעמס אינטערעסן; און פון דער אַנדערער זייט האַרטע פאַרביסנקייט און ענגע שנאה — גאַנץ אָפט טאַקע צו די זעלבע, וועמען ער האָט באַשאָנקען מיט זיין גוטסקייט. אַזאַ מערכה האָט ביי אים געהאַט דער יונגער פרישמאַן. פריער האָט אים דינעזאָן אין זיינע בריוו צו שלום־עליכמען געלויבט ביזן הימל, אַלס אויפגייענדיקן ליטעראַרישן שטערן, גערופן אים „בורא־עולמות", געזאָרגט זיך פאַר אים, ווי פאַר אַן אייגענעם, און ביטער באַוויינט זיין געדריקטע לאַגע; און פלוצעם האָט ער אויף אים גע־וואָרפן אַן אומחן און האָט אים אָנגעהויבן שענדן פאַר שלום־עליכמען מיט די שאַרפסטע אויסדרוקן, דער „בורא־עולמות" איז געוואָרן אויס „בורא עולמות" און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פשוטן „בר־נש" (מענטשל)... און גענומען האָט זיך אַזאַ איבערקערעניש סך־הכל דער־פון, וואָס בעת שלום־עליכמס יונגע דאַמען, פרוי שלום־עליכם און איר פלימעניצע, זענען געווען אין וואַרשע צוגאַסט, האָט פרישמאַן פאַר זיי אין די אויגן חוזק געמאַכט פון דינעזאָנען, אַלס דאַמען־קאַוואַליער. פאַר זיין באַליידיקטן טיף־פאַרבאָרגענעם עגאָאיזם האָט דינעזאָן געקאָנט זיך טיף נוקם זיין. ער האָט אַליין וועגן דעם געשריבן צו שלום־עליכמען: „איך, אָרימער דינעזאָן, ווי הייס איך קאָן ליבן דעם, וואָס איז מיר ליב, אַזוי טיף קאָן איך פאַראַכטן דעם, וואָס פאַרדינט אין מיינע אויגן פאַראַכטונג..."

פרישמאַן איז אָבער געווען ניט איינער. שוין דעמאָלט האָט דינע־זאָנס קאַמער אין וואַרשע געדינט אַלס ליטעראַרישע סטאַנציע פאַר שרייבער, דערהויפט פאַר אַזעלכע, וואָס זענען געקומען פון דער פראָ־ווינץ — פאַר יענע איז זי אָפט געווען אַ פשוטע סטאַנציע, ווו צו נעכ־טיקן. און אין זיינע בריוו צו שלום־עליכמען האָט דינעזאָן זעלטן גע־האַט צו זאָגן אַ גוט וואָרט וועגן די, וואָס האָבן זיך געדרייט אַרום אים און באַקומען פון אים אַ טובה. ער האָט זיך פון זיי געלאָזט אויסנוצן — ער האָט זיי אָבער דערפאַר ניט געשוינט. אין איין בריוו האָט ער זיך שוין אַליין געכאַפט, אַז ער איז צו ווייט פאַרגאַנגען. „אַך, — האָט ער

געשריבן, — איר מוזט שוין פון מיר אַזאַ שלעכטע מיינונג האָבן. איך רעד שלעכטס אויף דעם, אויף יענעם...״

צו שלום־עליכמען האָט זיך דינעזאָן דעמאָלט געצויגן מיט זיין גאַנצער ווייבלעכער נשמה, וואָס האָט תמיד געלעכצט צו באַהעפטן זיך אין אַ שטאַרקערן פון זיך. ער איז געווען אַנטציקט פון שלום־עליכמס יונגן גלענצנדיקן טאַלאַנט, פון זיין ליטעראַרישן פאַרנעם מיט דער „פאָלקסביבליאָטעק״, פון זיין ברייטער האַנט, פון זיין רייכקייט... ער האָט אַפילו מוחל געווען, וואָס שלום־עליכם האָט זיין לאַנגע דער־ציילונג „קרעפּלעך זאָלסטו עסן״, אין דעם ערשטן באַנד „פאָלקס־ביבליאָטעק״, אַזוי שטאַרק רעדאַקטירט, אַז פון איר זענען געבליבן נאָר עטלעכע בלעטלעך. ער האָט זיך נאָר גוט אויסגעקלאָגט פאַר אים אין אַ לאַנגן בריוו — און מער דערפון ניט גערעדט. בריוו האָט ער אים געשריבן אָפטע און לאַנגע, אין וועלכע ער האָט אים אויסגעדריקט זיין הייסע ליבשאַפט און שטאַרק געטאַדלט שלום־עליכמס שונאים, וואָס פאַרגינען אים ניט זיין טאַלאַנט, זיין כבוד, זיין גבירעשאַפט. דערהויפּט האָט ער געפייערט קעגן דעם אַרויסגעבער פונעם פּעטערבורגער „פאָלקס־בלאַט״, ישראל לעווי, וואָס האָט דעמאָלט אויפגעהויבן אַ ווילדע אַטאַקע קעגן שלום־עליכמען. ער איז אַזוי ווייט אונטערגעפאַלן אונטער שלום־עליכמס איינפלוס, אַז ער האָט יענעם לעווי אין זיינע בריוו באַטיטלט פונקט אַזוי, ווי שלום־עליכם האָט אים גערופן: „פאַהאַנער ליטוואַק״, — כאָטש דינעזאָן איז אַליין געווען אַן עכטער, אַ כשרער ליטוואַק פון זאַמעט, וואָס האָט גערעדט מיט דער אמתער „סין״. ער איז יענע טעג אין שלום־עליכמען געווען פאַרליבט כמעט אַזוי, ווי שפּעטער אין פּרצן; ער איז נאָר ניט געווען זיכער מיט אים, צי נעמט ער אָן זיין ליבשאַפט, ווי עס געהער צו זיין — צי לצעוועט ער ניט איבער אים? וואָרעם איינער פון די „הכמי קיעוו״ האָט אים געשריבן, אַז שלום־עליכם איז אַ גע־פערלעכער לץ: אַז ער באַקומט פון דינעזאָנען אַ הייסן ליבע־בריוו, שפּאַרט ער זיך אָן אויף זיין פרויס אַקסל, ביידע ליינען דעם בריוו און לאַכן אַ גרויס געלעכטער... דאָס האָט דינעזאָנען מאָדנע באַאומרואיקט, און ער האָט אַלץ געוואָלט אַרויסבאַקומען פון שלום־עליכמען, צי די מעשה איז טאַקע אמת?...

יענע טעג האָט דינעזאָן אָנגעקניפּט זיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פּרצן, וועלכער איז דערנאָך געוואָרן זיין לייכט־טורעם אויפן גאַנצן לעבן. דערוויילע איז די באַקאַנטשאַפט פאָרגעקומען דורך בריוו, ווייל פּרץ איז נאָך געזעסן אין זאַמאָשץ. נאָר דינעזאָן האָט שוין דעמאָלט געשריבן שלום־עליכמען וועגן דעם אומבאַקאַנטן פּרצן, אַלס קאָנטראַסט צו פרישמאַנען, מיט דעם לשון:

„איך ליב פּרצן, ווי אַ נייע זון אין אַ לויטערן נייעם פרימאָרגן נאָך אַ שרעקלעכע פינצטערע נאַכט פון דעם פאַרגאַנגענעם בר־נש, אַ נייער פרילינג מיט בלומען, מיט וואַרעמע זיסע שטראַלן, נאָך יענעם פאַר־וויסטן ווינטער, וואָס דער בר־נש האָט מיין הערץ אין מיר אַזוי וויסט און קאַלט געמאַכט. — — —. נאָר זיין הונגערליידן, זיין נויט האָט אַלע ביטערע געפילן אין מיר פאַרטויבט, און בעת איך זע זעלבסט מיין ערגסטן שונא אין הונגער און צרות, צעגייט דאָס האַרץ אין מיר פון רחמנות, און איך וויל אים גערן העלפן. אָט פאַר וואָס איך האָב מיין הערץ און געפיל ניט געפאָלגט און זיך מיאוס געמאַכט און מבטל זיך געוועזן צוליב אים... מיט פּרצן קאָן מיר זאָ וואָס ניט פאָרקומען. ערשטנס, איז ער אַ מענטש, וואָס לעבט ניט אויף פרעמדער רעכענונג, אַנשטענדיק און ניט קליינלעך. צווייטנס, איז דער מענטש מיט אַן אמת גוטער זעלע, האָט פיינט פּאַמפּלעט, זלזולים. דריטנס, האָט ער ניט ליב די באַקאַנטשאַפט פון „משכילים”, אונדזערע פּאַגאַנע ליטוואַקעס, — — —, און נאָך מער אַנטלויפט ער פון כבוד, און נאָך מער ווי אַלץ איז ער אַ געבוירענער זשעני. — — —. פערטנס, פאַרלאַנגט ער פון מיר ניט דאָס מינדסטע; דאַגעגן, ער האָט נאָך מיך געפרעגט, מיט וואָס ער קען מיר דינען, און בעט זיך, איך זאָל אים באַזוכן אויף זיינע הוצאות, דען עס שפּילט ביי אים קיין ראָל ניט פון ברידערשאַפט [וועגן] און גע־מיינשאַפטלעכע אידעען צו טיילן עטלעכע פאַרפלוכטע רובל — נאָר ניט איך פאַרלאַנג און ניט איך באַזוך אים, פריינדשאַפט פון וויטן און געניטן — אָדער אַבסטראַקטע פריינדשאַפט, פאַרערונג, שעצונג און אויס”.

קירצלעך נאָכדעם האָט שלום־עליכם פאַרלאָרן זיין פאַרמעגן, די „פאָלקסביבליאָטעק” האָט זיך אָפּגעשטעלט, און די קאָרעספּאָנדענץ צווישן

דינעזאָנען מיט שלום־עליכמען איז איבערגעריסן געוואָרן. און מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, אַז ס'איז אויסגעבראָכן אַ שנאה צווישן שלום־עליכמען מיט פּרצן (איבער פּרצעס „יודישע ביבליאָטעק", אין וועלכער שלום־עליכם האָט געזען אַן אַקט פון גזילה קעגן זײַן „יודישע פאָלקס־ביבליאָטעק", און איבער שלום־עליכמס שאַרפער רעצענזיע אויף פּרצעס ביכעלע „פּאָעזיע") — איז ממילא אויך דינעזאָן געוואָרן אַ שותף צו דער דאָזיקער שנאה. ערשט אין 1900, נאָך אַן איבעררייס פון גאַנצע עלף יאָר (דורך וועלכע דינעזאָן האָט עטלעכע יאָר געוווינט אין קיעוו און אויסגעמיידט מיט שלום־עליכמען צו באַגעגענען זיך), האָט דינעזאָן זיך אָנגעשלאָגן צו שלום־עליכמען מיט אַ בריוו, דערקלערט, אַז ער טראָגט אויף אים אַ כעס צוליב פּרצן, — אויף וואָס שלום־עליכם האָט אים אַזוי געענטפערט:

„ליבסטער, ערלעכסטער פרײַנד!

„צווישן אונדז, ווי עס ווײַזט אויס, איז דורכגעלאָפן ניט קיין קאַץ, נאָר אַ קאָטער. איך הויב ניט אָן צו פאַרשטיין קיין איינציק וואָרט וואָס איר זאָגט, אַזוי ווי איך האָב ניט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס איר האָט זיך פון מיר דערווייטערט און באַהאַלטן די גאַנצע צייט. איר זאָגט, אַז איך האָב אײַך באַגעגנט און ניט אָפּגעשטעלט זיך. שווער איך אײַך בײַ מײַנע קינדער, וועלכע איך האָב ליב, אַז איך הער דאָס ערשט פון אײַך. אַדרבה, מײַן ווײַב זאָגט, אַז זי האָט אײַך באַגעגנט, האָט איר זיך פאַרענטפערט, אַז איר קאָנט ניט אַרײַנגיין צו מיר איבער עפּעס אַ זײַ־טיקע סיבה. אַדרבה ואַדרבה, איך האָב מיך וויפיל מאָל נאָכגעפרעגט אויף אײַך און האָב גערעכנט, אַז אײַך טוט וויי דאָס האַרץ אויף מיר, וואָס מײַן לאַגע איז דעמאָלט געווען ניט אין בעסטן, ניט היינט גע־דאַכט... צום סוף לאָזט זיך אויס, אַז איך בין גאָר מי יודע וואָס פאַר אַ בר־עולה, אַ פאַרברעכער. גאָט איז מיט אײַך! איך בין קיין פאַר־ברעכער קיינמאָל ניט געווען און קיין טיפּש אַוודאי ניט. טיפּשים האָבן אײַך געזאָגט, אַז איך האָב מיטן געלט אָנגעוואָרן דעם שכל, ווײַל טיפּשים האָבן דאָס געוואָלט..."

ווײַטער, רעדנדיק אין דעם בריוו פון זײַן „קול מבשר", אין וועלכן

ער האָט מיט יאָרן צוריק געדרוקט די רעצענזיע אויף פּרצעס „פּאָעזיע״, האָט שלום־עליכם געשריבן אַזוי:

„— — — און דאָרטן איז געווען אויך אַ קליינע רעצענזיע איבער זייער אַ קליין ביכעלע פון פּרץ, וואָס ווען איך דערמאָן זיך אין דעם, לאַך איך, אָבער ניט מער. און איר זאָגט עפּעס גאָר תרגום־לשון: „אבל אתה יצאת לשום לאַל את כשרונו הנעלה... וללעוג על כל היוצא מעטו״... [אָבער דו ביסט אַרויס מאַכן צונישט זיין געהויבענעם טאַ־לאַנט... און אָפּשפּעטן פון אַלץ, וואָס גייט אַרויס פון זיין פּען]... פּע, דאָס פּאַסט גאָר ניט פאַר אַזאַ ערלעכן מענטשן ווי דינעזאָן, ער זאָל אַזעלכעס זאָגן! נאָר אויב איר ווילט וויסן, האָט פּרץ מיר מער געטאָן, ווי איך אים. — — —. און ווייטער זאָגט איר: „דע לך כי מעולם לא היית בעיני לסמל היושר והאמת״ [זיי וויסן, אַז קיינמאָל ביסטו ניט געווען אין מיינע אויגן אַ מוסטער פון יושר און אמת] — ע, ברודער, ווען איך בין מיט ווינציקער יושר און מיט ווינציקער אמת, וואָלט איך עד היום געווען אַ גביר! יושר און אמת און אָרנטלעכקייט איז אין מיין ליטעראַטור־אַרבעט אפשר אַזויפיל, ווי ביי אַלע יידישע מחברים אינאיינעם. — — —״.

פון דעמאָלט אָן האָט זיך ווידער פאַרבונדן צווישןביידן אַ פריינד־שאַפטלעכע קאָרעספּאָנדענץ. זי איז שוין אָבער ניט געווען אַזאַ אָפטע און אַזאַ הייסע פון דינעזאָנס זייט, ווי אין שלום־עליכמס גוטע יאָרן. די טעמפּעראַטור פון דינעזאָנס פריינדשאַפט צו שלום־עליכמען איז אַצינד, אַפנים, ניט־ווילנדיק קאָנטראָלירט געוואָרן דורך פּרצעס השפּעה. האָט פּרץ אַרויסגעזאָגט אַ קאַלטע מיינונג וועגן שלום־עליכמס אַ לעצט־געדרוקטן פעליעטאָן, איז דאָס דורכגעגאַנגען איבער דינעזאָנס פריינד־שאַפט, ווי אַ פּרעסטל; איז אָבער גלייך נאָכדעם אָנגעקומען פון שלום־עליכמען אַ לעבעדיק, האַרציק בריוול, האָט דאָס פּרעסטל באַלד אָפּ־געלאָזט און דאָס דינע אַייז האָט זיך אָנגעהויבן שמעלצן, ווי אונטער די שטראַלן פון דער זון.

ערשט אַז שלום־עליכם איז קראַנק געוואָרן און דינעזאָן האָט פאַר אים אויפגעטאָן אַ גרויסע זאַך: געהאָלפן אויסקויפן זיינע ווערק פון

די פֿאַרלעגער, — איז די אַלטע פֿריינדשאַפֿט צווישן זיי באַנייט און באַפֿעסטיקט געוואָרן גאָר ווי אין די אַמאָליקע יאָרן. איצט, אַז איך בין געזעסן ביי דינעזאָנען אין קאַמער און גערעדט מיט אים פֿון שלום־עליכמען, האָב איך געפֿילט, אַז שלום־עליכם פֿאַרנעמט ביי אים אין האַרצן דאָס צווייטע פּלאַץ נאָך פּרצן. ווארעם אַחוץ וואָס שלום־עליכם איז, פּונקט ווי פּרץ, אָנגענומען ביים פֿאָלק ווי איינער פֿון זיינע באַרימטע קלאַסיקער, איז ער געראַטעוועט געוואָרן פֿון נויט דורך זיינע, דינעזאָנס, הענט, און ער האָט אַצינד אין אים אַ גרויסן חלק. דערצו האָט גאָט געהאָלפֿן, די באַציאונגען צווישן פּרצן און שלום־עליכמען זענען געוואָרן גאַנץ אַנדערע. די אַלטע שנאה איז שוין לאַנג פֿאַרגעסן געוואָרן, און אַמאָל שרייבן זיך ביידע דורך אַפֿילו מיט שלום־לידידי־בריוולעך. אַז פּרץ פֿלעגט זיך ביי מיר נאָכפֿרעגן אין דינעזאָנס קאַמער, אַ שבת אינדערפֿרי, אויף שלום־עליכמס געזונט, פֿלעגט דינעזאָן קוקן אויף מיר מיט אַן אויפֿגעלויכטענעם פּנים, ווי איינער זאָגט: „איר פֿאַרשטייט, וואָס דאָס מיינט?“...

אַז אין די וואַרשעווער ציטונגען האָט זיך צעפֿלאַקערט די גרויסע פּאָלעמיק צווישן פֿרישמאַנען און פּרצעס לייט, האָט דינעזאָן זיך געפֿילט דערפֿון געטראָפֿן ניט ווייניקער, ווי פּרץ אַליין. ער האָט מיר יענע טעג דערציילט, אַז פֿרישמאַן איז צו אים אַריינגעקומען אין צימער — „אַפּנים, דלאַ אָציסטקי סאָוועסטי“ (ריין צו מאַכן דאָס געוויסן) — און איז אָפּגעזעסן אַ גאַנצן אָוונט, אויסגערויכערט אפֿשר אַ האַלבן צענדליק ציגאַרן. האָט ער אים אַריינגעזאָגט אַזוי, אַז ער וועט דאָס האָבן צו געדענקען! ער האָט אים געזאָגט קורץ און שאַרף: „דו ביסט שטענדיק געווען אַ צעשטערער, אַ „תוהו־ובוהוניק“. וואָס אַנדערע זייען — צעטרעטסטו. דו ביסט אַ פּראָסטער ניט־פֿאַרגינער — פֿאַרגינסט ניט יידן, וואָס זיי האָבן אַזאַ גרויסן פּרץ!“... און פֿרישמאַן איז געזעסן און האָט געשטומט...

— אַגב, — האָט דינעזאָן צוגעגעבן ברוגזלעך, — האָט דער זעלבער פֿרישמאַן זיך דאָ באַרימט פֿאַר מיר, אַז שלום־עליכם האַלט מיט אים און שרייבט אים לאַנגע בריוו. מילא, געזונטערהייט... מיר האָט שלום־

עליכם די לעצטע צייט אַפילו אַ קורץ בריוול פֿאַרגעסן צו שרייבן...
דער פרישמאַן איז פֿאַר אים תמיד געווען אַ מין קליפּה, רחמנא ליצלן...
נאָך פֿון די צייטן פֿון „אופיר", פֿאַר וועלכן ער האָט אים אָפּגעשאָטן
מיט גאָלדענע רענדלעך... זיבן הונדערט פּופציק קאַרבן דורך מיינע הענט
באַצאָלט... מילא, געזונטערהייט... נאָר פֿון דעסטוועגן, אויב איר ווילט,
קאָנט איר שרייבן שלום־עליכמען, אַז זיינע אמתע גוטע פריינד האָבן דאָס
ביי אים ניט פֿאַרדינט"...

ו

## די צעשיידונג מיט ספעקטאָרס צייטונג

די גרויסע טעאַטער־פּאָלעמיק צווישן פּרישמאַנען אינעם „היינט" און די יונגע שרייבער פון פּרצעס חדר אינעם „פריינד", וואָס האָט יענעם ווינטער פאַרכאַפּט די יידישע אינטעליגענץ אין וואַרשע, האָט ספּעקטאָרס צייטונג ניט אָנגערירט. ספּעקטאָר אַליין האָט זיך מיט אַזעלכע זאַכן דעמאָלט ניט אינטערעסירט — זיין קאָפּ איז געווען פאַרטראָגן ערגעץ אַנדערש. „ווען זיי זאָלן האָבן מיינע צרות, — האָט ער געזאָגט, — וואָלט זיי ניט געלעגן אין זינען רייסן זיך ווי די קעץ איבער פרעמדע געשעפטן, ווייסיך, טעאַטער דאָרטן, פּיעסן, רעפּערטואַר... יידישע אַקטיאָרן ווילן נעבאַך עסן ברויט — לאָזן זיי עסן געזונטערהייט, ווערמען אַרט דאָס?"... די איינציקע קריטיק, וואָס ער האָט געהאַט אויסצושטעלן קעגן יידישע אַקטיאָרן, איז געווען — וועגן זייערע בערד: דאָס וואָס די בערד קלעפּן זיך ביי זיי אָפּ, בשעת זיי שפּילן, און דאָס וואָס די בערד אַליין זענען קיין בערד ניט. ער האָט געזאָגט, אַז אין זיין צוואה וועט ער, בלי נדר, אָפּשרייבן פינפהונדערט קערבלעך פאַרן יידישן טעאַטער אויף לייטישע בערד.

ספּעקטאָרס צרות זענען באמת געווען גרויס: זיין צייטונג, „די נייע וועלט", איז וואָס אַ וואָך געגאַנגען אַלץ מער באַרג־אַראָפּ. עס האָט ניט געהאָלפן שלום־עליכמס ראָמאַן „בלאָנזענדע שטערן", וואָס האָט זיך אָנגעהויבן ברייט צעוויקלען מיט אַ נייער אינטערעסאַנטער גאַלעריי לעבעדיקע, טשיקאַווע פאַרשוינען. עס האָט אויך ניט געהאָלפן דער צווייטער ראָמאַן, דער שונד־ראָמאַן, וואָס מע האָט צוגעשטעלט צו שלום־עליכמס איידעלע, געשליפענע זיילן, ווי אַ מין גראָבע היל־צערנע „פּאָדפּאָרע". דער שונד־ראָמאַן איז דווקא געגאַנגען אונטער אַ פּיקאַנטן „חסידישן" נאָמען: „סודות פונעם רבינס הויף"; נאָר די

וואַרשעווער חסידים האָבן, ווייזט אויס, געהאַלטן פאַר אַ חילול־השם, וואָס מע טראָגט אַרויס אויף דער גאַס די סודות פונעם רבינס הויף, און זיי האָבן זיך בעסער געקוויקט אינעם „היינט" מיט די סודות פון דער באַרימטער בערטע אין דעם סולטאַנס האַרעם. און אַז בערטעס סודות האָבן זיך אויסגעשעפּט, האָט דער „היינט" אָנגעהויבן געבן אַ נייעם ראָמאַן, וואָס איז ניט אַראָפּגעפאַלן פונעם ערשטן. דער צווייטער ראָמאַן אינעם „היינט" האָט געהייסן גאַנץ פּראָסט, אָן קונצן: „די בלוטיקע פּרוי". קעגן אַזאַ אָפּענער, געוואַגטער, חוצפּהדיקער האַלטונג האָט די לעפּישע, שרעקעדיקע, האַלב־שעמעוודיקע „נייע וועלט", מיט איר פאַר־מאַסקירטן אָרעם־בחורשן „רבינס הויף", וואָס האָט באַהאַלטן די טומאה אין דער יראה, אויסגעזען זייער נעבאַכדיק. קיין ליטעראַטור, אויסער שלום־עליכמס ראָמאַן, האָט זי ניט געגעבן — ס'איז שוין ניט געווען מיט וואָס צו צאָלן שרייבער. קיין שטעלונג אין געזעלשאַפטלעכע פראַגעס האָט זי ניט גענומען — ס'איז ניט געווען קיין רעדאַקציע. דערצו האָט די צייטונג זיך געדרוקט אויף שלעכטן פּאַפּיר אין אַ פרעמדער אָרעמער דרוקעריי אויף די נאַלעווקיס, און די נומערן זענען אַרויס פאַרשמירטע און פאַרקלעקטע, אַזוי אַז אַ רעכטער לעזער האָט זיי אין האַנט ניט געוואָלט נעמען. מע האָט אַלץ אַיינגעטענהט מיטן „קאַפּיטאַליסט", אַז מע מוז אַוועקשטעלן אַן אייגענע „ראָטאַציאָנס־מאַשין" (אַ צילינדער־פּרעס, אויף וועלכער מע דרוקט צייטונגען). דער „קאַפּיטאַליסט", וואָס האָט שוין געוווּסט, אַז ער איז דאָ מיאוס אַריינגעפאַלן, אַז דאָס „בכבודיקע געשעפט", וואָס אים האָט זיך געגלוסט, וועט אים סוף־כל־סוף רואינירן, — האָט זיך נאָר געפּאָכעט מיט די הענט. ס'איז אים געווען הייס, כאָטש אין דרויסן איז געשטאַנען ווינטער. „לופט! — האָט ער געזאָגט. — עס פעלט אים דאָ לופט!... ער האָט שוין אַריינגעבראָכט אינעם געשעפט שווערע צענדליקער טויזנט, וועלכע ער וועט קיינמאָל ניט זען צוריק, — וואָס זשע וויל מען פון אים נאָך? ער זאָל טאַקע אויסטאָן פון זיך דאָס העמד און פאַרקויפן די מאַרינאַרקע (רעקל)? נאָט, נעמט די מאַרינאַרקע"...

געוועלטיקט אין דער צייטונג די לעצטע חדשים האָט שוין ניט

ספעקטאָר, נאָר דער פאַרוואַלטער פון דער קאָנטאָר, דער שוואַרצבערדל־דיקער פוילישער יונגערמאַן מיט די שוואַרצע לויפנדיקע געפערלעכע אויגן. איצט האָט שוין יענער געדעדט ניט פון אַ „קאַפּיטשקע זנות״ פאַר דער צייטונג, נאָר פון אַ פולער מאָס. דערצו האָט ער זיך פאַר־קאָכט אין נאָך עפּעס: אין פּרעמיעס פאַר די לעזער. ווייבאַלד מע קאָן ניט אַריבערנאָרן פונעם „היינט״ דעם מחבר פון „בערטען״ און פון דער „בלוטיקער פרוי״, און ווייבאַלד די אייגענע מיטאַרבעטער זענען מיוחסים, עס שטייט זיי ניט אָן צו פּאַטשקען די איידעלע הענט מיט „זנות״, — בלייבט נאָר איין מיטל: פּרעמיעס. צוויי פּרעמיעס מיט אַ מאָל: איינע — נדן־פּאָליסן פאַר דערוואַקסענע יידישע מיידלעך, און אַ צווייטע — געצייג פאַר יידישע בעלי־מלאכות. ביידע פּרעמיעס וועלן אויסגעשפּילט ווערן אין אַ לאָטעריע, צו צוועלף געווינסן אויף יעדער איינער. וועלכער ייד וועט דאָס ניט וועלן געווינען אַ היפּשן נדן פאַר זיין פאַרזעסענער טאָכ־טער? און וועלכער שניידער וועט זיך עס, אַשטייגער, אָפּזאָגן פון אַן אומזיסטער זינגער־מאַשין? ס'איז קלאָר ווי דער טאָג!... און דער שוואַרצער זשוליקוואַטער יונגערמאַנטשיק איז אויסגעוואַקסן, געוואָרן וויכטיק. ער איז אַרומגעלאָפן אַ פאַרשמאַיעטער פון די פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפטן צו די פאַרטרעטער פון זינגערס ניי־מאַשינען, געשלעפּט נאָך זיך דעם שווער־לייביקן ספּעקטאָרן, דיקטירט אים מיט אַן אָנגעשפּאָלטענער נאָזיקער שטים, אויף זיין געכאַפּטן, צעקייטן וואַרשעווער יידיש, די פּראָספּעקטן, געשוואָרן זיך אויף זיין יידישקייט, אַז די פּרעמיעס וועלן אַריינברענגען צוואַנציק, דרייסיק, פערציק טויזנט נייע לעזער, — און די עטלעכע פאַראומערטע יונגעלייט פון דער רעדאַקציע, שוין אַריינגערעכנט דעם עלטערן שטילן האַלב־רעדאַקטאָר י. ח. זאַגאָ־ראָדסקי מיטן טרויעריק־פאַרטראַכטן קאָסאָקן אויג, זענען דערביי געזעסן אָנגעבויגן איבער זייערע שרייבעכצן מיט פּנימער פון מענטשן, וואָס זענען פאַראורטיילט צו אַ גיכן אונטערגאַנג.

שלום־עליכם, וואָס האָט שטענדיק גענומען נאָענט צום האַרצן די אינטערעסן פון די צייטונגען, אין וועלכע ער האָט מיטגעאַרבעט, האָט פון דער „נייער וועלט״ קיין נחת ניט געהאַט. ער האָט פונדערווייטן

געפילט, אַז עפּעס טוט זיך דאָ ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין, אַז די ציַיטונג גייט אויף קרומע וועגן. ער האָט מיך פאַרוואָרפן מיט בריוו, אויסגעזעצט חסרונות, געהאַט אַ כוונה, איך זאָל וועגן דעם רעדן מיט די רעדאַקטאָרן. אַמאָל האָט ער אויך געשריבן צו ספּעקטאָרן וועגן די פעלערן פון דער ציַיטונג. איין בריוו אַזאַ האָט זיך באַצויגן אויף אַ פּאָר־שימלטן געשמאַקלאָזן פעליעטאָן פון איינעם אַן אַלטן משכיל, וואָס שלום־עליכם האָט איבערגעלייענט אין דער „נייער וועלט". „אַך, ספּעקטאָר, ספּעקטאָר! — האָט שלום־עליכם געשריבן אין יענעם בריוו. — האָב דיר אַכציק געזונטע, פעטע, זיסע, מאַרכיקע, יויכיקע, באַטעמטע, געזאַלצענע און געפעפערטע יאָר! ווו זענען דיינע אויגן? זעסטו דען ניט, אַז אָט דאָס פעליעטאָנדל האָט פאַרשפּעטיקט פּונקט אויף 25 יאָר? פאַרן „פאָלקס־בלאַט", בימי צעדערבוים עליו השלום [דער ערשטער רעדאַקטאָר פונעם „המליץ" און פונעם „פאָלקסבלאַט". — י. ד. ב.], וואָלט דאָס באמת געווען אַן אבן־טוב. אָבער איצט!... סיידן ביי פאַרגלייכן עס מיט יענעם סאָרט „ראָמאַנען", קאָן מען אויף אים זאָגן מיט די ווערטער פון ברוך אייסמאַנס הספד אויף סאָלאָמאָן פרענקעל אין יעהופּעץ [געוויסע בערזע־לייט אין קיעוו. — י. ד. ב.]: קיין שבחים אויפן נפטר האָב איך ניט צו דערציילן. מע טאָר ניט צופיל חנפהנען אַ מת. איין זאַך קאָן איך אויף אים זאָגן: ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך יורשים טויזנט מאָל ערגער ווי ער. זיי וואָלטן געמעגט זיין די כפרה פאַר אים און פאַר אונדז אַלע. צדק לפניו יהלך!..."

שלום־עליכמס הומאָריסטישע בריוו צו ספּעקטאָרן זענען אָבער געווען אַרויסגעוואָרפן. ספּעקטאָר האָט זיך יענע טעג ניט נאָר ניט צוגעהערט צו בריוו — ער האָט אַפילו ניט געהערט וואָס מע רעדט צו אים. פון אינדערפרי ביז אינאָוונט איז ער אומגעלאָפן אַ צעטראָגענער, צום מיינסטן מיטן שוואַרצבערדלדיקן פאַרוואַלטער, וואָס האָט אַלץ גע־שנאָרכט אַרום די אַנדערע ציַיטונגען, אויסצוגעפינען זייערע סודות מיט זייערע פּלענער. ער איז זעלטן אַיינגעזעסן אין דער רעדאַקציע, ניט געוווּסט וואָס עס דרוקט זיך אינעם קומענדיקן נומער, ניט געהאַט אַפילו קיין געדולד אַליין עפּעס שרייבן, אָפּט געבעטן מיך מיט אַ רחמנות־

פנים, איך זאָל אים פאַרענדיקן זיינע אַ זאַך, אָדער „צוגלעטן מיט דער פען", — וואָרעם ער מוז לויפן! קומען צו זיך פלעגט ער ערשט ביי־נאַכט, בשעת מע האָט געהאַלטן ביי שליסן דאָס בלאַט. דעמאָלט פלעגט ער זיך אַוועקזעצן ביי זיין שרייבטיש, פאַר די אָנגעוואָרפענע בריוו און מאַנוסקריפּטן, איבער וועלכע עס האָט געדעמפּט, אונטערן שטאַרקן ליכט פון דער גאַז־לאָמפּ, אַ הייסער אָפּענער טשאַיניק מיט איבער־געבריטע, געשוואָלענע כשרע וווּרשטלעך. ער פלעגט אויסהערן פון די מיטאַרבעטער מיט אַ פאַרשוויצטן גוטן פּנים אַלערליי ענינים, וואָס זענען נוגע דער צייטונג, און רעדן דורך דער וואַרעמער שמעקנדיקער פליישי־קער פאַרע מיט אַ צעוואַרעמטן קול: „קינדער, וואָס פרעגט איר מיך? פרעגט ביי אָט דעם יידן! (דערביי פלעגט ער אָנווייזן אויפן שוואַרצ־בערדלדיקן פאַרוואַלטער). ער איז ביי אונדז אַצינדערט רעדאַקטאָר!... קינדער, וואָס קאָן אַייך שוין ספּעקטאָר זאָגן? ספּעקטאָר האָט שוין מער קיין כוח ניט צו שלאָגן זיך מיט די בלוטיקע נקבות!"...

איך קאָן מיך ניט באַרימען, אַז די דאָזיקע אַטמאָספער האָט מיר צוגעגעבן חשק צו אַרבעטן און עפּעס אויפטאָן. נאָכדעם ווי עס האָט מיך יאָרנלאַנג אַזוי געצויגן צוריק קיין רוסלאַנד, צו באַנייען די כוחות, האָב איך איצט דורכגעלעבט אַ שווערע אַנטוישונג. איך האָב מיך דערזען אין אַ ווילדן כאַאָס, ווו מענטשן יאָגן זיך אום זינלאָז אין דער פינצטער, אויף גליטשיקע וועגן, ניט ווּיסנדיק נאָך וואָס זיי יאָגן זיך און וווּהין זיי וועלן אָנשלאָגן. איז דען דאָס דער וועג צום יידישן לייענער, אַזוי גליטשיק און אַזוי בלאָטיק, און דאָס איז דער תכלית פון יידישע שרייבער, עלטערע און יינגערע?...

עס האָט זיך מיר געוואָלט וועגן דעם כאָטש עפּעס אַרויסזאָגן, און איך האָב פאַרן ניי־יאָר־נומער, אין וועלכן עס האָט זיך געדרוקט דער פּראָספּעקט וועגן די פּרעמיעס, אָנגעשריבן אַ היפּשן פעליעטאָן אין דער פאָרם פון אַ קאָמעדיע, מיטן נאָמען „ביים פּובליקום", ווו די וואַר־שעווער צייטונגען, צווישן אַנדערע פאָרשטייער פונעם יידישן עפנטלעכן לעבן, זענען פּערזאָניפיצירט געוואָרן אין מענטשלעכע געשטאַלטן. גע־וויינלעך, פלעג איך מיינע זאַכן אַליין איבערגעבן צום דרוק — ספּעקט־

טאָר האָט קיין צייט און קיין געדולד ניט געהאַט צו לייענען וואָס זיינע מיטאַרבעטער שרייבן. איצט אָבער האָב איך אין מיין פעליעטאָן אַרויס־געשטעלט אויך „די נייע וועלט”, און איך האָב ספעקטאָרן קוים איינגע־בעטן, ער זאָל אים אויסהערן פריער, איידער ער גייט אין דרוק אַריין.

כל־זמן איך האָב פאָרגעלייענט וועגן די אַנדערע יידישע צייטונגען, האָט ספעקטאָר אָנגעקוואָלן. דער גאַנצער איינפאַל איז אים שטאַרק געפעלן געוואָרן. דערהויפּט האָט ביי אים אויסגענומען אַ סצענע, ווו „דער פריינד”, פערזאָניפיצירט אַלס אַ פעטערבורגער שווערער ייד אין אַ רייכן פעלץ, צינדט־אָן אַ שוועבעלע, אום צו מאַכן ליכט ביים יידישן פובליקום אין דער פינצטער, און דער פלינקער חוצפהדיקער „היינט” פאַרגנבעט זיך פון הינטן, גיט אַ געשריי „פעהההלץ!” און פאַרלעשט דאָס ליכט. „אַי, דאָס איז גוט!” — האָט ספעקטאָר אַזש אַ פּאַטש געטאָן אין טיש. נאָר אַז איך בין צוגעקומען צו דער „נייער וועלט”, וועלכע איז פאָרגעשטעלט געוואָרן ווי אַן אומגעלומפּערטער, צעטראָגענער ייד, וואָס שלעפּט צום פובליקום אויף ניי־יאָר צוויי זעק, איינעם מיט פּאַ־פירלעך פון נדן־פּאָליסן, און דעם צווייטן, אַ לעכערדיקן, מיט געצייג, פון וואַנען עס שיטן זיך אָן אַ שיעור טשוועקלעך, — האָט מיך ספעקטאָר אָפּגעשטעלט:

— הערט נאָר, חברה־מאַן, דאָס מיינט איר מעך?

— פאַרשטייט זיך, אייך. דאָס הייסט, ניט אייך פערזענלעך, נאָר דעם רעדאַקטאָר פון דער „נייער וועלט”...

ספעקטאָר האָט צוגעמאַכט איין אויג, מיטן אַנדערן מיך אָנגעקוקט אַ ווײַלע פאָרשנדיק, — און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— מילא, ביי מיר האָט איר געפּועלט. אַדרבה, ס'איז בעסער אַזוי. לאָז די וועלט זען, אַז מיר קריטיקירן זיך אַליין, אַז מיר אַליין פילן, אין וואָס פאַר אַ בלאָטע מיר זענען פאַרקראָכן...

איך האָב שוין אָנגעהויבן טראַכטן אין דער שטיל, ווי אַזוי אַרויס־צוקריכן פון דער דאָזיקער בלאָטע — איך האָב אין דער „נייער וועלט”, אין דעם נערוועזן, מטורפדיקן טומל פון די נדן־פּאָליסן און געצייג־לאָטעריעס, אַבסאָלוט ניט געהאַט וואָס צו טאָן. איך האָב מיך אָבער

דערווייל דאָ געמוזט האַלטן צוליב שלום־עליכמס אינטערעסן, וואָס זענען אויך געוואָרן וואַקלדיק. מע האָט אים אויפגעהערט צו צאָלן זיין האָנאָראַר, ניט געקוקט דערויף, וואָס שלום־עליכם איז געווען מער ווי פּינקטלעך אין צושיקן די קאַפּיטלען פון זיין ראָמאַן און האָט שוין ווייט אַריבערגעשטיגן די צאָל שורות, וואָס ער האָט באַדאַרפט צושטעלן לויטן קאָנטראַקט. איך האָב געמוזט זיין אויף דער וואַך און ספּעקטאָרן אָפּט דערמאָנען וועגן דעם. נאָר ספּעקטאָר האָט אָפּגעלייגט די צאָלונג פון וואָך צו וואָך, אַלץ געטענהט, אַז ער אַליין שלאָפט אויך ניט איבער דעם קיין נעכט. וואָס קאָן ער דאָ העלפן? די קאַסע איז ליידיק, יעדן גראָשן מוז מען אויסוויינען ביים „קאַפּיטאַליסט", און דער „קאַפּיטאַליסט" איז שוין נעבאַך מיד. ס'איז אויף אים אַ גאָטס רחמנות: ער האָט ערשט אַריינגעלייגט אין געשעפט פריש געלט אויף אַ ראָטאַציאָנס־מאַשין, וואָס וועט זיין גאָר אַן אַנטיקל, די בעסטע אין גאַנץ וואַרשע! אפשר וועט גאָט העלפן, די ראָטאַציאָנס־מאַשין וועט אויפטאָן דאָס, וואָס שלום־עליכמס ראָמאַן האָט, ליידער, ניט געקאָנט אויפטאָן?... שלום־עליכם איז אין זיינע בריוו געווען אויפגעבראַכט: ספּעקטאָר האָט אים ווידער אַ מאָל פאַרפירט!... ער האָט מיר געשריבן, איך זאָל די באַלעבאַטים פון דער צייטונג באַשטימען אַ טערמין: אויב זיי וועלן צום טערמין ניט נאָכקומען דעם קאָנטראַקט, זאָל איך אויפהערן אַרויסגעבן די קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן. נאָר אַז ס'איז געקומען נאָענט צום טערמין, האָט שלום־עליכם חרטה געהאַט און מיר געשריבן, אַז איך זאָל דעם ראָמאַן ניט איבעררייסן אינמיטן. דערפאַר זאָל איך ספּעקטאָרן דערציילן, אַז איך האָב פאַר אים זיינע, שלום־עליכמס, נייע זאַכן אויף פּורים און אויף פּסח — אפשר וועט דאָס אויף איםווירקן, ער זאָל צאָלן לויטן קאָנטראַקט?... נאָר אַז ס'איז געקומען נאָענט צו פּורים, האָט מיר שלום־עליכם ווידער געשריבן, איך זאָל די פּורימדיקע דערציילונג („אסתר") דאָך געבן ספּעקטאָרן, ניט קוקנדיק אויף קיין זאַך, און דאָס אייגענע זאָל איך טאָן מיט דער פּסחדיקער דערציילונג („אַ פּסח אין דאָרף"), — וואָרעם ווי אַנדערש קאָן מען זיי פאַרעפנטלעכן, כל־זמן ער איז פאַרבונדן מיט דער „בייער וועלט"?...

אינמיטן האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט מיך פּלוצעם באַוויגן צו פאַרלאָזן „די נייע וועלט". זיצנדיק איינמאָל איינער אַליין אין דער וויסטער רעדאַקציע, האָב איך ניט ווילנדיק דערהערט פון יענער זייט ווענטל אַ געשפּרעך צווישן ספּעקטאָרן און דעם פאַרוואַלטער, וועלכע זענען, אַפּנים, ערשט אַריינגעקומען פון דער גאַס. ספּעקטאָר האָט גע־טענהט מיטן פאַרוואַלטער, אַז יענער מוז גיין צום „קאַפּיטאַליסט" בעטן געלט פאַר שלום־עליכמען — עס מעג דונערן און בליצן. האָט דער פאַרוואַלטער געפרעגט: „פאַרוואָס מוז ער דאָס — ער האָט מורא, שלום־עליכם זאָל אים ניט לאָדן צום ,ונתנה תוקף׳?"... האָט ספּעקטאָר גע־זאָגט: „דער איידעם קומט אַלע טאָג אין רעדאַקציע — ער קאָן שוין פאַר אים די אויגן ניט ווייזן". האָט דער פאַרוואַלטער געזאָגט: „מע וואָלט דעם איידעם שוין לאַנג באַדאַרפט געבן דעם וועג. ער טוט נאָר אויף צו־להכעיס. מיר האָבן צוגעזאָגט פּרעמיעס — האָט ער דערפון געמאַכט אַ פעליעטאָן. זיין פעליעטאָן האָט אונדז געקאָסט אפשר פערציק טויזנט לעזער!... אויף וועלכן שוואַרציאָר דאַרף מען אים דאָ?"... האָט ספּעקטאָר זיך מודה געווען: „מע דאַרף אים טאַקע דאָ, ווי אַ לאָך אין קאָפּ"...

דערהערט אַזאַ געשפּרעך, בין איך אַריין גלייך אין קאַנטאָר און דערקלערט ספּעקטאָרן, אַז איך טרעט־אַרויס פון דער רעדאַקציע. ספּעק־טאָר האָט געקוקט מאָדנע צעטומלט: „וואָס עפּעס פּלוצעם?" „דערפאַר, וואָס איר האָט דאָ ביידע גערעדט אַ ביסל צו הויך"... „ווער גערעדט? וואָס גערעדט? עס האָט זיך אייך געחלומט. מע האָט גאָר גערעדט פון אַן אַנדערן"...

אינאָוונט איז צו מיר ספּעקטאָר געקומען אַ פאַרוווירטער: עס פאַר־דריסט אים, וואָס איך האָב מיר אַיינגערעדט אַ קינד אין בויך. נאָר מילא... ס׳איז ביי מיר די ברירה... איך מוז אָבער אויך ווייטער שרייבן אין זיין צייטונג — ער וועט מיר צאָלן „פון שטיקל" דעם העכסטן האָנאָראַר, וואָס איז נאָר מעגלעך ביי היינטיקע ביטערע צייטן. וואָרעם טאָמער דערוויסן זיך זיינע שונאים אין „אונזער לעבן", אַז איך בין פון אים אַוועק אַ צעקריגטער, וועט מען דערפון לערנען דעם פּשט,

אַז אויך שלום־עליכם גייט אַוועק — און אָן שלום־עליכמען קאָן ער ניט בלייבן. מיט וועמען דען וועט ער בלייבן אין דער צייטונג — מיט אָט יענעם זשוליק, וואָס זיצט אין קאַנטאָר און מאַכט אים משוגע דעם קאָפּ מיט זיינע פּרעמיעס?...

ספּעקטאָרס מורא איז מקוים געוואָרן יענעם זומער: שלום־עליכם איז סוף־כל־סוף אַוועק פון דער „נייער וועלט". מע האָט אים אַזוי לאַנג ניט געצאָלט, ביז פּרוי שלום־עליכם איז געקומען קיין וואַרשע ברענגען די זאַך צו אַ סוף. מע האָט אַריינגענומען דינעזאָנען פאַר אַ פּשרה־מאַכער, און די פּשרה איז געווען, אַז מע דערצאָלט שלום־עליכמען פאַרן יאָר, לויטן ערשטן קאָנטראַקט פון סט. בלאַזיען, ביז דריי טויזנט רובל, און שלום־עליכם שענקט דער צייטונג די איבעריקע טויזנטער שורות פונעם ראָמאַן, וואָס ער האָט דאָרט געדרוקט ביז צום סוף יאָר. די באַלעבאַטים פון דער צייטונג האָבן כלומרשט געוואָלט פאַרזעצן דעם ראָמאַן ווייטער; זיי האָבן אָבער פאָרגעלייגט דערפאַר נאָר פופציק רובל אַ חודש — מיט גאַנצע צוויי הונדערט ווייניקער ווי פריער. דער דאָזיקער פאָרגעלייגטער פּרייז, אַזאַ וואָס מע האָט אויך געצאָלט דעם שרייבער פונעם שונד־ראָמאַן, האָט דינעזאָנען אויפגעבראַכט ביז צום העכסטן גראַד.

פון די „בלאָנזענדע שטערן" האָבן זיך אין דער „נייער וועלט" געדרוקט נאָר פערציק קאַפּיטלען — אַ קאַרגער פערט־חלק פון דעם גאַנצן ראָמאַן. אי ספּעקטאָר, אי שלום־עליכם האָבן זיך ביידע געפילט דערשלאָגן, וואָס דער ראָמאַן איז אינמיטן איבערגעריסן געוואָרן. ספּעקטאָר האָט אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ אין אַ בריוו צו שלום־עליכמען — אויף וואָס שלום־עליכם האָט אים געענטפערט מיט אָט דעם בריוו (געשריבן אין באַדענווייילער, דעם 19טן אויגוסט, 1910):

ברודער ספּעקטאָר!

איך האָב דיין גרויסן וואַרעמען בריוו ערהאַלטן און ענטפער דיר באַלד לויט דיין פאַרלאַנג.

וועגן ראָמאַן: דעם אמת געזאָגט, דאַרף אונדז ביידן הנאה טאָן, וואָס האָט זיך אַזוי געמאַכט, וואָס ער איז איבערגעריסן געוואָרן אין דיין

ציַיטונג. דו, וועלכער איז געגאַנגען מיט מיר האַנט ביי האַנט אַ פערטל יאָרהונדערט, אום מלחמה צו האַלטן מיטן שניט פון שמ״ר (אָדער פינ־קערטאָן אין היינטיקע ציַיטן), ווייסט מיך פאַרשטיין, ווי טרויעריק ס'איז געוועזן, אַז די „בלאָנזענדע שטערן״, וואָס דאַרף זיין אַ פערל אין דער קרוין פון מיין 27־יאָריקער ליטעראַרישער אַרבעט, זאָלן גיין צוזאַמען מיטן ערגסטן שונד, וואָס שמ״רס ראָמאַנען איז אַ גאָלד קעגן זיי. איינער אַ וואַרשעווער באַלעבאָס האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ער קאָן, ליידער, די „בלאָנזענדע שטערן״ ניט לייענען, ווייל אין דער „נייער וועלט״ דרוקן זיך אַזעלכע ראָמאַנען צוזאַמען מיט שלום־עליכמען, וואָס ער וויל ניט, אַז זיין טאָכטער זאָל עס האָבן צו דער האַנט... איך בין ניט קיין מגיד און קיין גאָטס סטראַפּטשע און דאַרף קיינעם קיין מוסר ניט זאָגן. מעגלעך, אַז פרנסה באַרעכטיקט אַלעס. דו ביסט אַריין אין אַ שות־פות מיט ראָטאַציאָנס־מאַשינען, קאַפּיטאַלן א. ז. וו. ווי קאָן איך דיר זאָגן דעות? מעגלעך, אַז דיין שותף איז פאַלקאָם גערעכט, כאָטש ער האָט זיך אויסגעדריקט פאַר מיין פרוי אַ ביסל צו גראָבלעך, אַז מע דאַרף היינטיקע ציַיטן ניט קיין גוטן, ניט קיין שלעכטן ראָמאַן, מע דאַרף אַ מויד... אַז אַך און וויי, ספּעקטאָר, איז צו אונדז ביידן, צו וואָס מיר האָבן זיך דערלעבט, ווער עס דיקטירט היינט און ווער עס רעדאַגירט היינט ליטעראַטור. נאָר וואָס זאָל מען טאָן? איך האַלט, אַז ס'וועט זיך איבער־קאָכן. עס וועט נאָך קומען אַ ציַיט, וואָס מע וועט אונדז זוכן. אַלזאָ, ברודער, ניט קיין 50 און ניט קיין 100 רובל אַ וואָך שפּילט דאָ די הויפּט־ראָלע. עס זאָל געוועזן גיין ווי ס'איז געגאַנגען, איז גאָרנישט. אלא ס'האָט זיך איבערגעריסן, איז אויך גאָרנישט. דו האָסט ניט גענוג מוט צו זאָגן מיר: „ברודער שלום־עליכם, מיר דאַרפן דיינע „בלאָנזענדע שטערן״ אויף כפרות. מיר דאַרפן יתומות, מיט סודות פונעם רבינס הויף, מיט סודות פון דער רביצינס טעכטער. און אויב מיר ווילן דיך, איז נאָר צוליבן נאָמען, פאָרט אַ שטיקל נאָמען״. אָט אַזוי האָסטו מיר באַדאַרפט זאָגן, וואָלט דאָס געווען פאַכאָזשע אויף אַן אמת. איז דאָס אָבער אוממעגלעך, וואָרעם איך בין ניט אַזאַ נאַר, איך זאָל דיר הייסן אַרויסוואַרפן צוליב מיר און צוליב מיין נאָמען אַלע „בעלי סודות״ מיט

די איבעריקע שמירערס... צו די „בלאָנזוענדע שטערן“ גיב איך אַוועק מיין גאַנץ ביסל כוח, וואָס איך פאַרמאָג נאָך, מיט מיין בעסטן זאַפט און בלוט, כאָטש איך ווייס, אַז ניט דאָס דאַרף מען היינט, כאָטש דו אַליין האָסט מיר געשריבן אַנומלט, אַז ווען שמ״ר זאָל איצט אויפשטיין, וואָלט אים וואַרשע פאַרצוקערט... ספעקטאָר! לאָמיר זיין אַ ביסל אויפריכטיקער, קוקן דער ווירקלעכקייט גלייך אין פנים אַריין און לאָמיר האָבן גע־דולד איבערצוואַרטן די שלעכטע צייט. ס׳איז אַ שלעכטע, אַ ביטערע צייט פאַר ריינער ליטעראַטור! — — —. האָב איך דיר געענטפערט אויף אַלעס און קלאָר, די ריינע וואַרהייט, און האָף, אַז דו וועסט מיך פאַרשטיין און מסתמא ניט אורטיילן צום שלעכטן. און — איינס צום אַנדערן קער זיך ניט אָן — עס וועט מיך פרייען, אַז דו וועסט מיר שרייבן, אַז עס גייט דיר גוט אין געשעפט און אַז דו האָסט כאָטש פרנסה, וואָרעם אויב ניט קיין כבוד פון אַזעלכע „ראָמאַנען“, לאָז כאָטש זיין פרנסה... ווען דערלעבט זיך שלים־מזל ספעקטאָר צו אַ גאַזעט? — אַז די שמ״רס שטייען־אויף פון די קברים! ווי ביסטו געווען, האָב דיר אַכציק גוטע יאָר, מיט פופצן־צוואַנציק יאָר פריער מיט אַ „נייער וועלט“, בימי צעדערבוים, גאָרדאָן וכו׳ וכו׳ וכו׳??? עך־עך־עך!

דיינער ווי געוועזן שלום־עליכם.

ז

## שלום־עליכם אין רוסיש

נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט זיך צעשיידט מיט ספּעקטאָרס „נייע וועלט" האָט ער זיין ראָמאַן „בלאָנזשענדע שטערן" ניט איבערגעריסן אינמיטן. ער האָט אים ווייטער געשריבן אָן אַן אָפּשטעל און דערווייל אים געדרוקט נאָר אין אַמעריקע, אין סאַפּירשטיינס „מאָרגען זשורנאַל", ווו ער איז געלייענט געוואָרן פונעם עולם מיט שטייגנדיקן אינטערעס. דאָס האָט אָבער שלום־עליכמען ניט אינגאַנצן באַפרידיקט. עס האָט אים געפעלט זיין אייגענער, נאָענטער לעזער, דער לעזער פון רוס־לאַנד, ווּעמען ער האָט ביים שרייבן שטענדיק געהאַלטן פאַר די אויגן. אויף זיין פאַרלאַנג, האָבן מיר צוויי, איך און דינעזאָן, זיך געפּרוּווט אָנשלאָגן מיט די „בלאָנזשענדע שטערן" אין אַנדערע וואַרשעווער צייטונגען, אינעם „פריינד" און אינעם „היינט", נאָר יענע האָבן פון דעם ראָמאַן ניט געוואָלט הערן. דער ערפאָלגרייכער רעדאַקטאָר פונעם „היינט", וואָס האָט צו יענער צייט שוין אָנגעהויבן רעדן צו דער וועלט פון אויבן אַראָפּ, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויפגעקומענעם גביר, האָט גאַנץ ברייטלעך דערקלערט, אַז ראָמאַנען שרייבן זיינע מענטשן בעסערע ווי שלום־עליכמס; פון שלום־עליכמען קאָן ער נעמען נאָר „בילדלעך". אַשטייגער, ווען שלום־עליכם זאָל אַראָפּברענגען אַהער קיין וואַרשע אויף די נאַלעווקעס זיין שרה־שיינדעלען (געמיינט האָט ער מנחם־מענדלס ווייב שיינה־שיינדל), זי זאָל זיך דאָ אויסטענהן מיט די ווייבער אויף איר „מענה־לשון" — אָט דאָס וואָלט געווען אַ סחורה!... שלום־עליכם האָט אָבער פון „בילדלעך" איצט ניט געוואָלט רעדן. ער האָט אונדז אין זיינע בריוו געשטעלט אַ תּנאַי: אָן די „בלאָנזשענדע שטערן" טרעט ער ניט אַריין אין קיין שום צייטונג. אַזוי ווי מיט אַ יאָר צוריק איז אים שווער געווען אָנצוהייבן שרייבן דעם ראָמאַן, אַזוי

איז אים איצט נאָך שווערער געווען אָפּצורייסן זיך פון אים. ער איז שוין אין אים געווען פאַרזונקען מיט אַלע זיינע געדאַנקען.

נאָר איין בעלן אויף די „בלאָנזענדע שטערן" האָט זיך דעמאָלט געפונען אין וואַרשע — דאָס איז געווען דער אַרויסגעבער פון „אונזער לעבן", ש. האָכבערג. יענער האָט זיך געקוואָפּעט אויף שלום־עליכמס ראָמאַן צוליב צוויי זאַכן: ערשטנס, צו שלאָגן דערמיט מאָראַליש ספּעקטאָרן, זיין געוועזענעם שותּף און איצטיקן שונא; און צווייטנס, אַוועקצונעמען מיטן זעלבן קלאַפּ פון ספּעקטאָרס גוססער צייטונג איר רעשט ביסל לעזער. דינעזאָן, וואָס איז כּל ימיו געווען אייפערזיכטיק אויף שלום־עליכמס חברשאַפט מיט ספּעקטאָרן (און איז פון זיין פאַר־באָרגענעם עגאָאיסטישן שטאַנדפּונקט געווען ניט אינגאַנצן אומגערעכט: וואָרעם ער אַליין האָט שלום־עליכמס פריינדשאַפט ערלעך און כּשר פּ אַ ר ד י נ ט, און ספּעקטאָר האָט זיך מיט אַזאַ זאַך ניט געקאָנט באַ־רימען), — האָט האָכבערגן אין דעם שטאַרק געשטיצט. שלום־עליכם האָט אָבער נאָך ניט פאַרגעסן, ווי אַזוי דער זעלבער אַרויסגעבער פון „אונזער לעבן" האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אים באַהאַנדלט מיט זיין „מבול", און אַז האָכבערג איז צו אים יענעם זומער ספּעציעל געקומען קיין אויסלאַנד (אין באַדענווייילער) מיט אַ פאָרשלאָג, אַז ער איז גרייט צו צאָלן פאַר די „בלאָנזענדע שטערן" הונדערט פופציק רובל מאָנאַטלעך, — האָט אים שלום־עליכם גאַנץ העפלעך אָפּגעזאָגט.

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל ביי שלום־עליכמען, זינט ער האָט אָנגעהויבן לעבן פון דער פען, ער זאָל זיך קאָנען דערלויבן אַזאַ לוקסוס: זיך האַלטן פריי און אומאָפּהענגיק קעגן די צייטונגס־אַרויס־געבער. די בייטש פון מאַטעריעלער נויט האָט אים שוין מער ניט געשראָקן, ווי אין די פאַרגאַנגענע ביטערע יאָרן. ער האָט איצט דער־גרייכט אַ מדרגה, צו וועלכער קיין אַנדער יידישער שרייבער אין יענע טעג האָט ניט זוכה געווען: ער האָט געקאָנט עקזיסטירן פון זיינע גע־דרוקטע ווערק, אַפילו ביי זיינע פאַרגרעסערטע באַדערפעניש, אַלס קראַנקער מענטש, וואָס מוז פאַרברענגען אַ קיילעכיק יאָר אין די קאָסטבאַרע אויסלענדישע קור־ערטער. על־כּל־פּנים, זענען די אויס־

זיכטן געווען גאַנץ ליכטיקע. די אויסגאַבע פון זיינע ביכער אין וואַרשע איז געגאַנגען וואָס ווייטער אַלץ לעבעדיקער. עס זענען צוגעקומען נייע בענדער, און די אַלטע האָבן אויסגעהאַלטן אָפטע אויפלאַגעס. דער־הויפט איז געווען אַ שטאַרקע פאָדערונג אויף דער ביליקער פאָלקס־אויסגאַבע, וואָס איז געדרוקט געוואָרן אין קליינע ביכעלעך — די דאָזיקע ביכעלעך האָבן איין יאָר דערגרייכט אין סך־הכל די הויכע צאָל פון אַרום צוויי הונדערט טויזנט (איינער אַ יידישער ליטעראַטור־כראָ־ניקער האָט זיי דעמאָלט אַ ביסל גוזמאדיק באַצייכנט מיט דער צאָל פון אַ פערטל מיליאָן). אַזאַ פּאָפּולער ביכעלע, ווי „ווען איך בין רויט־שילד", למשל, פלעגט אָפט איבערגעדרוקט ווערן ניט ווייניקער ווי אין פינף טויזנט עקזעמפּלאַרן, און דער עולם פלעגט עס קויפן, ווי מע קויפט אַ סידורל, צי אַ „בענטשערל", דאָס הייסט, אַז ווען עס ווערט שטאַרק אָפּגעניצט פון אַ סך מאָל לייענען, גייט מען און מע קויפט אַ נייעס. אין די וואַרשעווער יידישע גאַסן האָט מען יענע יאָרן שלום־עליכמס ביכעלעך געקאָנט זען אויף יעדן גאַס־ווינקל, ביי די צייטונגס־פאַרקויפער, און די וואַרשעווער בוכהענדלער, וואָס האָבן ניט ווייניק מקנא געווען יעקב לידסקין, שלום־עליכמס פאַרלעגער, האָבן גערעדט וועגן שלום־עליכמס בוך, ווי וועגן דעם הויפּט־באַוועגער פון דעם יידישן ביכער־מאַרק, וואָס עפנט אַ וועג צום יידישן עולם אויך פאַר די ווערק פון אַנדערע שרייבער.

דערצו זענען יענעם יאָר דערשינען אין דעם מאָסקווער פאַרלאַג „סאָווּרעמעננייאַ פּראָבלעמי" די ערשטע בענדער פון שלום־עליכמס ווערק אין רוסישער איבערזעצונג, און זייער ערפאָלג איז געווען איבעראַשנד. איבעראַשנד — ווייל קיינער האָט ניט געגלייבט, אַז מע קאָן שלום־עליכמען איבערזעצן אויף רוסיש אַזוי, ער זאָל ניט פאַרלירן זיין אמתן טעם, און מע האָט שטאַרק געצווייפלט, צי עס וועלן זיך אויף דער איבערזעצונג געפינען בעלנים. מע האָט געמאַכט אַזאַ חשבון: ווער וועט שלום־עליכמען לייענען אויף רוסיש? יידן, וואָס קאָנען אים לייענען, אָדער אַפילו הערן פון אַנדערע, אויף יידיש — וועלן די רוסישע איבערזעצונג אין האַנט ניט וועלן נעמען. און רוסן — די וועלן, אין

בעסטן פאַל, אַפילו ווען די איבערזעצונג זאָל זיין אַ געלונגענע, ניט קאָנען באַגרייפן דעם ספּעציפיש־יידישן שלום־עליכם־הומאָר. אויסגע־לאָזט האָט זיך אָבער אַנדערש. דער ערשטער באַנד אין רוסיש, אונטערן נאָמען „דיעטי טשערטי״ (קינדער פונעם תחום; — שלום־עליכם פלעגט אין שפּאַס אַרויסרעדן דאָס וואָרט „טשערטי״ מיטן טראָפּ אויפן „טשע״ און מיט אַ ווייכן „טי״, אַזוי, אַז עס איז אויסגעקומען „קינדער־שדים״), איז אויפגענומען געוואָרן, סיי פון רוסיפיצירטע יידן, סיי פון עכטע רוסן, מיט אַזאַ אינטערעס, אַז די ערשטע פינף טויזנט זענען גיך פאַר־צוקערט געוואָרן. די איבערזעצונג איז טאַקע אַרויסגעקומען ניט קיין אידעאַלע, ניט געמאַכט פון אַ קינסטלערישער האַנט, און פון דעסטוועגן איז דער שלום־עליכמדיקער טעם אין איר ניט פאַרלאָרן געגאַנגען. די צווייפלער האָבן איצט געהאַט אַ מעגלעכקייט צו איבערצייגן זיך, אַז שלום־עליכמס „ראָזינקע״ שטעקט ניט דווקא אין זיין שפּראַך און אין זיין מאַניער, נאָר אין נאָך עפּעס, וואָס איז טיפער און וואָרצלדיקער פון ביידע זאַכן. די רוסישע קריטיק, אין פאַרשיידענע צייטונגען און זשורנאַלן, האָט שלום־עליכמען געגעבן אַ האַרציק־באַגייסטערטן קבלת־פּנים. די יידן־פריינדלעכע רוסישע אינטעליגענץ האָט צום ערשטן מאָל דערזען דאָס יידיש־רוסישע לעבן באַלויכטן דורך דער האַנט פון אַ גרויסן קינסטלער אין אמתדיק־אינטימען ליכט, אָן דער פאַלש־פרומער כוונה דאָס דאָזיקע לעבן צו אידעאַליזירן, אָדער צו וועקן צו דעם רחמנות פון דרויסן, און אָן דער נאַריש־שלעכטער כוונה אויסצוחוזקן עס און אַרויס־שטעלן אויף בייז ווונדער. שלום־עליכמס אינווייניקסטער הומאָר, דער גוטער און קלוגער, דער אַלץ־זעעוודיקער, האָט פאַר זיי דאָס דאָזיקע ליכט טיפער און אמתדיקער געמאַכט.

ס׳איז מערקווירדיק: ביי אונדז האָט די אינטעליגענץ שלום־עליכמען יאָרן־לאַנג אויפגענומען כמעט ווי אַ חוזק־מאַכער, ווי אַ פריילעכן אָפּ־שפּעטער פון דעם ניט־פריילעכן יידישן לעבן. ביי אַזאַ מיינונג האָט זיך לאַנג געהאַלטן פּרץ (אין זיינע לעצטע יאָרן האָט ער די דאָזיקע מיינונג געביטן), און פון די יינגערע שרייבער האָט אַזאַ ראַפינירטער אינטע־ליגענטער ייד, ווי א. ווייטער, שלום־עליכמען, פאַר זיין „אָפּשפּעטעריי״,

פשוט ניט געקאָנט סובל זיין. אַפילו איצט, נאָך דער אַלגעמיינער אָנער־קענונג, וואָס שלום־עליכם האָט ביי אונדז באַקומען, אַלס איינער פון אונדזערע פּאָזיטיווע גרויסמייסטער, פלייסט מען זיך נאָך אַלץ אונטער־צושטרייכן אין אים דעם יידישן גראָטעסק־מאָלער, דעם קינסטלער פון איבערגעטריבענע ליניעס. אונדזערע איבערגעשפּיצטע „מאָדערנע" טעאַטער־בטלנים באַפּוצן זיינע דראַמאַטישע פּאַרשוינען מיטן סאַמע ווילדן, חוזקדיקן גרים, באַשטעקן זיינע יידן מיט אַזעלכע קרומע, שפּיציקע „גראָטעסקע" זשעסטן און האַוואַיעס, וואָס די ערגסטע אַנטיסעמיטישע פאַנטאַזיע וואָלט עס ניט געקאָנט אויסטראַכטן. — און דווקא די נאַאיווע גויים, די ערלעכע, טיף־מענטשלעכע רוסישע שרייבער, האָבן אין שלום־עליכמען גלייך דערפילט די גוטע, ערלעכע פשטות, דעם גוטן אינטימען און ריינדיקן דיכטער פון זיין פאָלק. זיין שעפערישער הומאָר, די פריי־לעכע פאָרם, וואָס איז גובר דעם טרויעריקן תוהו־ובוהו (פאָרמלאָזיקייט), האָט זיך זיי באַוויזן ניט ווי שפּאָטישע קרום־זעעוודיקייט, נאָר ווי קלוגע, האַרציקע קלאָרזעעוודיקייט, ווי אַ לויטערער קוואַל פון גוטסקייט און רחמים. שלום־עליכמס הומאָר האָט ביי אַ סך גויים אַרויסגערופן מער טרערן ווי געלעכטער! מאַקסים גאָרקי, אַז ער האָט באַקומען פון שלום־עליכמען זיין ערשטן רוסישן באַנד, האָט אים געשריבן אַזוי: „אייער בוך באַקומען, דורכגעלייענט, געלאַכט און געוויינט — אַ ווונדערבאַר בוך! — — —. אינגאַנצן פינקלט עס מיט אַזאַ ווילער, גוטער און קלוגער ליבשאַפט צום פאָלק, און אַזאַ מין געפיל איז זייער זעלטן אין אונדזערע טעג..." כמעט אין דעם זעלבן נוסח האָט צו אים אויך גע־שריבן דער באַוווסטער רוסישער בעלעטריסט אַלעקסאַנדער קופּרין: „אַנדערע לאַכן פון אייער ווייטיקן הומאָר, און איך וויין..." נאָר מיט באַזונדערער הויכער באַגייסטערונג האָט אויפגענומען שלום־עליכמען אין דער רוסישער ליטעראַטור דער באַוווסטער פעליעטאָניסט און ראָמאַנען־שרייבער אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַטראָוו. זיין אַרטיקל, וואָס ער האָט פאַר־עפנטלעכט אין דער רוסישער פּרעסע גלייך נאָכן דערשיינען פון דעם ערשטן באַנד „דיעטי טשערטי", איז געווען אַן אמתער לויב־געזאַנג צו שלום־עליכמען:

„לאַכן דורך טרערן — האָט אַמפיטעאַטראָוו געשריבן — איז אַ טרויריקער פאַרגעניגן. מעגלעך אָבער, אַז דאָס איז דער טיפסטער פאַרגעניגן אויף דער ערד, און גליקלעך איז דער, וואָס קאָן אים פאַרשאַפן צו די מענטשן.

„איך האָב נאָר־וואָס דורכגעלייענט דעם ערשטן באַנד פון שלום־עליכמס געזאַמלטע שריפטן [„מאָטל פייסי דעם חזנס”, „די פאָן”, „דאָס מעסערל” און „אויפן פידל”]. קיין בוך האָט שוין לאַנג מיך ניט געמאַכט אַזוי צו לאַכן, אַזוי גוט און געזונט צו לאַכן, און — איך שעם מיך גאַרניט מודה צו זיין — אַזויפיל מאָל צו פילן, אַז אָט־אָט האַלט איך ניט אויס. נאָך איין קוועטש פון דער פען אין דער האַנט פונעם גרויסן טאַלאַנט — און פון די אַלטע אויגן, וואָס זענען שוין געוווינט סיי צו גוטס, סיי צו שלעכטס, וועלן זיך אַ גאָס טאָן טרערן... אַ גרויסער הומאָריסט! אַ באַגייסטערטער קינסטלער!

„איינמאָל האָב איך געשריבן וועגן שלום־עליכמען, אַז אין זיין טאַלאַנט הער איך דעם אָטעם פון אַ דיקענס. איצט, אַז איך האָב מיך באַקענט מיט אָט די דערציילונגען זיינע, בלייב איך אינגאַנצן פעסט ביי דער דאָזיקער מיינונג מיינער. פון אַלע אַנדערע הומאָריסטן איז שלום־עליכם דער סאַמע נאָענטסטער צו דיקענסן: אַ שריפטשטעלער אַ פסיכאָלאָג, וואָס קאָן אינאיינעם מיט קינדער אי לאַכן, אי וויינען אַזוי האַרציק־פּראָסט, אַזוי הייליק־רירנד. איך וואָלט הייס געוווּנטשן אַלע רוסישע עלטערן, וואָס ווילן, אַז דער יונגער דור זאָל אויסוואַקסן אויף די געפילן פון יושר, פון ליבע צום נאָענטן און פון מענטשלעכער גלייכקייט, אַז זיי זאָלן זייערע קינדער באַקענען מיט שלום־עליכמס ווערק.

„שלום־עליכם איז אין פולן זינען פונעם וואָרט אַ קינסטלער און אין טיפסטן און בעסטן זינען פונעם וואָרט אַ נאַציאָנאַליסט. ער איז נאַציאָנאַל, ווי עס זענען נאַציאָנאַל מאָפּאַסאַן, דיקענס, טשעכאָוו. זיינע יידישע טיפּן קאָנען מיר באַטראַכטן ניט אַנדערש, נאָר ווי די פראַנצויזן, וואָס מאָפּאַסאַן האָט געשריבן, די ענגלענדער, וואָס דיקענס האָט געשריבן, די רוסן, וואָס טשעכאָוו האָט געשילדערט.

„איך חזר־איבער נאָך אַ מאָל מיין ווונטש, אַז די רוסישע דער־

וואַקסענע לעזער זאָלן זיי לייענען מיט כוונה, און אַז זיי וועלן אַליין דורכלייענען, זאָלן זיי אויך געבן זייערע קינדער צו לייענען..."

אַמפיטעאַטראָווס הייסער לויב־אַרטיקל, וואָס איז ציטירט געוואָרן אין אַ סך פּראָווינציעלע רוסישע צייטונגען, ווי אויך די באַגייסטערטע רעצענזיעס פון אַנדערע רוסישע שרייבער, וואָס האָבן פאַרגליכן שלום־עליכמען מיט גאָגאָלן, האָבן אַרויסגערופן קעגן שלום־עליכמס בוך אויך אַן אַנדער סאָרט „קריטיק". עס האָט זיך אויפגעכאַפּט די פינצטערע כולי־גאַנישע פּרעסע פון דער רוסישער „שוואַרצער מאה", וואָס האָט יענע יאָרן געבושעוועט איבער גאַנץ רוסלאַנד. דאָרט האָט מען שלום־עליכמס בוך ניט קריטיקירט, נאָר פּראָסט געזידלט מיטן גראָבן אַנטיסעמיטישן לשון, אויפן אמתן „כאַמישן" שטייגער. מע האָט געמאַכט גוואַלד, אַז די רוסישע ליטעראַטור איז פאַראומרייניקט געוואָרן דורך אַ בוך פון עפּעס איינעם אַ „זשידאָק", אַ „שליאָמקע אַלייכעם", וועמען די זשי־דאָווסקע פּאַפּיר־פּאַטשקער, די אַלע „שליאָמקעס" און „שמולס", און מיט זיי אינאיינעם זייערע רוסישע נאָכשלעפּערס, די „זשידאָווסטוויוש־טשיע קראַמאָלניקעס" (די פאַרייִדלטע רעוואָליוציאָנערן), האָבן די חוצפּה צו רופן מיטן נאָמען „זשידאָווסקי גאָגאָל". מע קאָן זיך שוין פאָרשטעלן, ווי הויך עס גרייכט דער טאַלאַנט פון דעם דאָזיקן ניי־געקרוינטן „זשי־דאָווסקי גאָגאָל", אַז אין זיין בוך באַשרייבט ער די גבורות פון זיינע לייבלעכע „חייקעס" און „מאָטקעס", וואָס טראָגן „פּייסיקעס" און „לייב־סערדאַקעס", שרייען „אַי־וויי־מיר", און עס שמעקט פון זיי מיט קנאָבל פאַר אַ מייל... און אַזוי ווייטער, אומגעפּער אין דעם נוסח (איך ברענג עס דאָ לויטן זכרון). דאָס איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז שלום־עליכם הייבט־אָן צו ווערן פּאָפּולער ביים רוסישן עולם.

דער וואַרעמער קבלת־פּנים, וואָס שלום־עליכם האָט באַקומען אין דער ליבעראַלער רוסישער פּרעסע, האָט אים אי איבערראַשט, אי שטאַרק באַפליגלט: עס איז מקוים געוואָרן זיין טיפסטער ווונטש פון לאַנגע יאָרן — צו באַווייזן זיך אין פולער מאָס אויך אויף דער גרויסער וועלט. און צוזאַמען מיט דעם איז געגאַנגען דער מאַטעריעלער ערפאָלג. די מאָסקווער פאַרלעגער האָבן זיך אָנגעהויבן אַיילן מיט די ווייטערדיקע

בענדער. עס איז גלייך דערשינען דער צווייטער באַנד „דיעטי טשערטי", און ביזן סוף יאָר — נאָך צוויי בענדער. אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָר, ביז צום אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, זענען אַרויס אין רוסיש צוועלף בענדער, וואָס האָבן שלום־עליכמען פאָפולער געמאַכט אין די רוסישע ליטעראַרישע קרייזן און אים אויך געגעבן אַ פיינע הכנסה. די רוסישע איבערזעצונג האָט פאַר אים אויך געעפנט אַ וועג צו די דיקע רוסישע זשורנאַלן: מיט צוויי יאָר שפעטער איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אַלס מיטאַרבעטער אין דער ניי־געגרינדעטער מאָנאַטשריפט „סאָווועמעננניק", פאַר וועלכער ער האָט באַאַרבעט — אין פרעמדער איבערזעצונג — זיינע „בלאָנזענדע שטערן".

שלום־עליכמס ערפאָלג אין רוסיש האָט באַוויגן זיינע מאָסקווער פאַרלעגער צו מאַכן אַ פראָבע אויך מיט די ווערק פון מענדעלע און פרצן, פון וועלכע זיי האָבן אַרויסגעגעבן עטלעכע בענדער. שלום־עליכם אַליין האָט זיי אין אַ בריוו רעקאָמענדירט אַרויסצוגעבן אויך פרישמאַנס שריפטן. און אַז איינער פון די פאַרלעגער איז געקומען צו אים קיין אויסלאַנד מיט אַ באַזוך, האָט שלום־עליכם מיט אים פאַרפירט אַ ברייטן שמועס וועגן אַרויסגעבן אין רוסיש אַ גאַנצע סעריע יידישע ביכער, צווישן זיי די ווערק פון די יינגערע יידישע בעלעטריסטן, ווי רייזען, נאָמבערג און אַנדערע. (די זאַך איז ניט צושטאַנד געקומען, ווייל אינמיטן האָבן די פאַרלעגער, צוויי ברידער, זיך צעטיילט, און זייער פאַרלאַג איז צעשפאָלטן געוואָרן אויף צוויי).

דאָס איז שוין געלעגן אין שלום־עליכמס נאַטור. ביי אַ ליטעראַרישן אויפטו, פונקט ווי אין פריוואַטן לעבן, ווען די שטימונג איז ביי אים געווען אַ געהויבענע, האָט ער ניט ליב געהאַט צו זיין אַליין, איינער אויפן יאַריד. ער האָט ליב געהאַט חברותא — צוזאַמען מיט „צעך" איז פריי־לעכער. עס אַרבעט זיך גאָר געשמאַקער...

## ח

# זומערדיקע צוזאַמענפאָרן

ניט געקוקט דערויף, וואָס ביי שלום־עליכמען האָבן זיך איצט אָנגעהויבן די „זיבן זאַטע יאָר” און זיין שריפטשטעלעריש לעבן איז באַרייכערט געוואָרן מיט נייעם אינטערעס און מיט נייעם ליטעראַרישן רום, האָט ער יענעם ווינטער־סעזאָן (1910) גאַנץ אָפט זיך געפילט אין אַ געדריקטער שטימונג. דאָס איז געווען זיכער דערפאַר, ווייל יענעם ווינטער האָט ער צום ערשטן מאָל דערפילט, ווי אַזוי זיין פאַמיליע הייבט־אָן זיך אָפטיילן פון אים, ווערט „צעזייט און צעשפרייט”. די עלטערע אויסגעגעבענע טעכטער מיט זייערע מאַנען זוכן צו בויען זייער לעבן יעדער פאַר זיך, און דער לעבעדיקער, פריילעכער אינהאַלט פון זיין טאָג־טעגלעכן הויז־לעבן, וואָס ער האָט דערפירט ביז צו אַ מדרגה פון אַ קונסט־ווערק, ווערט וואָס ווייטער אַלץ מער געמינערט. דערצו האָט נאָך אין דעם מסתמא געשטעקט אַ באַזונדער ביטערער טראָפּן: עס האָט דערמאָנט, אַז די פריילעכע טומלדיקע יונגע יאָרן, כאָטש דורכגעמאַכט אין גרויסע זאָרגן און נויט, טרעטן־אָפּ ביסלעכווייז זייער פּלאַץ דער אָנקומענדיקער איינגעשטילטער, באַרואיקטער עלטער. פאַרבליבן אין נערווי נאָר מיט צוויי קינדער פון דעם גאַנצן היפשן הויז־געזינד, האָט שלום־עליכמען אָנגעהויבן צו נאָגן אַ שטילער טרויער. עס האָט אים עפּעס געפעלט, אים איז עפּעס ניט דערגאַנגען צו זיין אינערלעכער, זעלישער האַרמאָניע. ער האָט פאַרוואָרפן מיט בריוו די יונגע קויפמאַנס, זיי זאָלן קומען צו אים פאַרברענגען די ערשטע חדשים נאָך זייער חתונה. געקומען צוגאַסט קיין נערווי איז נאָר די טאָכטער ליאַלי; דער יונגער איידעם קויפמאַן איז דעמאָלט נאָר־וואָס אַריינגעטראָטן אין דעם בערלינער אוניווערסיטעט, שטודירן מעדיצין, און האָט זיך פלייסיק גענומען פאַר די נייע לימודים.

גראָד האָט זיך יענעם יאָר געמאַכט אַזוי, אַז אויך פרוי שלום־עליכם

האָט עטלעכע מאָל געמוזט אָפּפאָרן קיין רוסלאַנד, צוליב פאַמיליע־ענינים און צוליב די געשעפטן מיט די צייטונגען און פאַרלעגער, און אין אַזעלכע מאָמענטן האָט זיך שלום־עליכם געפילט נאָך מער איינזאַם, ווי אַן עלנט פאַרלאָזט קינד. ער האָט זיין פרוי געשריבן פאַרבענקטע בריוו, אָפט מאַס־קירט זיין אייגענעם זעלישן צושטאַנד מיט דער בענקשאַפט פון דעם קליינעם נומאַ, וואָס איז מיט אים פאַרבליבן אין דער היים. „מע האָט באַדאַרפט זען נעכטן אין אָוונט, — האָט ער איר איינמאָל געשריבן, — ווי אַזוי נומטשיק האָט זיך אָנגעבויגן איבערן בעט, באַהאַלטן דאָס פנים אין קישן, און ביטער, נאָר שטיל געוויינט...״

אַמאָל פלעגט שלום־עליכם זיין בענקשאַפט צו די „צעזייטע און צעשפרייטע״ קינדער אַיינוויקלען אין אַ שפּאַס. בשעת מיר האָבן זיך באַזעצט אין וואַרשע, האָט ער איבערגעלייענט אין דער „נייער וועלט״ אונדזער אַנאָנס, אַז „אַ פּאָרפאָלק (מיט אַ קינד) זוכט צוויי צימערן אין אַ אינטעליגענטן הויז״, — האָט ער זיך אויף דעם גלייך אָפּגערופן פון נערווי מיט אַ הומאָריסטישן בריוול צו דער רעדאַקציע, געשריבן אין וואָלינער פאָלק־לשון און מיט דער באַוווסטער וואָלינער אויסלייגעכץ, ווו עס ווערן געבראָקט איבעריקע „שטומע האען״ (הייען) אָן אַ שיעור. דאָס בריוול האָט זיך געלייענט אַזוי:

געעהרטע רעדאַקציע!

אַזוי ווי איך בין אייערער אַ שטענדיקער האַבאָנענט פון אייער צייטונג „די נייהע וועהלט״, האָב איך געלייהענט, אַז אַ „פּאָרפּאָהלק״ (מיט אַ קינד) זוכט 2 צימערען אין אַ הינטעליגענטנע הויז פריי באַנוצן מיט דער קיך, לכן בין איך אַייך מודיע, אַז איך האָב 2 צימערען מיט אַ קיך, און בין אַ הינטעליגענטנע הויז און קאָן צונעמען דאָס פּאָרפּאָהלק (מיט אַ קינד). הויב איר זיינט סאָגלאַהסנע, שיקט מיר דאָס פּאָרפּאָהלק (מיט אַ קינד) צו מיר אין מיין הינטעליגענטנע הויז. איך וואָהן אין נעהרווי אין איהטאַליע וויהאַ דעל פּאָהצצאָ 65 און מיין האַדרעס איז נערווי קאַז. פּאָס. 66, איטאַליאַ. און הויב זיי ווילן, איז מיט העסען און טריהנקען און אַ טיהש צום שרייבען מיט אַ שרייהבמאַהשיהן רעהמינגטהאָהן מיט האַלע אודאָהוואָהלסטוויהעס.

מיט האָכאַכטונגספאָהל פון מיר אייער האַבאָהנעהנט וואָס לאָזט ניט דורך אַפּילו קיין אַהנאָנסעהן פון אַייהער געהערטער צייהטונג

שלום־עליכם.

אַז ספּעקטאָר האָט אונדז איבערגעגעבן דאָס בריוול, האָבן מיר אַלע שטאַרק געלאַכט פון דעם דאָזיקן טיפּישן שלום־עליכם־וויץ. צו דער זעלבער צייט איז פאַר מיר אָבער געווען קלאָר, אַז פון הינטער דעם וויץ קוקט־אַרויס אַ באַהאַלטענער ערנסט. ווען, אַשטייגער, דאָס פּאָרפאָלק מיטן קינד איז זיך טאַקע פלוצעם מיישב, וואַרפט־אַוועק וואַרשע און קומט צו פאָרן אינמיטן דערייגען קיין נערווי, וואָלט דאָס ביי שלום־עליכמען געווען אַ שמחה.

דער צווייטער ווינטער־סעזאָן אין נערווי איז דווקא געווען אַ לעבעדיקער, נאָך אפשר מער ווי דער ערשטער. אַ דאַנק שלום־עליכמען, איז נערווי געוואָרן פּאָפּולער ביי רוסישע יידן, און די יידישע קראַנקען־קאָלאָניע האָט דאָרט געוואָמען וואַקסן. עס האָבן אַהין אָנגעשלאָגן אַזעלכע פאַרשוינען, וואָס וואָלטן ביי זיך קיינמאָל ניט געפועלט צו לאָזן זיך אויף קוראַציע אין אַזאַ ווייטער, פרעמדער מדינה, ווי איטאַליע. אַפּילו „כלי־קודש” האָבן אָנגעהויבן אַרויסקוקן אַהין פון רוסלאַנד. קליינשטעטלדיקע רבנים, חזנים און שוחטים האָבן אָנגעפרעגט ביי שלום־עליכמען וועגן שטעלעס אין דער ניי־אָנטפּלעקטער „יידישער קהילה”. איינער האָט געשריבן, אַז ער קאָן זיין אַלץ אינאיינעם: סיי אַ רב, סיי אַ חזן, סיי אַ שוחט, און טאָמער דאַרף מען אַ היינטוועלטיקן ציוניסטישן מטיף, קאָן ער, מיט גאָטס הילף, דאָס אויך באַווייזן. אַזוי האָבן די טעגלעכע שפּאַצירגייער אויף דער „מאַרינע” אין נערווי יענעם ווינטער גוט געקענט איינע אַן אָרעמע יידענע פון אַ ליטווישן קליינשטעטל, וואָס איז געקומען אַהין מיט אַ קראַנקער טאָכטער און איז געוואָרן אַן אָפּטע — שוין אַ צו אָפּטע — אַריינגייערין ביים שלום־עליכמען אין שטוב, ווו זי האָט באַקומען, אַחוץ גוטע עצות און ממשותדיקע הילף, אויך שלום־עליכמס ביכער אויף צו לייענען. פאַר די גוטע עצות און גוטהאַרציקייט האָט זי „דעם הער און מאַדאַם ראַבינאָוויטש” געלויבט אין טאָג אַריין,

נאָר פון שלום־עליכמס מעשיות איז זי ניט אַזוי שטאַרק נתפעל געוואָרן. „אָט דאָס איז גאָר? — האָט זי אָפּן אַרויסגעזאָגט איר קריטיק. — וואָס האָט מען דאָ דערזען? ווען איך האָב אַ שיינעם כתב, וואָלט איך אַזעלכע מעשיות אַליין געקאָנט שרייבן!"

עס האָט זיך יענעם ווינטער גרופּירט אַרום שלום־עליכמען אויך אַ קליינער אינטימער קרייז, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען אַ פּאָר יידישע שרייבער (איינער פון זיי — ז. י. אַנכי) און אויך יידישע פּאַרטייליט. די דאָזיקע קליינע גרופּע פלעגט אָפט אַריינקומען צו אים אין הויז פאַרברענגען און, ווי דער שטייגער איז, פירן הייסע דעבאַטעס אויף נאַציאָנאַל־יידישע טעמעס (אין וועלכע שלום־עליכם אַליין פלעגט, אַגב, זיך ניט באַטייליקן — ער האָט ניט ליב געהאַט די אומפּרוכטבאַרע לײדנשאַפט פון שטרייטנדיקע „אידעאָלאָגיעס"). מע האָט אַפילו אַראַנזשירט פאַר די נויט־באַדערפטיקע קורגעסט אַ ספּעציעלן אָוונט, אויף וועלכן שלום־עליכם האָט פאָרגעלייענט.

נאָר דאָס זענען אַלץ געווען דרויסנדיקע אינטערעסן, וואָס האָבן ניט געקאָנט פאַרנעמען דעם ליידיק־געוואָרענעם פּלאַץ אין זיין אינעווייניקסטן, אינטימען משפּחה־לעבן. עס האָט אים אויסגעפעלט די וואַרעמע אַטמאָספער פון זיין אייגענער „רעפּובליק", וואָס האָט שטענדיק גענערט זיין מונטערקייט און צוגעגעבן אַ באַזונדער פריילעך ליכט די דורכגעלעבטע פּאַסירונגען פונעם טאָג. גראַד איצט, ווען זיינע אויסגעחלומטע ווונטשן האָבן אָנגעהויבן ווערן ווירקלעכקייטן, איז צעקראָכן געוואָרן זיין לייבלעכע „כאַליאַסטרע", די נערוועז־לעבעדיקע פריילעך־נייגעריקע, חידושים־דאָרשטיקע, פּונקט ווי ער אַליין. ניט געווען מיט וועמען איבערצוקאָכן ווי געהעריק זיין אויפשטייגן אין דער רוסישער ליטעראַטור, באַוווּנדערן די באַגייסטערטע אַרטיקלען פון אַן אַמפיטעאַטראָוו און זיין גלייכן, אויפנעמען אין היימישער פריילעכער חברותא די אַלע אינטערעסאַנטע און טשיקאַווע זאַכן, וואָס די טעגלעכע פּאָסט ברענגט אים פון דעם ווייטן רוסישן היימלאַנד. ער האָט זיך שוין געהאַט צוגעבונדן אויך צו מיר, אויפגענומען מיט פולן קרובישן צוטרוי מיין „ליטווישן", אויסערלעך רואיקן און באַדאַכטן סאָלאָ אין זיין רוישיקן

פאַמיליען־אָרקעסטער, און איך גלייב, אַז אויך איך האָב אים יענע טעג שטאַרק אויסגעפעלט. „ווי דערלעבט מען שוין זומער! — האָט ער גע־שריבן צו מיין פרוי אינמיטן ווינטער. — ווען זעען מיר זיך שוין אַמאָל?...״

ער האָט אונדז געשריבן כמעט יעדן טאָג, אָפטמאָל — צו עטלעכע בריוו אַ טאָג. די בריוו, קירצערע און לענגערע, האָבן צום מיינסטן גע־האַט צו טאָן מיט זיינע ליטעראַרישע ענינים, איבער וועלכע איך האָב געהאַלטן השגחה אין וואַרשע: מיט דער אויסגאַבע פון זיינע ווערק, מיט די „בלאָנזענדע שטערן״, מיט די אומאַיינגענעמלעכקייטן אין ספעק־טאָרס צייטונג. פון יעדן בריוו האָט אָבער אַרויסגעשיינט אַ ליכטיקער ווינקל מיט עטלעכע וואַרעמע פאָטערלעכע שורות, וואָס האָבן באַדאַרפט אָנהאַלטן אויפן ווייטן שטח דעם טאָג־טעגלעכן האַרציקן בונד צווישן אים און די קינדער. אין זיינע בריוו האָט ער קיינמאָל ניט אויסגעלאָזט די וויכטיקע פאַסירונגען, וואָס קומען־פאָר ביי אים ווייט פון אונדזערע אויגן, גאַנץ אָפט אונדז צוגעשיקט אַפילו די קאָרעספאָנדענץ, וואָס ער האָט באַקומען, די ערנסטע און די טשיקאַווע, און אויך די ענטפערס, וואָס ער האָט דערויף געגעבן — און דאָס אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט דער זעלבער כוונה: אָנצוהאַלטן פונדערווייטן דעם קאָנטאַקט מיט די קינדער אויף אַלע ליניעס, איבערלעבן און איבערקאָכן דאָס געשעעניש מיט זיי אינאיינעם כאָטש דורך בריוו, ניט פאַרבלייבן אין פאַרשלאָסענער, טרויעריקער און פרוכטלאָזער איינזאַמקייט. לייענענדיק זיין טעגלעכע קאָרעספאָנדענץ, אין וועלכער ער האָט אָפט מיט איין פיינער שורה געקאָנט אַרויסרופן ביי זיינעם אַ קינד טיפע אַנציקונג און בענקשאַפט, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיין אויג זעט און זיין אויער האָרכט דאָרטן דעם איינדרוק, וואָס זיינע ווערטער מאַכן דאָ: אַז ער האָט ביי זיך אַ מין פאָטערלעכן דראָטלאָזן אַפּאַראַט, וואָס פאַרבינדט איבער מרחקים זעל מיט זעל.

דערפאַר האָט ער אָבער אויך פון די קינדער געפאָדערט צו זיך פולע אויפמערקזאַמקייט, און איז געוועזן שטאַרק אומצופרידן, טאָמער האָט זיך ווער דערלויבט צו פאַרנאַכלעסיקן די דאָזיקע גוטע מידה. ער האָט געוועקט דעם פלייס ביי איינעם דורך שבחים צו אַ צווייטן. צוזאַמען

מיט אונדז אין וואַרשע, אויף איין וווינונג, האָט זיך אויפגעהאַלטן די יינגסטע טאָכטער מאַרוסי, און ווי אַ יונג קינד, איז זי געווען שטאַרק צוגעבונדן צו די עלטערן און האָט זיי געשריבן אָפטע בריוו, אָפטער ווי מיר. האָט שלום־עליכם אין זיינע אַלגעמיינע בריוו צו אונדז זי אַרויסגעשטעלט ווי אַ מוסטער: „מאַרוסי, דיך לויב איך, ביסט אַ מאַלאַ־דיעץ! דו ביסט צו מיר מער אויפמערקזאַם, ווי אַלע...״ אָפט האָט ער די זעלבע שבחים געשריבן אויף מיין אַדרעס, מיך געלויבט פאַר מיינע אויס־פירלעכע רעפּאָרטן וועגן דעם, וואָס אים האָט אינטערעסירט, געוואָלט דערמיט אַרויסרופן קנאה ביי מיין פרוי, וואָס האָט זיך אַמאָל באַגנוגנט מיט קורצע צושריפטן צו מיינע בריוו. כדי די עלטסטע טאָכטער זאָל קיין טעות ניט האָבן און ניט מיינען, אַז זי איז שוין מער קיין „קינד״ ניט, אַז זי פירט שוין אַן אייגן זעלבסטשטענדיק לעבן ווייט פון דעם פאָטערס הויז, האָט ער איר דאָס פון צייט צו צייט דערמאָנט דורך אַן אויסגעפּרוווטן מיטל: ער האָט איר געשיקט געלט־מתנות ניט נאָר ביי אַ פּאַסיקער געלעגנהייט, ווי, למשל, צו אַ געבורטסטאָג — ער האָט איר פאָרגעזעצט צו שיקן אַפילו חנוכה־געלט... און שיקן פלעגט ער דאָס אַזוי, אַז דער איינדרוק זאָל ניט זיין קיין שווערער, ניט ווי פון אַ געבער צו אַ נעמער, נאָר אַ שפּילעוודיקער, אַ פריילעך־אַמוזירנ־דיקער: די פּאָסט פלעגט ברענגען אַ זייער דיקן רעגיסטרירטן פּאַקעט, פון וועלכן עס האָבן זיך אַרויסגעוויקלט אַ צענדליק קאָנווערטן פון פאַרשיידענע פאַרבן איינער פונעם אַנדערן, איינער קלענער פונעם אַנ־דערן, און אויף יעדן איינעם אַן אינטריגירנדיקע הומאָריסטישע אויפ־שריפט, — ביז ס׳איז געקומען צום לעצטן קאָנווערט, פון וועלכן ס׳איז אַרויסגעפאַלן אַ קורץ בריוול מיט אַ „ביילאַגע״ — פּאַפּיר־געלט. דאָס געלט איז געווען באַשטימט פאַר דער טאָכטער, נאָר דאָס בריוול איז שוין געגאַנגען בלשון רבים: „זייט זיך מודה, קינדערלעך, אַז ס׳איז איינגענעם צו באַקומען בריוו מיט ,ביילאַגעס׳...״

און ער האָט ניט איין מאָל געטראָפן: ביי די האָנאָראַרן, וואָס מע פלעגט דעמאָלט צאָלן פאַר יידישער ליטעראַטור, איז אַזאַ מתנה אָפט שטאַרק צוניץ געקומען.

פון די בריוו האָבן מיר געוווּסט, אַז זיין געזונט האַלט זיך אין פאַר־בעסערן: אַז ער האָט שוין פאַרוואָרפן דעם טערמאָמעטער, — וואָס דאָס איז געווען דער בעסטער סימן. נאָר אַז ס'איז געקומען פרילינג, האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט אים שטאַרק איבערגעשראָקן. ער איז איינמאָל אַנ־דרעמלט געוואָרן אויף זיין „ליגעקור", אונטער דער הייסער זון, פּלוצעם אַריינגעפאַלן אין אָנמאַכט און איז קראַנק געוואָרן. די דאָקטוירים האָבן געפונען, אַז דאָס האַרץ איז ביי אים אָנגעגריפן, און האָבן אים געשיקט קיין שווייץ צום פּראָפעסאָר סאַהלי. סאַהלי האָט אים געראָטן, ער זאָל זיך אויסרוען פון שרייבן עטלעכע וואָכן אין דעם מילדן לוגאַנאָ און דערנאָך אַריבערפאָרן אויפן גאַנצן זומער אין שוואַרצוואַלד, אין דעם קוראָרט באַדענוויילער.

אין באַדענוויילער האָט זיך שלום־עליכם באַזעצט אָנהייב זומער און האָט אונדז גלייך געשריבן, אַז מיין פרוי מיטן קינד זאָלן צו אים קומען. ער האָט גערופן צו זיך אויף זומער אַלע קינדער. עס איז ביי אים אויסגעוואַקסן אַ פּלאַן וועגן אַ מין זומערדיקן צוזאַמענפאָר פון דער גאַנצער פאַמיליע. אויך דער עלטערער זון מישאַ, וואָס האָט יענעם פרילינג געענדיגט גימנאַזיע אין קיעוו, האָט באַדאַרפט קומען נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג.

איך בין דערווייל געבליבן אין וואַרשע. איך האָב געהאַט צו פאַר־ענדיקן, צוזאַמען מיט פרוי שלום־עליכם, דעם סכסוך מיט ספּעקטאָרס צייטונג, ווי אויך קאָנטראָלירן די חשבונות און דעם ביכער־לאַגער פון דער אויסגאַבע ביי לידסקין. איך האָב אויך געהאַט מיינע אייגענע ליטע־ראַרישע אַרבעטן. נאָר אַחוץ אַלע זאַכן, האָב איך סתם געקווייקלט, צי זאָל איך פאָרן קיין באַדענוויילער. עס האָט זיך מיר טאַקע זייער געוואָלט זען שלום־עליכמען, נאָר אַזוי ווי נאָך ספּעקטאָרס צייטונג בין איך געבליבן אָן אַ באַשטימטער באַשעפטיקונג, האָט שלום־עליכמען געקאָנט איינפאַלן אַ געדאַנק צו פאַרהאַלטן מיך ביי אים אויפן קומענדיקן ווינטער. און דאָס האָט זיך מיר ניט געגלוסט.

מע האָט מיך אָבער לאַנג ניט געלאָזט זיצן. נאָכדעם ווי פרוי שלום־עליכם איז אַוועקגעפאָרן, האָבן אָנגעהויבן לויפן בריוו מיט טעלעגראַמעס.

איך זאָל קומען — וואָרעם אַלע וועלן קומען. אויפֿן וועג האָב איך מיך אָפּגעשטעלט אין בערלין ביי די קויפּמאַנס, ווו איך האָב געטראָפֿן פֿון שלום־עליכמען אַ העברעאיש בריוול, געשריבן אין דעם פֿריילעך־צע־טראָגענעם טאָן פֿון אַ מחותן ערב חתונה:

„מיין טייערער ברק! [„ברק״ — מיין פּסעוודאָנים פֿאַר העברעאישע פֿעליעטאָנען. — י. ד. ב.]. מיר וווּנדערן זיך דאָ און ווייסן ניט פֿון גוטס ביז שלעכטס. ווער און ווער זענען די וואָס גייען? ווער פֿאָרט און ווער זיצט? נו־נו! איך האָב היינט געשיקט אונדזער מישאַן אַ צייגניס וועגן זיין רייזע. איך בין אָבער שטאַרק אין ספק, צי וועט מען אים אין קיעוו געבן אַ פּאַספּאָרט. וואָס־זשע וועט זיין דער סוף? — און ליאַלי און מיכל וועלן מסתמא אָפּוואַרטן, אָדער איר פֿאָרט צוזאַמען זאַלבעדריט? פֿאַרוואָס האָסטו זיך פֿאַרהאַלטן אין וואַרשע ביז זונטאָג? מיט וואָס איז דער טאָג געווען אַנדערש פֿון אַנדערע טעג? ס׳אַ רעטעניש! פֿאַרגעס ניט, אַז דו האָסט אַ טאָכטער, וואָס הייסט תמרה (דאָ האָבן מיר איר אַ נאָמען געגעבן „וואַמפּוקאַ״) [„וואַמפּוקאַ״ איז געווען דער נאָמען פֿון אַ פּאָפּולערער קאָמישער אָפּערע, וואָס איז דעמאָלט געגאַנגען אין דעם פּעטערבורגער סאַטירישן טעאַטער „דער קרומער שפּיגל״. — י. ד. ב.]. ברענג איר אַ וועגעלע (מאַלינקאָ פּאָוואָזעצקאָ — אויף איר לשון). גיב אַ קוש מיכלען און זיין צרה מרת ליאַלי זאָל לעבן״.

און שלום־עליכם האָט אויסגעפֿירט זיינס: יענעם זומער האָבן זיך ביי אים צונויפֿגעקליבן אַלע קינדער, מיט די צוויי איידעמס און מיטן איניקל. און ער האָט דאָס איינגעפֿירט פֿאַר אַ מנהג אויך אויף די קומענדיקע זומערן: איין מאָל אין יאָר מוז זיין ביי דער משפּחה יום־טוב, ווען אַלע מיטגלידער קומען זיך מיט אים צוזאַמען, נעמען־אויף פֿון אים דאָס איבערגעלעבטע פֿאַרן יאָר, פֿרייען זיך מיט אים און איינס מיטן אַנדערן, פֿרישן־אָפּ און פֿאַרשטאַרקן דעם צאַרטן בונד פֿון קרובהשאַפֿט...

## ט
# אין באַדענווייַלער

דאָס קליינע שטעטל באַדענווייַלער, ווו שלום־עליכם האָט פאַרבראַכט מיט זיין פאַמיליע צוויי זומערן, אין 1910 און 1911, איז אַ שטילער דייטשער קוראָרט, אַ זומער־רעזידענץ פאַר לונגען־קראַנקע, וואָס ליגט ערגעץ אויף אַ באַרגיקן ווינקל אין דרום־שוואַרצוואַלד, נאָענט ביי דער דייטשער שווייץ, באַגרינט מיט סאָסנאָווע און דעמבענע וועלדלעך און אַרומגעזוימט ווייט אויפן האָריזאָנט מיט אַ בלויליכן זוים פון בערג און געדיכטע וועלדער. דאָס גאַנצע שטעטל באַשטייט פון עטלעכע שטילע, יום־טובדיק אויפגעראַמטע גאַסן, וואָס שלענגלען זיך אין דער הייך און אין דער נידער, מיט קליינע אָפּגעזונדערטע ווילעס, באַדעקטע מיט קריכנדיקן גראָז און באַשאָטנטע מיט ביימער, מיט שטילע זויבערע האָטעלן און פּאַנסיאָנען, זומערדיק פאַרשלאָפענע, פון וועלכע מע הערט זעלטן אַ לעבעדיקן קלאַנג, מיט אַ פּראַכטיקן רייך־קולטיווירטן קור־פּאַרק פון איין זייט שטעטל, און מיט אַ קליינעם ריין־אויסגעשייערטן באַנהויפל פון דער צווייטער זייט, וווהין עס לויפט פון טיפן טאָל מיט פּאַמעלעכע טריט יעדן פרימאָרגן אַ קליינער צוג, פייפט שעמעוודיק־פאָרזיכטיק, קלאַפּט־אויס אַ ווייכן מוזיקאַלישן מאַרש מיט די רעדער, און די שטילע באַרגיקע לופט ענטפערט אים אָפּ, ווי פון זיסן באַגינענדיקן שלאָף, מיט אַ ווייט־פאַרחלומטן ווידער־קול.

אויך די ווילע, וואָס שלום־עליכם האָט געדונגען אויפן זומער פאַר דער פאַמיליע, איז געלעגן אין אַ פאַרוואָרפענעם שטילן ווינקל, סאַמע ביים עק שטעטל, הויך איבערן פאַרשלאָפענעם באַנהויפל. „ווילאַ קוננע" האָט זי געהייסן און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַלע דייטשע מעלות און פּינקטלעכקייטן. „ס'איז שוין איינמאָל אַ דייטשע קונע!" — האָט שלום־

עליכם אָנגעקוואָלן פון דער אויסערגעוויינלעכער ציכטיקייט, און וועלכער דער באַלעבאָס, אַ פּראָסטער דייטש אַ האָרעפּאַשניק, האָט געהאַלטן זיין ווילע פאַר די „רוסישע" געסט.

לכתחילה האָט עס אויסגעוויזן, אַז סע וועט זיין היפּשלעך לאַנג־ווייליק אָפּצוזיצן אַ גאַנצן זומער אין אַזאַ הערלעכן „העק", ווו מע הערט זעלטן אין גאַס אַ הויך קול, ווו אַפילו קליינע קינדער וויינען ניט, און ווו אינעם קור־פּאַרק, צווישן די איינזאַם־שפּאַצירנדיקע קראַנקע געסט, זעט מען ניט כמעט קיין היימישע יידן. שלום־עליכם האָט אָבער ניט געוווּסט פון לאַנגווייל. ווי זאָט ער איז ניט געווען מיט די פאַרשיי־דענע נאַטור־שיינקייטן, וואָס ער האָט זיך אָנגעזען פאַר די לעצטע יאָרן פון זיין קראַנקייט אין איטאַליע און אין די זעלטענע ווינקלען פון דער שווייץ, — האָט ער אין יעדן נייעם פּלאַץ געפונען נייע גאָטס וווּנדער, וואָס האָבן געפרייט זיין אויג און געקוויקט זיין האַרץ. עס איז געשטאַנען אַ מילדער וואַרעמער זומער מיט מילדע, לייכטע רעגנס אין די נעכט, נאָך וועלכע עס פלעגן זיך אויסלייטערן פרישע ליכטיקע פרימאָרגנס, מיט אַ זון, וואָס האָט ניט געבאַקט, נאָר געגלעט און גע־מונטערט, מיט אַ הילכיקן, באַרוישנדיקן געזאַנג פון וואַלד־פייגל, און מיט אַ פרישן קרעפּטיקן ריח פון די אַרומיקע פייכטע סאָסנע־ביימער. אין אַזעלכע פרימאָרגנס האָט שלום־עליכם אויסגעזען באַזונדער יונג און חנעוודיק־פריש אין זיין ברוינעם סאַמעטענעם קינסטלער־זשאַקעט און אין דעם ווייך־צעקנייטשטן ווייסן הוט. נאָך פרישטיק, דורכמאַכנדיק רעגלמעסיק, ווי אַ פּינקטלעכער פּאַציענט, דעם פרימאָרגנדיקן „ליגעקור", פלעגט ער אָנפילן זיינע פולפעדערס מיט טינט, שוואַרצע און רויטע, נעמען פאַר די הענט די יינגסטע פון זיין הויזגעזינד, דעם מיזיניק נומאַ און דאָס אייניקל תמרה, און לעבעדיק אַ זאָג טאָן אין שטוב: „מיר גייען אין וואַלד שרייבן!" צוריקקומען צו מיטאָג פלעגט ער מיט אַ היפּש־פאַרשריבענעם בלאָקנאָטל אין האַנט, און אָפט מיט אַ פריילעכער בשורה, אַז ער האָט אַנטפּלעקט אין וואַלד אַזאַ ווונדערלעכן גן־עדן־ווינקל, ווו קיין מענטשלעכער פוס האָט נאָך ביז אַהער ניט געטראָטן. דערביי פלעגן זיינע צוויי קליינע באַגלייטער, מיט פריילעכע אויסגעשמירטע פּנימער

פון וואַלד־יאַגעדעס, דאַרפן באַשטעטיקן, אַז דער ניי־אַנטפּלעקטער ווינקל איז ווירקלעך אַ גן־עדן־ווינקל.

זיין מונטערקייט האָט איצט מער געשטאַמט פון זעלישער באַרוטקייט, ווייל פיזיש איז ער געוואָרן נאָך פאַרזיכטיקער ווי פריער. צו זיין לונגענקראַנקייט, וואָס האָט זיך נאָך ניט אויסגעהיילט, איז לעצטנס צוגעקומען אַ האַרץ־שוואַכקייט (ער האָט יענע טעג געשריבן צו ד״ר גרשון לעווין אין וואַרשע: „דער גאָט פון דאָקטוירים, פּראָפעסאָר סאַהלי, האָט אויסגעפונען, אַז איך האָב אַ האַרץ״), און דאָס האָט זיין איינגעבוירענע באַוועגלעכקייט נאָך מער געצאַמט. ער האָט אָבער געהאַט אין באַדענווייל ער אַ גוטן באַרוטן זומער — דעם ערשטן רואיקן זומער פאַר די לעצטע יאָרן, אָן מאַטעריעלע זאָרגן, אָן האַרצווייטאָג מיט ציטונגען, אָן אויפרעגונגען צוליב דער צעזייטער פאַמיליע. אַלע קינדער זענען זיך איצט צוזאַמענגעקומען מיט אים אונטער איין דאַך, אין איין נעסט, און דאָס האָט ברייט געמאַכט זיין פאַטערלעך האַרץ, געשטימט אים אין פאַרלויף פונעם טאָג, און דערהויפּט ביים גערדיכט־אַרומגעזעצטן טיש, צו פריילעכקייט, צו הומאָריסטישע געשפּרעכן און לוסטיקע איינפאַלן. נאָר מער ווי אַלע מאָל האָט ער זיך געפילט אין געהויבענער שטימונג ביי אַ קבלת־פּנים פון אַ ניי־אָנגעקומענעם מיטגליד פון דער פאַמיליע. ער האָט זיך צו דעם געגרייט, ווי צו אַ יום־טוב, און אַראָפּלאָזנדיק זיך באַרג אַראָפּ מיטן גאַנצן הויזגעזינד, מיט גרויס און קליין, צום שטילן באַנהויפּל באַגעגענען דעם גאַסט, האָט ער אַלעמען אָנגעשטעקט מיט פריילעכער אויפרעגונג. יעדער ניי־אָנגעקומענער האָט געבראַכט מיט זיך פון דער ווייטער וועלט אַ נייעם אינטערעס, אַ פרישע כוואַליע פון לופט, פרישן שטאָף פאַר אינטערעסאַנטע, האַרציק־נאָענטע געשפּרעכן, פאַר פריילעכן טומל, פאַר פריילעכן קינדערשן געלעכטער, — וואָס איז פאַר שלום־עליכמס אויער אַזוי זיס געווען. און יעדן איינעם האָט מען באַדאַרפט ליב מאַכן זיין אָנקומען, דערפרייען אים דורך באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט, וואָס זאָל זיין צוגעפּאַסט צו זיין כאַראַקטער און צו זיינע נייגונגען. איך בין פון תמיד אָן געווען אַ שטאַרקער רויכערער, און שלום־עליכם איז פון דעם די לעצטע יאָרן, זינט

ער אַליין האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס רויכערן, געווען ניט־צופרידן, אָפט איראָניזירט איבער מיר מיט מיינע „פאַפּירעסלעך". נאָר איינס מיטן אַנדערן געהער זיך ניט אָן; נאָך איידער איך בין געקומען פון וואַרשע, האָט ער מיר צוגעגרייט אין מיין צימער, אויף מיין טישל, אַ מתנה: דווקא אַ פיינעם זילבערנעם פּאָרטסיגאַר, מיט אַן אינשריפט אין דייטשע גראַמען: „דענקסט דו אַן מיך, רויכסט דו ווי איך. שלום־עליכם"... און אַז דער נייער איידעם, מיכאל קויפמאַן, איז געקומען פון בערלין, האָט אים שלום־עליכם אַרויסבאַוויזן טאָפּעלע אויפמערקזאַמקייט — ער זאָל זיך גלייך דערפילן אין דעם נייעם פאַמיליען־נעסט, ווי ביי זיין אייגענעם טאַטן.

אַ באַזונדער יום־טוב איז פאַר שלום־עליכמען געווען דאָס אָנקומען פון זיין עלטערן זון מישאַ, וואָס האָט ערשט געהאַט געענדיקט די קיעווער גימנאַזיע מיט אויסצייכענונג — „מיט אַ מעדאַל". מישאַ איז געקומען פון קיעוו, נאָך אַן אָפּשייד פון עטלעכע יאָר, אַן אויסגעוואַקסענער — אַ הויכער בילד־שיינער בלאָנדער יונגערמאַן, מיט אַ געביטענער, איינ־געשטעלטער מענערשער שטים, וואָס האָט צייטנווייז שטאַרק דערמאָנט אָן דעם פאָטערס שטים. דאָס וואָס דער עלטערער זון איז אויסגעוואַקסן און איז שוין אַ סטודענט (דער דייטלעכער סימן, לויט אַמאָליקע רוסישע באַגריפן, אויף גייסטיקער רייפקייט) — האָט שלום־עליכמען מאָדנע אימ־פּאָנירט און אָנגעפילט זיין האַרץ מיט פאָטערלעכער פרייד. עס איז געווען רירנד צו זען די ערשטע טעג, ווי אַזויביידע שפּאַצירן אין דעם באַדענוויילער קור־פּאַרק: ווי אַזוי דער יונגער זון, כמעט מיט אַ קאָפּ העכער פונעם פאָטער, גייט און רעדט ערנסטע רייד, מאַכנדיק מיט די הענט זיכערע, פאָראויסשטרעבנדיקע באַוועגונגען, און ווי אַזוי דער געבויגענער, געצאַמטער פאָטער האָרכט אים גייענדיק מיט פולן האַרציקן צוטרוי, שטעלט זיך אָפּ און קוקט צו אים אַרויף דורך די האַלבע ברילן ליכטיק־פאַרוואונדערט, ווי ער וואָלט געגאַפט, וואָס זיין זון, זיין צוקונפ־טיקער נאָכפאָלגער, איז שוין אַזוי אויסגעוואַקסן, אַזוי ערנסט און זיכער אין זיינע ווערטער און אָנשויאונגען. מישאַ האָט ניט געהאַט דעם פאָטערס אָפענעם, ליכטיקן געמיט; ער איז געווען, צום מיינסטן, פאַרשלאָסן אין

זיך, צוריקגעצויגן, אָפט מעלאַנכאָליש פאַרוואָלקנט. ער האָט אָבער פונעם פאָטער געירשנט די נייגונג צו שאַרפזין, צו וויציקן סטיל אין געשפּרעך, וואָס האָט זיך ביי אים אויסגעדריקט מער אין שפּאָטישער איראָניע, ווי אין שפּילעוודיקן הומאָר. איצט, קומענדיק פון קיעוו, ווו שלום־עליכם האָט זיך מער ווי אומעטום אינטים אָריענטירט, האָט ער געהאַט צו דערציילן אַ סך קאָמישע זאַכן, צו וועלכע שלום־עליכם האָט צוגעגעבן פעפער מיט זיינע באַמערקונגען און באַלייכטונגען, — און פאָטער און זון האָבן געהאַט גרויס פאַרגעניגן פון זייער באַגעגעניש.

קיין אַנדער געזעלשאַפט, אויסער דער אייגענער (אין וועלכער עס האָט זיך אויך געפונען אַ נאָענטער גאַסט פון קיעוו, פּרוי שלום־עליכמס פּלימעניצע), האָבן מיר דעם ערשטן זומער אין באַדענווייילער ניט געהאַט. סיידן עס פלעגט אַמאָל פאַרבלאָנזשען אויף „ווילאַ קוננע" שלום־עליכמס אַ חסיד — אַ יידישער סטודענט פון דער נאָענטער שווייץ, אָדער סתם אַ ייד פון רוסלאַנד, וואָס איז געפאָרן אין די „בעדער" און איז אַ בעלן געוועזן אָפּשטייגן און אַ קוק טאָן, ווי אַזוי זעט־אויס שלום־עליכמס „באָד". אַמאָל, שפּאַצירנדיק איבער די שטילע, פאַרשלאָפענע גאַסן פונעם שטעטל, פלעגן מיר פלוצעם דערהערן עפעס „אייגנס" — אַ הויכן געשפּרעך אויף אַ גוטן, עכטן רוסיש, וואָס אין אַזאַ שטילן פּלאַץ האָט עס געקלונגען שוין אַ ביסל צו הויך, מער געשריען ווי גערעדט. האָבן מיר געוווּסט, אַז דאָס זענען אינטעליגענטע רוסישע טוריסטן, וואָס זענען געקומען קיין באַדענווייילער באַזוכן אַנטאָן טשעכאָווס דענקמאָל. וואָרעם באַדענווייילער איז געוועזן דאָס דייטשע שטעטל, ווו טשעכאָוו האָט מיט זעקס יאָר צוריק (אין 1904) פאַרבראַכט דעם לעצטן חודש פון זיין לעבן. פון דאַנען האָט ער געשריבן זיינע לעצטע קורצאָטעמדיקע, נאָר דאָך שאַרפזיניקע בריוו, אין וועלכע ער האָט זיך גלייך אָנגעהויבן קלאָגן, אַז באַדענווייילער האָט אים דערעסן, ווייל „דאָ איז שוין צופיל דייטשע שטילקייט און אָרדענונג", און דעם סאַמע לעצטן בריוו האָט ער פאַרענדיקט מיט דער פראַזע: „ניטאָ קיין איין אָנשטענדיק־געקליידטע דייטשקע, געשמאַק־לאָזיקייט וואָס וואַרפט־אָן אַן אומעט". דאָ איז ער אויסגעגאַנגען מיט איינפאַכע קלאָרע ווערטער אויף אַ פרעמדן לשון: „איך שטערבע", —

און דאָ האָבן אים זײַנע פֿאַרערער מיט צוויי יאָר צוריק געשטעלט אינעם קור־פּאַרק, אויף אַ בערגל פֿון גראַניט־שטיינער, אין שאָטן פֿון אַלטע סאָסנעס, אַ קליינעם דענקמאָל, וואָס איז געוואָרן אַ פּילגרים־פּונקט פֿאַר דער רוסישער אינטעליגענץ אין אויסלאַנד.

אַז אין באַדענווײַלער איז געשטאָרבן טשעכאָוו — האָט מען שלום־עליכמען דערמאָנט גלייך ביי זײַן אָנקומען אַהין. גראָד איז ער פֿאַר־פֿאָרן אין דעם זעלבן האָטעל זאָממער, ווו טשעכאָוו האָט אויסגעלעבט זײַנע לעצטע טעג, און דער באַלעבאָס פֿונעם האָטעל מיט דער דינער־שאַפֿט האָבן נאָך גוט געדענקט דעם גרויסן רוסישן שריפֿטשטעלער. לויט שלום־עליכמס ניגונג צו פֿאַטאַליסטישע איבערטראַכטונגען, האָט אַזאַ צוזאַמענטרעפֿונג אים באַדאַרפֿט טיף איבערראַשן; ער האָט אָבער דערפֿון ניט גערעדט. ער האָט מיך נאָר, ביי מײַן קומען קיין באַדענ־ווײַלער, געפֿירט ווײַזן דעם האָטעל זאָממער און פֿלעגט זיך אָפֿט אָפּ־שטעלן אין שטילער פֿאַרטראַכטקייט פֿאַר טשעכאָווס דענקמאָל אין פּאַרק. עס האָט אים צו יענעם ווינקל געצויגן, ווי צו עפּעס, וואָס איז אים געווען זייער נאָענט און אויך זייער פּיינלעך. טשעכאָוו איז געווען זײַן ליבסטער שרײַבער אין דער ליטעראַטור. דאָס וואָס גאָגאָל און דיקענס זענען פֿאַר אים געווען אין דער יוגנט, איז טשעכאָוו פֿאַר אים געוואָרן אין זײַנע רײַפֿע שריפֿטשטעלער־יאָרן, בעת ביידע האָבן זיך צעבליט אין אַ געוויסער ענלעכקייט, הגם ווײַט איינער פֿונעם אַנדערן, יעדער אין זײַן ליטעראַטור. טשעכאָוו האָט אפֿשר קוים געוווּסט פֿון שלום־עליכמען, נאָר שלום־עליכם האָט מיט טשעכאָוון זיך שטענדיק געקוויקט, אים איבערגעלייענט אַ סך מאָל, ווי דעם תנ״ך, געלאָזט די קינדער אים פֿאָרלייענען ביי זײַן בעט אין די לעצטע קראַנקע יאָרן, און שלאָפֿלאָזע נעכט, אַפֿילו אין די לעצטע וואָכן פֿאַר זײַן טויט. דאָס איז געווען אַ זעל־טענע ליבשאַפֿט פֿון אַ שרײַבער צו אַ צווייטן, צו אַ פֿרעמדן — אַ ליב־שאַפֿט, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט זעלישער פֿאַרוואַנדשאַפֿט. איך ווייס ניט, צי שלום־עליכם אַליין האָט קלאָר באַגריפֿן, ווי נאָענט די גרונט־שטריכן פֿון זײַן טאַלאַנט זענען געווען צו טשעכאָווס ליטעראַ־רישן כאַראַקטער. אַפֿילו די בריוו פֿון ביידן, אין וועלכע עס האָט ניט

געקאָנט געמאָלט זיין קיין שום השפעה פון איינעם אויפן אַנדערן, איבער־ראַשן אָפּט דעם לייענער מיט דער אויסערגעוויינלעכער ענלעכקייט פון טאָן, פון האַרציקער קלאָרקייט, פון הומאָריסטישן שפּיל. אַפילו זייערע באַציאונגען צו משפחה (ביי טשעכאָוון, וואָס האָט קיין קינדער ניט געהאַט, איז דאָס געווען זיין באַציאונג צום פאָטערס הויזגעזינד), צו חברשאַפט, צו פאָלקסטימלעכקייט, צו רעליגיעזער טראַדיציע — האָבן געשטאַמט ווי פון איין קוואַל.

אַ יאָר פאַר טשעכאָווס טויט, אין 1903, האָט זיך שלום־עליכם מיט אים אַ פּאָר מאָל דורכגעשריבן. געווען איז דאָס נאָכן קישינעווער פּאָגראָם, בעת שלום־עליכם האָט זיך געווענדט צו באַרימטע רוסישע שרייבער, זיי זאָלן ביישטייערן זייערע זאַכן פאַרן יידישן זאַמלבוך „הילף", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן לטובת די פּאָגראָם־קרבנות. טאָלסטאָי האָט זיך אָפּגערופן מיט דריי קליינע אָריענטאַלישע מעשיות, וועלכע זענען געדרוקט געוואָרן אין שלום־עליכמס איבערזעצונג. טשע־כאָוו האָט זיך צוויי מאָל פאַרענטפערט אין פיינע איידעלע בריוו, אַז ער איז קראַנק און שרייבט ניט קיין נייע זאַכן, און האָט פאָרגעלייגט שלום־עליכמען, ער זאָל נעמען איינע פון זיינע געדרוקטע דערציילונגען. אין שלום־עליכמס אַרכיוו האָבן זיך אויפגעהיט עטלעכע אָנהויבן, אין וועלכע ער האָט געפּרוווט איבערזעצן עפּעס פון טשעכאָוון. ווי עס ווייזט אויס, איז די אַרבעט ניט געגאַנגען — ס'איז אַרויסגעקומען מער שלום־עליכמדיק, ווי טשעכאָוודיק. שלום־עליכמס אידיאָמאַטישער יידיש האָט געוואָלט פאַרשלינגען טשעכאָווס פערזענלעכן, עקזאַקטן סטיל — און דאָס האָט שלום־עליכם אַליין, אַפּנים, זיך ניט געקאָנט דערלויבן. טשע־כאָווס סטיל איז אים צו טייער געווען.

זיי זענען געווען כמעט פון איין עלטער (שלום־עליכם איז געבוירן געוואָרן אין 1859, און טשעכאָוו — אין 1860). און איין שווערער גורל, איין פּלאָג האָט זיי ביידן געבראַכט קיין באַדענווײלער — די שווינד־זוכט. און איך דערמאָן מיך: שפּאַצירנדיק איינמאָל מיט שלום־עליכמען אין פּאַרק, ווו טשעכאָווס טרויעריק־פאַרטראַכטער ביוסט האָט אַראָפּגע־קוקט פונעם פרעמדן שטיינערנעם בערגל איינזאַם, גלותדיק, אין הויט

און מאַנטל, ווי אַ פּאַרוואָגלטער, היימלאָזער קורגאַסט, און שלום־עליכם האָט זיך אַוועקגעשטעלט אַנטקעגן אים כמעט אין דעם זעלבן אָנטאָן און אין דער זעלבער טרויעריקער פּאַרטראַכטקייט, — האָט מיך איבער־ראַשט אויך די דאָזיקע ענלעכקייט, און עס האָט אין מיר אַ ציטער געטאָן דאָס האַרץ...

י

# „דאָס בוך פון פייער"

די זעלישע באַרוטקייט, צו וועלכער שלום־עליכם האָט זיך דערלעבט יענעם זומער 1910 אין באַדענווייללער, איז דאָך ניט געווען קיין אַב־סאָלוטע. עס האָט אים ניט אויפגעהערט צו טאָטשען אַ באַהאַלטענער פאַרדראָס, וואָס ער איז ווידער געבליבן אַן אַרויסגעשטויסענער פון דער יידישער פרעסע אין רוסלאַנד. אָט ברענגט די פּאָסט יעדן טאָג פון וואַרשע די יידישע צייטונגען — און ער האָט מיט זיי קיין שום מגע־ומשא ניט. אָט שרייבט ער יעדן טאָג די „בלאָנזענדע שטערן", עס לויפן די קאַפּיטלען איינער נאָכן אַנדערן, ער האָט שוין מיט זיינע וואַנדערנדיקע העלדן אָנגעשלאָגן אַזש קיין לאָנדאָן, אינעם „פּאַוויליאָן־טעאַטער", די גאַלעריע טשיקאַווע טעאַטער־פּאַרשוינען האָט זיך צעוואַקסן, עס זענען צוגעקומען אַ ניסל שוואַלב, אַ מיסטער קלאַמער, אַ באַרימטער פידל־שפּילער גרישאַ סטעלמאַך, און נאָך אַנדערע אַזעלכע, עס האָט זיך באַוויזן אויף דער סצענע אַפילו אַ גוי, אַן עכטער ענגלישמאַן, מר. העטשקינס, וועמען ער האָט אויפגעכאַפּט מיט זיין פלינקן שאַרפן אויג אין די טעג, בעת ער איז געזעסן אין לאָנדאָן, — נאָר וואָס קומט אַרויס דערפון, אַז ס'איז ניטאָ ווער עס זאָל דאָס אַלץ לייענען, ווער עס זאָל געניסן פון זיין האָניק?... אמת, דער ראָמאַן האָט זיך טעגלעך געדרוקט אין אַמעריקע, אינעם ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל", נאָר אַמעריקע איז געווען ווייט, קיין אָפּקלאַנג איז פון דאָרט ניט דערגאַנגען, און שלום־עליכם האָט געהערט צו יענער קאַטעגאָריע שרייבער, וואָס מוזן האָבן זייער עולם אַרום זיך, וואָס צינדן זיך אָן פון זיין נאָענטן וואַרעמען אָטעם, ווי עס צינדט זיך אָן דער גוטער אַרטיסט מיט אמתן פייער פון אַ הייס־געפּאַקטן טעאַטער. און דעריבער האָט אים דאָס האַרץ נאָך אַלץ ניט געשטילט אויף ספּעקטאָרן, וואָס איז געווען דער גורם, ער זאָל

אין סאַמע מיטן פון זיין צעוואַרעמטער אַרבעט אָפּגעריסן ווערן פון זיין לעזער. ער האָט זיך ניט אַיינגעהאַלטן און האָט אים יענעם זומער צוגעשיקט אָט דאָס איראָניש־פאַרשטעלטע בריוול פון באַדענווײַלער:

בעלי היקר!

איך האָב ערהאַלטן אַ בריוו פון וואַרשע פון אַ ליטעראַט, אַז דו באַרימסט זיך, אַז דו האָסט מיך אָפּגעגט... מילא, אַז דו האָסט נאָך זעקס־און־צוואַנציק יאָר גענומען און „אָפּגעגט״ מיך, איז אַוודאי זייער „טראָ־ווערדיק״. וואָס זאָל מען טאָן? ס'אַ גאָטס זאַך. עס טרעפט, אַז מע לעבט און מע לעבט, און מע גט זיך. צו־וואָס טויג נאָך אָבער דאָס באַרימען זיך? עס קאָן דאָך חלילה שאַדן צו אַ שידוך. איז איין מאָל אַוועק. והשנית, האָב דיר אַכציק גוטע יאָר, פאַרוואָס האָסטו אויפגעהערט מיר שיקן דיין גאַזעט? ווו איז רחמנות? ווו איז יושר? דערמאָן זיך נאָר — פאָרט אָפּגעלעבט זעקס־און־צוואַנציק יאָר — ווײַ איז מיר און ווינד! זאָלסט האָבן אַ האַרץ פון אַ שטיין, דאַרף עס אויך צעגאָסן ווערן! —

פון מיר דיין אָפּגעגטע אשה

שלום־עליכם.

די געצוווּנגענע דערווייטערטקייט פון דער יידישער פּרעסע — דעם הויפּט־נערוו פון דער יידישער ליטעראַטור — האָט ביי אים צייטנווייז אַרויסגערופן אַ געפיל פון פוסטקייט און ציללאָזיקייט. עס האָט אים אויסגעפעלט ניט נאָר דאָס באַוווסטזיין, אַז ער איז אַ נייטיקער טייל פון דער באַוועגלעכער, טעגלעכער מאַשין, וואָס פּראָדוצירט די יידישע טאָג־טעגלעכע גייסטיקייט — ס'איז אים ניט דערגאַנגען אַפילו די אָפּטע אויפרעגונג, וואָס זיינע עסקים מיט די צייטונגען פלעגן אים פאַרשאַפן און אָנפילן דאָס לעבן מיט שאַרפן אינטערעס. דאָס מאָנאָטאָנע, שטילע און רואיקע לעבן אין באַדענווײַלער האָט אים אין דער שטיל געפייניקט. ער האָט זיך אַזש אָנגעהויבן אָפּגעבן מיט דעם מין צייט־פאַרטרייב, וואָס די דייטשן רופן עס „געדולד־שפּיל״. ער האָט זיך אַיינגעהאַנדלט קאָמ־פּליצירטע סוד־קייטעלעך, וואָס מע דאַרף זיך מאַטערן זיי צו צעפּלעכטן, מיט פאַרשיידענע שפּיל־ציגל, פון וועלכע מע קאָן צוזאַמענשטעלן אַלערליי

געאָמעטרישע פיגורן. ער האָט אויך פאַנאַנדערגעלייגט פּאַסיאַנס... אַזאַ זעלישער צושטאַנד האָט אים יענע טעג געבראַכט צו אַ קהלשן ענין, וואָס איז אין גרונט פרעמד געווען זיין נאַטור. ער האָט בטבע ניט ליב געהאַט צו קהלן זיך, צו שטופּן זיך אויבנאָן מיט געזעלשאַפטלעכע עסקים. זינט ער האָט געפונען זיין שרייבערשן באַרוף, האָט ער געהאַלטן, אַז זיין ליטעראַרישער שטענדער איז פאַר אים גענוג. און דאָ, דווקא זיצנדיק אין דעם ווייטן באַדענוויילער, וווייט פון דעם יידישן קאָך, איז אים אײַנגעפאַלן אַרויסצוטרעטן אין דער עפנטלעכקייט מיט אַן ענין פון געזעלשאַפטלעך־פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער.

יענער זומער איז געווען אַ זומער פון שריפות אין דעם יידישן תחום פון רוסלאַנד. אַ שטאַרקע היץ־כוואַליע האָט זיך געטראָגן איבער ליטע און פוילן, געצונדן די הילצערנע און שטרויענע דעכער פון יידישע שטעט און שטעטלעך און זיי פאַרוואַנדלט אין בערג פון אַש. די יידישע צייטונגען זענען פול געווען מיט באַריכטן פון די אָפּגעברענטע שטעט, מיט וויי־געשרייען פון די פאַראומגליקטע קהילות, מיט אויפרופן פאַר נדבות. האָט זיך שלום־עליכם פלוצעם פאַרטראַכט און איז אַרויסגעקומען אין דער יידישער פרעסע מיט זיינעם אַן אויפרוף, וועלכן ער האָט באַטיטלט „דאָס בוך פון פייער". אין דעם אויפרוף האָט ער זיך געווענדט צו די יידישע שרייבער און צו די פאַך־לייט פון דעם געדרוקטן וואָרט, זיי זאָלן אויף זייער שטייגער אַרויסווייזן מיטגעפיל צום פאָלקס־אומגליק און מיט פאַראייניקטע כוחות אַרויסגעבן אַ ליטעראַריש זאַמלבוך אויף יידיש, אונטערן נאָמען „דאָס בוך פון פייער", וואָס זיין גאַנצע איינקונפט זאָל גיין פאַרן פאָנד פון די נשרפים. מאָטיווירט האָט ער זיין פאָרשלאָג דערמיט, וואָס פון איין זייט וועט אַזאַ אַקציע אויפמונטערן די עלנטע, היימלאָזע קרבנות פון די שריפות און באַווייזן זיי, אַז די יידישע שרייבער נעמען זייער אומגליק נאָענט צום האַרצן, און פון דער אַנדערער זייט וועט דאָס ברייטער עפענען די הערצער פונעם פאָלק און די קעשענעס פון די גבירים.

שלום־עליכמס אויפרוף, געשריבן אין הייסן טאָן און געדרוקט אין אַלע צייטונגען אויף אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ, האָט געמאַכט אַן איינדרוק.

די ערשטע האָבן זיך אָפּגערופן די יידישע שריפטזעצער, אַז זיי זענען גרייט „דאָס בוך פון פייער" אויסזעצן אומזיסט. נאָך זיי זענען געקומען די וואַרשעווער דרוקער, די פּאַפּיר־העגדלער, די אײַנבינדער. שלום־עליכמס פאַרלעגער, יעקב לידסקי, האָט זיך אונטערגענומען דאָס בוך צו פאַרשפּרייטן אָן קאָמיסיאָן־פּראָפיט. עטלעכע וואָכן האָט זיך עס געטומלט מיטן „בוך פון פייער". עס זענען געלאָפן וועגן דעם בריוו צו שלום־עליכמען און פון שלום־עליכמען — עס איז אין באַדענווײַלער גע־וואָרן לעבעדיק... נאָר אויסגעלאָזט האָט זיך דער גאַנצער טומל מיט גאָרנישט, ווייל עס האָבן געפעלט די הויפּט־מחותנים — די יידישע שרייבער. דאָס הייסט, עס זענען געווען אויך שרייבער, וואָס האָבן די זאַך אויפגענומען וואַרעם, נאָר די „קאַרפּן־קעפּ" האָבן זיך צו דעם פאַרהאַלטן קאַלט. אונטערן דרוק פון דעם עפנטלעכן אינטערעס, וואָס שלום־עליכמס אויפרוף האָט געשאַפן, איז אין וואַרשע פאַררופן געוואָרן אַ ספּעציעלע פאַרזאַמלונג פון שריפטשטעלער, נאָר פּרץ האָט זיך דאָרט אַרויסגעזאָגט, אַז דער פּלאַן פונעם „בוך פון פייער" טויג אויפן פייער — ער וועט ניט ברענגען קיין נוצן ניט דער יידישער ליטעראַטור, ניט די נשרפים. צו שלום־עליכמען איז אויך דערגאַנגען, אַז אין פּריוואַטן געשפּרעך האָט פּרץ אים באַשולדיקט אין רעקלאַמע־זוכעריי: אַז ס'איז אים, הייסט עס, ווייניק זיין ליטעראַרישע פּאָפּולאַריטעט ביים פאָלק — ער וויל נאָך כבוד אַלס פאָלקס־פאַרזאָרגער. שלום־עליכמען האָט דער עניין מיטן „בוך פון פייער", וואָס איז דורכגעפאַלן דווקא דורך זיינע חברים, טיף געקרענקט, נאָר ער האָט דאָס שטיל אַראָפּגעשלונגען. דאָס מאָל האָט ער פון פּרצעס קעגנערשאַפט צו אים קיין באַזונדער פּירוש ניט געמאַכט — ניט אין זיינע היימישע געשפּרעכן און, ווי ווייט איך ווייס, אויך ניט אין זיינע בריוו. איך געדענק נאָר, אַז ער האָט איראָ־ניזירט איבער דינעזאָנען, וואָס האָט אָנהייב זומער געשריבן אים לאַנגע, הייסע ליבע־בריוו, און איז איצט, נאָך דעם טומל מיטן „בוך פון פייער", פּלוצעם אַנטשוויגן געוואָרן. „די יידענע — האָט ער געזאָגט וועגן דינע־זאָנען — האָט, ווייזט אויס, זיך פאַרקוקט אויף פּרצן און האָט זיך אָנגע־בלאָזן. וואָס איז די מעשה? באשר שלום־עליכם וויל אַ בוך פון פייער,

און פּרץ וויל ניט — דאַרף מען ברוגז ווערן ניט אויף פּרצן, חלילה, נאָר אויף שלום־עליכמען. ווייבערשע לאָגיק!"...

פּרצעס אויסטייטשונג, אַז שלום־עליכם איז מיטן „בוך פון פייער" אויסן געווען כבוד פון אַ פאָלקס־פאַרזאָרגער, איז געווען אַ האַרבע אויס־טייטשונג פון אַ מענטשן אַ ווייטן, אַן אומפריינדלעך־געשטימטן צו זיין קאָלעגע. דער, וואָס האָט געזען שלום־עליכמען פון דער נאָענט, האָט אים ניט געקאָנט חושד זיין אין כבוד־זוכעריי אויף אַ פרעמדן, ניט־ליטעראַרישן געביט. שלום־עליכם האָט יענעם זומער געלעכצט נאָך דער נאָענטקייט און אויפמערקזאַמקייט פון דעם יידישן עולם, פון וועלכן ער האָט מורא געהאַט דערווייטערט צו ווערן, — האָט ער די דאָזיקע אויפמערקזאַמקייט געוואָלט וועקן דורך אַן עפנטלעכער ליטעראַרישער אַקציע. דערצו האָט אים אַזאַ אויפטו, ווי „דאָס בוך פון פייער", באַ־זונדער באַגייסטערט מיטן קאָלעקטיוון, „צעכישן" אינטערעס, וואָס האָט אין דעם געשטעקט: זאָל דאָס פאָלק זען, אַז דער שרייבער־צעך טויג זיך אויך צו עפּעס אין אַ מאָמענט פון אומגליק. און איך מיין נאָך, אויפן סמך פון מיינע פּערזענלעכע איינדרוקן, אַז שלום־עליכם האָט דאָ אויף אַן אומדירעקטן אופן געוואָלט אָפּדינען דעם פאָלק פאַר דער האַרציקער הילף, וואָס ער האָט פון אים באַקומען צו זיין קראַנקן יובילעי. דער ניט־געלונגענער ענין פונעם „בוך פון פייער" איז געווען מער קאָמפּליצירט, ווי עס האָבן אים דעמאָלט פאָרגעשטעלט די וואַר־שעווער שריפטשטעלער.

אַז שלום־עליכם האָט מורא געהאַט צו פאַרלירן, איבער דער „פאַר־שונדעוועטער" וואַרשעווער פּרעסע, דעם קאָנטאַקט מיטן לעזער — דאָס איז פאַר מיר יענע טעג געווען קלאָר. שרייבנדיק די לאָנדאָנער קאַפּיטלען פון זיינע „בלאָנזענדע שטערן", איז אים איינגעפאַלן אַ געַ־דאַנק, איך זאָל עטלעכע פון זיי, אין וועלכע ער האָט אַרויסגעבראַכט דעם רעסטאָראַטאָר מר. קלאַמער מיט זיין קאַפּע „נאַציאָנאַל", מיט זיין הערצל־באָרד און מיט זיינע ענגלישע פּסוקים אַ לאַ טביה דער מילכיקער, איבערזעצן אויף העברעאיש פאַר דער „הצפירה". דאָס האָט באַדאַרפט זיין אַן אָנצוהערעניש פאַר זיין לעזער, וואָס אינטערעסירט זיך מיט אים,

אַז שלום־עליכם, איבערררייסנדיק זײַן ראָמאַן אין דער „נייער וועלט", האָט חלילה ניט פאַרוואָרפן די פען; דער ראָמאַן ווערט געשריבן ווייטער, אַנטוויקלט זיך אַלץ מער מיט נייע פאַרשוינען פון אַ נייער וועלט, וואָס איז אין דער יידישער ליטעראַטור נאָך ניט באַרירט געוואָרן... (די דאָ־זיקע קאַפּיטלען, אין מיין איבערזעצונג, זיינען דעמאָלט געדרוקט גע־וואָרן אין דער „הצפירה" אונטערן טיטל „בפונדקו של מיסטר קלמר" — „אין מיסטער קלאַמערס קרעטשמע").

## יא
# „טוביה החולב"

יענעם זומער בין איך צוגעטראָטן צו מיין העברעאישער איבערזעצונג פון שלום־עליכמען, וואָס האָט זיך שפּעטער צעוואַקסן אין אַ ברייטער אַרבעט, וועלכע האָט אַיינגעשלאָסן דעם גרעסטן און בעסטן טייל פון שלום־עליכמס ווערק. פאַר מיין אָפּפאָרן פון וואַרשע קיין באַדענווייילער האָב איך געהאַט אָפּגעמאַכט מיט לידסקיס פאַרלאַג „פּראָגרעס", צו וועלכן עס איז דעמאָלט צוגעשטאַנען אַ יונגער שותף מיט פּלענער פאַר העברעאישע אויסגאַבעס (מ. קאַפּלאַן), אַז מיר וועלן פּרווון אַרויסגעבן איין באַנד פון שלום־עליכמען אויף העברעאיש, און אויב דער באַנד וועט אויסנעמען ביים העברעאישן עולם, וועל איך אָנגיין מיט מיין אַרבעט ווייטער. פאַר אַן אָנהייב האָב איך גענומען דאָס סאַמע שווערסטע בוך צום איבערזעצן — טביה דער מילכיקער. מיין כוונה איז געווען אַזאַ: אויב טביה וועט מיר געלינגען, וועט דאָס מיר זיין אַ גאַראַנטיע פאַר די אַנדערע ווערק.

די הויפּט־שוועריקייט פון טביה דעם מילכיקן פאַרן העברעאישן איבערזעצער איז געלעגן אין זיין ספּעציפישן מאָנאָלאָג, אין זיין ליריש־פילאָזאָפישן פאָלקס־סטיל, וואָס איז זיס דורכגעווירצט מיט הומאָריסטיש־פאַרדרייטע, האַלב־עם־הארצישע און דאָך קלוג־טרעפנדיקע פּסוקים און ווערטלעך. אויב טביה האָט זיך ניט געלאָזט איבערטראָגן אויף אַן אייראָפּעאישער שפּראַך, האָט ער אויסגעזען צען מאָל שווערער פאַרן העברעאישן איבערזעצער. ווו נעמט מען פאַר טביהן אַ העברעאישע פאָלקס־שפּראַך, וואָס זאָל זיין מיט עטלעכע טענער נידעריקער, איינפאַכער און האַרציקער פון דער אַלט־געהויבענער, שטרענג־געצאַמטער, געלייטערטער נביאים־און־חכמים־שפּראַך? ווי אַזוי מאַכט מען טביהן פאַר אַ פּיינעם, קלוגן עם־הארץ אין העברעאיש, אַז אין תנ"ך איז דער

מין עם־הארץ בכלל ניטאָ, און אין דער גמרא הייסט עם־הארצות — גראָבקייט, טעמפּקייט, פינצטערקייט ? און וואָס פאַר אַ טעם וועט דאָס האָבן, אַז טביה וועט פאַרטייטשן אויף זיין שטייגער די העברעאישע פסוקים מיטן זעלבן העברעאישן לשון, — דאָס וועט דאָך אויסקומען, לויטן תלמודישן ווערטל, „עסן ברויט מיט ברויט" ?...

איך האָב געזען פאַר זיך אַ שווערע הלכה. אַרויסגעהאָלפן האָט מיר שלום־עליכם אַליין דערמיט, וואָס ער האָט מיר דערלויבט די פולע פריי־הייט פון טעקסט, דאָס הייסט, ניט נאָר ער האָט מיר דערלויבט, נאָר ער איז באַשטאַנען דערויף, אַז דער העברעאישער טעקסט דאַרף זיך אויסגיסן פריי, לויטן גייסט פונעם עכטן העברעאישן סטיל און ריטם, ניט האַלטן זיך קנעכטיש צוגעבונדן צום יידישן זאַץ אין דעם אָריגינאַל. איך האָב פאַרטראַכט צו שאַפן פאַר טביהן אַ העברעאישע אילוזיע : ווי וואָלט געווען, ווען העברעאיש זאָל זיין אַ לעבעדיקע, גערעדטע שפּראַך, וואָס ציט אירע לעבעדיקע שפּראַכלעכע זאַפטן פון תנ"ך, פון דער משנה, פונעם מדרש און פון איר ווייטערער אַנטוויקלונג ביז די לעצטע דורות, און ווי וואָלט געווען, ווען אַזאַ טביה דער מילכיקער דאַרף זיך אין דער דאָזיקער שפּראַך אַרויסזאָגן אין שלום־עליכמס גייסט און שטייגער ? איך בין צוליב דעם געגאַנגען צו די פאָלקסטימלעכע אָפּפלוסן פון דער העברעאישער שפּראַך — צו סידור־לשון, צו תהילים, צו רש"י, צו פאָפּולערע עלעמענטן פון מדרש־לשון — אַלץ אַזאַ מאַ־טעריאַל, וואָס דאַרף קלינגען פאַר טביהס אויער אויב ניט וואָכעדיק־היימיש, איז שבתדיק־נאָענט. און דערהויפּט האָב איך געזוכט פאַר טביהן אין העברעאיש אַ פאָלקס־טאָן, אַ פאָלקסטימלעכן ריטם, וואָס זאָל מאַכן איינפאַכער, ווייכער און האַרציקער, יידישלעכער, אַפילו די געהויּ־בענע פּאַטעטישע נביאים־שפּראַך, דעם געדיכט־געפּרעסטן משנה־סטיל און די טיפזיניקע מדרש־אַפאָריזמען. פאַר טביהס עם־הארצות האָב איך געפונען אַזאַ אויסוועג : אַזוי ווי אויך ביי שלום־עליכמען איז טביה ניט קיין נאַיווער פּראָסטאַק, וואָס בראָקט פסוקים סתם אין דער וועלט אַריין, נאָר זיינע פאַרדרייטע פסוקים האָבן אַ פיינעם זינען און מאַכן אָפּט דעם אַיינדרוק, אַז ער פאַרדרייט זיי באַוווסטזיניק מיט אַ שאַרפ־

זיניקער כוונה, — איז ביי מיר דעריבער דער העברעאישער טביה אַרויסגעקומען נאָך איידעלער: ער שאַפּט אַליין פּסוקים און גמרא־ווערט־לעך, דאָס הייסט, האַלב נעמט ער זיי פון פאָלקסטימלעכע העברעאישע קוואַלן, און האַלב פאַרשפיצט ער זיי אויף זיין אייגענעם טביהשן שטייגער, זיי זאָלן טרעפן אין פינטל אַריין. דאָס אייגענע טוט ער מיט זיינע „טייטשווערטער״: דאָרט, ווו ער טייטשט אין שלום־עליכמס אָריגי־נאַל די פסוקים אויף יידיש (אויף אַ פאַרדרייטן אופן) — פאַרטייטשט ער זיי אינעם העברעאישן טעקסט מיט ניי־געשאַפענע ווערטלעך פון רש״י און פון „תרגום־לשון״, נאָר פון אַזאַ מין תרגום־לשון, וואָס מע דאַרף ניט זיין קיין גרויסער למדן, מע זאָל עס פאַרשטיין. צוליב דעם איז מיר אויסגעקומען דעם גרעסטן טייל פון די פסוקים און ווערטלעך אין שלום־עליכמס אָריגינאַל פאַרבייטן אין דעם העברעאישן טעקסט מיט אַנדערע, וואָס זאָלן זיך פאַסן צו דער סיטואַציע, אַ מאָל אויך איבערטראָגן אַ ווערטל אויף אַן אַנדער פּלאַץ, און גאַנץ אָפט פריי איבערגעבן שלום־עליכמס אידיאָמאַטישן יידיש אין אַן ענלעכן אידיאָמאַטישן העברעאיש.

נאָך איידער איך האָב געטראַכט פון איבערזעצן שלום־עליכמען האָב איך געהאַט אין מיין העברעאיש־שרייבן דריי גרויסע לערער: י. ל. גאָר־דאָן, מענדעלע מוכר־ספרים און ח. נ. ביאַליק — די דריי, וואָס האָבן באַוויזן, ווער ווייניקער און ווער מער, ווי אַזוי אָנצוווענדן די העברעאישע שפּראַך פאַרן יידישן לעבנס־שטייגער, ווי אַזוי צו קאָמבינירן און צופּאַסן די אַלטע העברעאישע שפּראַך־פאָרמען צום ניי־אָנגעוואַקסענעם, אַנט־וויקלטן אינהאַלט פון דעם היינטיקן יידישן לעבן. איצט, ביי מיין נייער אַרבעט, איז מיר צוגעקומען די ספּעציעלע אויפגאַבע — איבערצוגעבן אין העברעאיש שלום־עליכמס לייכטקייט און שפּילעוודיקייט פון סטיל: שלום־עליכמס הומאָר.

אַרבעטנדיק אויף דער ערשטער דערציילונג פון טביהן, האָב איך געהאַט אויסצושטיין פון שלום־עליכמען אַ היפּשן קאַמף. ער האָט ביי מיר געליינט יעדן בלעטל פון דער ערשטער האַנט און האָט מיר כסדר צוגעטראָגן גאַנצע פּסוקים פון תנ״ך און פון מדרש, זיך געבעטן ביי מיר „רחמים״, איך זאָל זיי אַריינשטעלן, ווי זיי שטייען און גייען,

און איך האָב זיך קעגן דעם געמוזט ווערן מיט אַלע כוחות. פאַר שלום־עליכמען איז העברעאיש געווען ניט אַ שפּראַך, אין װעלכער מע דאַרף זוכן דעם נייעם לעבעדיקן אויסדרוק, נאָר אַן אַלטער רייכער אוצר, אַ גרויסאַרטיקע ירושה פון די אָבות, ווו מע געפינט אַלצדינג גרייט, פונעם שענסטן און פונעם בעסטן. צו זיין געמיט האָט די העברעאישע שפּראַך גערעדט אין איר אַלטער גאַנצקייט, אין דער אומבאַרירטער פּראַכט פון איר געהויבענער פּאַטעטישער מליצה. זיין הויפּט־אינטערעס פאַר העברעאיש איז באַשטאַנען ניט אין דער קונסט פון אויסדרוק, נאָר אין דער קונסט פון שפּיל: צופּאַסן די אַלטע שפּראַך פון די אָבות, אין איר טראַדיציאָנעלער, פאַרהייליקטער גאַנצקייט, צו היינטיקע באַדערפענישן — און זעז, וואָס וועט דערפון אַרויסקומען? און טאָמער וועט אַרויסקומען ניט אינגאַנצן דאָס, וואָס מע וויל, — מאַכט אויך ניט אויס: דער אַלטער געהויבענער קלאַנג פון דער שפּראַך אַליין איז אַזוי ליב און טייער, רעדט פון די ווייטע דורות אַזוי נאָענט צו דער נשמה!...

נאָר אויסגעפּירט האָב איך. אַז איך האָב אים דערלאַנגט די ערשטע דערציילונג פון טביהן אַ פאַרענדיקטע, אַ געלייטערטע, אַן איבערגע־שריבענע אויף דער מאַשין, האָט ער זי געלייענט מיט אַזאַ התפּעלות, אַז איך האָב ניט געגלויבט מיינע אויגן. ער האָט פּלוצעם ווי דערפילט, אַז טביה לעבט אויך אין העברעאיש. „ס׳איז, דאַכט זיך, אַן אַנדער טביה, עפּעס אַ נייער, אָבער פאָרט טביה — ס׳איז טביהס גייסט!״... איצט האָט ער מיך שוין אינגאַנצן געלאָזט פריי ביי דער אַרבעט. ער פּלעגט נאָר עטלעכע מאָל אַ טאָג אַריינקומען צו מיר אין צימער, נעמען די אָנגע־שריבענע בלעטלעך, לייענען זיי שטייענדיק ביי מיין טיש און אָנ־קוועלן. איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלייבט, אַז אַ מחבר קאָן זיין אַזוי נאָכגעביק אויף זיין אייגענעם טעקסט. וואָס מער ענדערונגען איך האָב געמאַכט אין דער איבערזעצונג, וואָס מער איך האָב קאָמבינירט טביהס שפּראַך מיט נייע ווערטלעך און העברעאישע אײַנפאַלן, אַלץ מער איז דאָס אים געפעלן געוואָרן. אין דער דערציילונג „חוה״ (אין העברעאיש באַטיטלט: „בת טוביה שנשבתה לבין הגויים״), ווו טביה גיסט אויס

זיין גרויסן טרויער אין טיפן עלעגישן טאָן, פֿאַרגלייכט זיך אַליין מיט „אַ דעמב אין וואַלד״, — איז שלום־עליכם פֿון דעם העברעאישן טעקסט אַריין אין הויכן עקסטאַז. „עס שטייגט אַריבער דעם אָריגינאַל!״ — האָט ער געזאָגט מיט אַ מאָדנער פֿרייד, פּונקט ווי דער אָריגינאַל וואָלט געווען אַ פֿרעמדער, ניט זיינער... וואָס ס׳איז שייך מיר אַליין, וועל איך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן דעם גרויסן געניוס, וואָס איך האָב יענעם זומער געהאַט פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. איך בין געווען גליקלעך באַרוישט, ווי פֿון אַן אייגענער שאַפֿונג.

פֿאַרענדיקט די איבערזעצונג פֿון טביהן האָב איך נאָענט צום סוף זומער. שלום־עליכם האָט מיר געראָטן, איך זאָל דאָס בוך פֿריער לאָזן דרוקן אינעם ווילנער „הזמן״ (איצט האָט ער געהייסן „הד הזמן״), כדי עס זאָל גלייך ווערן באַוווסט ביי טויזנטער העברעאישע לעזער. „עס וועט מאַכן אַ רעש!״ — האָט ער נביאות געזאָגט. איך ווידער האָב פֿאָרגעלייגט צו פֿאַרעפֿנטלעכן עס אָן דעם נאָמען פֿונעם איבערזעצער, כדי דער לעזער זאָל מיינען, אַז ס׳איז שלום־עליכמס אייגענע באַאַרבעטונג, וועט ער עס לייענען מיט פֿרישן אינטערעס. שלום־עליכם האָט דערויף מסכים געווען און דערביי געזאָגט: „דער סוד וועט לאַנג ניט אָנהאַלטן״.

שלום־עליכמס ביידע נבואות זענען מקוים געוואָרן. טביה דער מילכיקער אויף העברעאיש איז פֿאַרן העברעאישן עולם געווען אַ ליטעראַרישע סענסאַציע, און מע האָט זיך גיך דערוווּסט, ווער דער איבערזעצער איז. נאָך אין באַדענווייַלער, פֿאַר אונדזער אָפּפֿאָרן פֿון דאָרטן, האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו מיט באַגייסטערטע שבחים. קיין שלעכטע קריטיק איז גאָרניט געווען. אַפֿילו דוד פֿרישמאַן, דער שטרענגסטער פֿון אַלע העברעאישע ליטעראַטור־קריטיקער, וואָס האָט זעלטן אַרויסגעזאָגט אַ גוט וואָרט וועגן אַ יידישן שרייבער, האָט מיט אַ צייט שפּעטער געשריבן שלום־עליכמען וועגן דעם העברעאישן „טביה״ מיט אָט דעם לשון (אין אַ יידישן בריוו):

„— — — דערפֿאַר אָבער לייען איך איצט געשמאַק דעם העברעאישן „טוביה החולב״. מה אומר ומה אדבר? וואָס זאָל איך זאָגן און

וואָס זאָל איך רעדן? ס'איז אַ מייסטער־איבערזעצונג. פּראָסט פּערל יעדער זאַץ. ס'איז נאָר אַ שאָד, וואָס טיילמאָלס האָט זיך דער איבער־זעצער פאַרקוקט אויף מענדעלע מו"ס און וויל אים דורכאויס נאָכמאַכן. פאַרשרפעט האָט געמעגט ווערן די גאַנצע העברעאישע אויסגאַבע פון מענדעלע, איידער אַזאַן איבערזעצער פון „טביה" האָט זיך פאַרקוקט אויף איר; איך בין זיכער, אַז די איבערזעצונג וואָלט דאַן זיין אַרויס־געקומען נאָך טויזנט מאָל בעסער. ווי אָבער די מעשה איז, האָבן מיר דאָ צו טאָן מיט אַ מייסטער. איך האָב מורא, אַז חוץ ביאַליק און דער דאָזיקער איבערזעצער פון „טוביה" און אפשר נאָך איך אויך, איז אין די היינטיקע דורות קיין איין ייד נישט מער פאַראַן, וועלכער קאָן לשון־קודש שרייבן. מיר דריי אַליין מעגן זיך לאָזן אויסשטאָפּן און זיך לאָזן אַרויסשטעלן אין בריטישן מוזעאום. — —"

שלום־עליכם האָט זיך געפרייט מיט מיין ערפאָלג, ווי מיט זיינעם אַן אייגענעם.

## יב
# פרצעס גרוס צו שלום־עליכמען

סוף זומער, מיט די ערשטע קאַלטע האַרבסט־רעגנס אין באַדענ־ווײַלער, איז די שטימונג בײַ שלום־עליכמען נידעריק געפאַלן. די קינדער האָבן אָנגעהויבן אײַנציקווײַז זיך צעפאָרן יעדער אין זײַן ווינקל; דער פרײַלעכער זומערדיקער נעסט איז צעשטערט געוואָרן, און אַלײן האָט ער נאָך ניט געוווּסט, וווּהין ער וועט אויפן ווינטער מגולגל ווערן. דער־ווײַל האָט ער זיך געקליבן אין דער שווײַץ, ווידער אויף אַ קאָנסול־טאַציע צום פּראָפעסאָר סאַהלי, ווײַל מיטן אָנקומען פונעם האַרבסט האָט ער זיך דערפילט אויך אין געזונט ערגער ווי פריער.

נאָר דערהויפּט האָט אים געדריקט די פאַרשטײַענדיקע זעלישע אײַנ־זאַמקײַט, זײַן אָפּגעריסנקײַט פון דער ייִדישער וועלט, וואָס איז לעצטנס ווי פאַרשאַרפט געוואָרן דורך זײַן דורכפאַל מיטן „בוך פון פײַער". ער האָט ניט אויסגעהאַלטן און אָנגעשריבן דינעזאָנען אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט אים אויסגערעדט, למאַי ער האָט זיך דעם גאַנצן זומער דער־ווײַטערט פון אים, דערבײַ געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מסתמא איז אין דעם שולדיק פּרצעס קעגנערשאַפט צו זײַן פּראָיעקט וועגן דעם „בוך פון פײַער". — דערויף האָט דינעזאָן זיך באַלד אָפּגערופן מיט אַ הײסן בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך באריכות אַנטשולדיקט פאַר זײַן שווײַגן: „אויב ניט אָפט שרײַבן צו ליבע פרײַנד, כאָטש מע האָט ניט וואָס און וועגן וואָס צו שרײַבן, איז אַ חטא, בעט איך אײַך אַלעמען סליחה ומחילה פאַר מײַן ניט שרײַבן אײַך כמה וכמה חדשים". מער פון אַלץ האָט דינעזאָנען אַ נעם געטאָן דאָס, וואָס שלום־עליכם האָט חושד געווען אים און פּרצן אין פערזענלעכע פניות קעגן זײַן פּלאַן וועגן דעם „בוך פון פײַער". ער האָט געשריבן, אַז בײַ זײ האָט דער פּלאַן „לכתחילה שטאַרק אויסגענומען", נאָר אָפּגעוואָרפן האָבן זײ אים מחמת מורא פאַר

די וואַרשעווער פאַרלעגער, וואָס וואָלטן פון דעם געמאַכט אַ מעלקעדיקע קו פאַר זיך אַליין, אַזוי אַז די נשרפים וואָלטן פון דעם גאַנצן אויפטו סוף־כל־סוף גאָרנישט געהאַט. „אין דערזעלבער מיינונג — האָט דינעזאָן געשריבן — איז אויך פּרץ, און גלייבט מיר, ווי מיר אַזוי אויך פּרצן טוט עס זייער באַנג, טאָמער פאַלט אייך איין חלילה אַזאַ מחשבה זרה, אונדז חושד צו זיין, אַז מיר פאַרגינען אייך ניט די איניציאַטיווע...״ און פאַרענדיקט האָט ער דעם בריוו אַזוי: „און פּרץ בעט מיך אויך אייך באַזונדערס הערצלעך אין זיין נאָמען אַ געריס צו שרייבן. וואָלט איר וויסן, ווי אָפט ער דערמאָנט אייך לעצטנס צום גוטן ביי יעדער געלעגנהייט!״

צעזעגנט זיך מיט שלום־עליכמען האָב איך אויפן וועג פון באַדענ־ווײלער, אויפן באַנהויף אין באַזעל: ער איז אַוועקגעפאָרן מיטן איבער־געבליבענעם טייל פון דער פאַמיליע קיין לוצערן, פאַרנומען מיט זיך אויף נאָך עטלעכע וואָכן אויף מיין פרוי מיט מיין טעכטערל, און איך האָב מיך געלאָזט קיין וואַרשע. מיין איצטיקס פאָרן קיין וואַרשע איז געווען נאָר אויף אַ קורצער צייט, ווייל ביי אונדז איז שוין פון פריער געווען באַשטימט אַריבערצוקלייבן זיך אויף ווינטער מיט מיין פאַמיליע קיין ווילנע, ווו די אַטמאָספער איז ריינער און לייכטער, ווי אין דעם וואַרשעווער שרייבערשן קאָך. איך האָב אין וואַרשע נאָר געהאַט צו באַזאָרגן עטלעכע ענינים, און די הויפּטזאַך — זיך פּרווון נאָך אַ מאָל זוכן אַ פּלאַץ אין איינער פון די וואַרשעווער צייטונגען פאַר שלום־עליכמס היימלאָזע „בלאָנזשענדע שטערן״. דאָס איז ביי שלום־עליכמען איצט געוואָרן אַ ווייטאָגדיקער ווונטש, כמעט אַן אידעיע־פיקס: זיין ראָמאַן מוז ווו ניט איז באַקומען אַ מקום־מנוחה! עס איז געווען ביי אונדז אָפּגערעדט, אַז אויב מיין באַמיאונג אין די צייטונגען וועט מיר ניט געלינגען, זאָל איך לכל הפּחות אַראַנזשירן מיט זיין פאַרלעגער לידסקי, אַז דער ראָמאַן זאָל זיך גלייך אָנהייבן דרוקן העפטנווייז, יעדע וואָך אַ העפט, אַזוי, אַז ווען ער וועט אים פאַרענדיקן שרייבן, זאָל זיך אויך פאַרענדיקן זיין דרוקן. וואָרעם אַחוץ אַלע זאַכן, האָט די פאַרעפנטלעכונג פון די „בלאָנזשענדע שטערן״ אַצינד געהאַט פאַר אים אויך אַ מאַטער־

יעלע באַדייטונג: צוזאַמען מיטן וואַקסן פון זיינע הכנסות איז אויך געוואַקסן גרויס די הוצאה, און אַזאַ לוקסוס, ווי האַלטן אַרום זיך זומער־צייט דאָס גאַנצע הויזגעזינד אין אַן אויסלענדישן קוראָרט, האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן.

מיין ערשטער באַזוך אין וואַרשע איז געווען, פאַרשטייט זיך, ביי יעקב דינעזאָנען אין קאַמער. נאָך דעם שטילן ברוגז צווישן אים און שלום־עליכמען אין פאַרלויף פונעם זומער, האָט מיך דינעזאָן איצט באַגעגנט מיט פאַרטאָפּלטער וואַרעמקייט. (ער האָט געהאַט געשריבן אין זיין אַנטשולדיקונגס בריוו צו שלום־עליכמען: „מיסטער בערקאָוויטש איז אויך ברוגז? אַדרבה, לאָז ער פרווון זיין; מיט אים האָף איך, אין גיכן מסתמא, זיך אויסרעכענען ביים קירזנער אויפן פלעקל, טאַקע דאָ אין וואַרשע, במהרה ובזמן קרוב״). פון די ערשטע געשפּרעכן מיט דינע־זאָנען האָב איך גלייך דערפילט, אַז ביי פּרצן איז איצט אַריינגעטראָטן אַ נייער „קורס״ אין זיין באַציאונג צו שלום־עליכמען. אפשר האָט דאָ צוגעשפילט אַ באַהאַלטענע חרטה נאָכן ענין פונעם „בוך פון פייער״ — וואָס ער האָט ניט־אויסגערעכנטערהייט פאַרשאַפט יסורים אַ קראַנקן חבר?... דינעזאָן האָט געזאָגט: „פּרץ האָט ענדלעך אָנגעהויבן באַגרייפן שלום־עליכמען. ער אינטערעסירט זיך מיט אים, רעדט פון אים אין זיינע רעפעראַטן. ער קלייבט זיך אַפילו אים אָנשרייבן אַ בריוו״... (איך גיב איבער די דאָזיקע ווערטער לויט מיינעם אַ בריוו נאָך יענעם באַזוך ביי דינעזאָנען).

קיין בריוו האָט פּרץ שלום־עליכמען דעמאָלט ניט געשריבן. דער־פאַר האָט ער אים געשיקט דורך מיר אַ טשיקאַווען גרוס, טאַקע זיצנדיק ביי דינעזאָנען אין קאַמער, וווּ איך האָב אים יענע טעג עטלעכע מאָל געטראָפן.

נאָר פריער דאַרף איך דאָ דערציילן, אַז צו מיר אַליין האָט פּרץ תמיד אַרויסבאַוויזן אַ באַזונדערע פריינדלעכקייט, רעכענענדיק מיך צווישן יענע יונגע שרייבער, וועמען ער האָט דער ערשטער געגעבן זיין הסכמה. איך האָב אַפילו געהאַט דעם כבוד, און אויך דעם פאַרגעניגן, אַז מיין בילד זאָל הענגען ביי אים אין אַרבעטס־צימער צווישן אַנדערע

פאָטאָגראַפיעס. דאָס בילד איז געווען פון מיר און פון מיין חבר יצחק קאַצענעלסאָן אין אונדזערע ערשטע אָנפאַנגער־טעג. ניט געקוקט דערויף, וואָס מיר ביידע זענען געווען „ליטוואַקעס", האָט אונדז פּרץ שטאַרק מקרב געווען, זיך אינטערעסירט מיט אונדזערע יונגע טריט אין דער ליטעראַטור און אונדז אַרויסבאַוויזן אַ סך וואַרעמקייט. עס קאָן זייער זיין, אַז דאָס בילד האָט ער אויפגעהאַנגען ביי זיך אין קאַבינעט ניט אַזוי אין אונדזער אייגענעם זכות, ווי אין דעם זכות פון אונדזער יונגקייט: ביידע האָבן מיר דאָרט אויסגעקוקט זייער יונג און זייער נאַאיוו אין אונדזער אַכצן־יאָריקער „שרייבער־פּאָזע", שטייענדיק פּאַרטראַכט־צוגע־טוליעט איינער צום אַנדערן אין אונדזערע לאַנגע האָר און שוואַרצע רוסישע העמדלעך. אַזוי צי אַזוי, נאָר איך בין געווען אַיינגענעם איבער־ראַשט צו טרעפן ביי פּרצן אין צימער דאָס זעלבע בילד הענגען אויפן פלאַץ אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

דעם לעצטן פּסח האָט אָבער פּרץ אויף מיר געוואָרפן אַן אומחן — איבער אַ מעשה. מיר איז דעמאָלט איינגעפאַלן אָנצושרייבן אַ סאַטירישן פּאַמפלעט אויף די וואַרשעווער יידישע צייטונגען, אונטערן נאָמען „הגדה של פּרעסע". דער פּאַמפלעט איז באַשטאַנען אין אַ קאַלאַמבוריש־שפּאַ־סיקער אויסטייטשונג פון דער פּסחדיקער הגדה, געצילט קעגן דעם שונד־גייסט פון דער יידישער פּרעסע אין וואַרשע. פּאַראיינוועגס האָב איך אויך אָנגעריירט אויף אַ שאַרפן אופן די באַרימטע טעאַטער־פּאָלעמיק, וואָס איז יענעם ווינטער אויסגעבראָכן צווישן פרישמאַנען און פּרצעס גרופּע. און כאָטש איך האָב אויך פרישמאַנען ניט „געשאַנעוועט", איז אָבער קלאָר אַרויסגעקומען, אַז איך האַלט מיך מער אויף זיין זייט, ווי אויף דער זייט פון די „פּרציסטן".

דער פּאַמפלעט איז יענעם ערב־פּסח אין וואַרשע געווען אַ שטיקל סענסאַציע. די ערשטע אויפלאַגע, אין זיבן טויזנט עקזעמפּליאַרן, איז פאַרקויפט געוואָרן אין עטלעכע טעג, אַזוי אַז מע האָט גלייך באַדאַרפט דרוקן אַ צווייטע אויפלאַגע. פון ווילנע האָט מען דערציילט, אַז דאָרטן האָבן בעלנים ערב פּסח „פּאַר־ליכטבענטשן" געצאָלט פאַר די זיבן־קאָ־פּיקענע העפטלעך אַזש צו האַלבע רובל. ביי פרישמאַנען האָט די „הגדה"

שטאַרק אויסגענומען. ער האָט מיר געזאָגט, אַז כאָטש איך האָב אים אויך אַ שטאָך געטאָן, האָט ער אָבער ליב אַזעלכע שפּאַסן. שלום־עליכם האָט מיר געשריבן (אין רוסיש): „איך האָב שוין לאַנג אַזוי ניט געלאַכט, ווי פון דער ,הגדה של פּרעסע׳. מיר אַלע האָבן געלאַכט, נאָר איך — טאַקע ביז הייזעריק ווערן. איך האָף, אַז די זאַך וועט פונעם פּובליקום אָפּגעשאַצט ווערן. דאָס איז שאַרפער און ווירקנדיקער פון יעדער קריטיק. איין קאַלאַמבורישע סאַטירע אַזאַ קאָן מער אויפטאָן, ווי אַ גאַנצע סעריע אַרטיקלען וועגן ,קונסט׳״.

נאָר אין פּרעצעס לאַגער איז מען אויף מיר פאַר דער „הגדה של פּרעסע״ געווען מאָדנע אויפגעבראַכט, און דינעזאָן האָט מיר איבער־געגעבן מיט אַ ברוגזער מינע, אַז פּרץ אַליין איז אויף מיר שטאַרק אין כעס. ער האָט עס ניט דערוואַרט פון מיר — פון אַזאַ שטילן, אָנ־שטענדיקן יונגנמאַן... אַפּנים, אַז שטיל וואַסער גראָבט טיף... (דאָס לעצטע ווערטל האָט שוין דינעזאָן צוגעגעבן ווי אַ פּירוש פון זיך אַליין).

און ביי דער ערשטער געלעגנהייט האָט עס מיר פּרץ געגעבן צו פילן. יענעם פּסח האָבן די וואַרשעווער שריפטשטעלער פאַרטראַכט צו פּראַווען דעם סדר בחבורותא. מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין אַ באַ־קאַנטן רעסטאָראַן אַ היפשער עולם, צום מיינסטן פון די יינגערע שרייבער, מיט פּרצן בראש. ס׳איז געווען אַ טומלדיקע סעודה. פּרצן האָט מען מכבד געווען מיט מאַכן קידוש — אין וועלכן ער איז אינמיטן געשטרויכלט געוואָרן, און נאָמבערג האָט אים אַרויסגעהאָלפן. אברהם רייזען איז געווען דער צערעמאָניע־מייסטער — דאָס הייסט, ער האָט זיך געשטעלט אויף אַ בענקל און פריילעך געקאָמאַנדעוועט מיטן עולם און מיט די סאַרווערס, נאָר מע האָט אים אַריבערגעשריען. אַז ס׳איז געוואָרן הייס ביים טיש, בין איך אויפגעשטאַנען און אַרויס אין אַ זייטיקן צימער זיך אָפּקילן. באַלד האָט זיך באַוויזן פּרץ. ער האָט מיך זייטיק, פרעמדלעך־קאַלט אַ פרעג געטאָן: „ס׳איז דאָרט, אַפּנים, לאַנגווייליק?״ און דורכשפּרייזנדיק עטלעכע מאָל דעם חדר הין און צוריק, האָט ער זיך פּלוצעם אָפּגעשטעלט מיט פאַרלייגטע הענט אַהינטער, מיך אָנגע־קוקט שאַרף און אַ וואָרף געטאָן:

— ס'איז כמעט אַזוי לאַנגווייליק, ווי אַייער „הגדה של פּרעסע"!...

איצט, ביי מיין קומען פון באַדענוויילער, אַז איך האָב איינמאָל אין אַן אָוונט געטראָפן פּרצן ביי דינעזאָנען אין קאַמער, האָט ער מיך אויפגענומען מיט זיין אַלטער ליכטיקער פריינדלעכקייט און מיטן ברייטן שטראַלנדיקן שמייכל אין זיינע גרויסע אויגן, פונקט ווי עס וואָלט גאָר קיינמאָל קיין „הגדה של פּרעסע" ניט געווען. ער איז געזעסן אויבנאָן ביים שרייב־טיש, אויף דינעזאָנס ווייך־אויסגעבעטן שטול, און דינעזאָן אַליין האָט זיך צוגעזעצט צום ווינקל פונעם טיש, אויף אַ פּראָסטן האַרטן בענקל, און מיט אַ באַהאַרצטער מינע פון אַ געטריי ווייב אַ באַ־לעבאָסטע גרינטלעך געפּוצט מיטן האַנטוך די גוטע טיפע גלעזער צו טיי־טרינקען. פּרץ האָט אויסגעזען יום־טובדיק אויפגעלייגט (ס'איז טאַקע געווען יום־טוב — אַ סוכותדיקער אָוונט) און האָט מיך מיט אַ ליבלעך־נאָענטן טאָן אויסגעפרעגט וועגן פאַרשיידענע זאַכן: צי שרייב איך מיין פרוי אויך אַזעלכע אָפטע בריוו, ווי זי שרייבט מיר? (איך האָב באַקומען די פּאָסט אויף דינעזאָנס אַדרעס). און צי ס'איז אמת, אַז דאָס האָב איך איבערגעזעצט אויף העברעאיש טביה דעם מילכיקן? און פאַרוואָס וויל איך זיך באַזעצן דווקא אין דער האַלב־אַזיאַטישער ווילנע?... אין דעם דאָזיקן געשפּרעך האָט מיך די גאַנצע צייט געוווּנדערט איין זאַך: פּרץ ווייסט דאָך, אַז איך קום ערשט פון שלום־עליכמען — ווי געשיקט זיך עס, וואָס ער פרעגט ניט, כאָטש פון יוצא וועגן, וואָס מאַכט שלום־עליכם? ווו איז די ענדערונג אין זיין באַציִונג צו שלום־עליכמען, וואָס דינעזאָן האָט דערציילט?... און ווי ענטפערנדיק אויף מיין געדאַנק, האָט זיך פּרץ צו מיר פּלוצעם אָנגערופן:

— איר שרייבט היינט אַ בריוו צו שלום־עליכמען? שרייבט אים אין מיין נאָמען אַ גרוס, אַז ער איז אַ גרויסער קינסטלער!

אַזאַ אָריגינעלער גרוס האָט מיך איבערראַשט. וועלנדיק הערן פון אים עפּעס מער וועגן דעם, האָב איך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס עפּעס אין מיטן דערינען?

— לוצסע פּאָזדנאָ, צעם ניקאָגדאַ! (בעסער שפּעט, איידער קיינמאָל ניט) — האָט דינעזאָן מסביר געווען פון דער זייט מיט אַ גוישן ווערטל

אויף זיין ליטווישער אויסשפּראַך, דערביי איז אים דאָס קליינע שטייפע פּנים באַגאָסן געוואָרן מיט אַ נחתדיקער וואַרעמער ליכטיקייט, ווי ביי אַ מאַמע, וואָס אירע צעקריגטע קאַפּריזנע קינדער האַלטן ביי שלום ווערן.

— איך האָב דאָ ניט לאַנג איבערגעלייענט זיין „סטעמפּעניו", — האָט פּרץ דערקלערט, — כ'האָב דערזען אַ נייעם שלום־עליכם!

— ביז אַהער האָט איר דען ניט געלייענט „סטעמפּעניו"?

— שטעלט אייך פאָר — ניין! — האָט פּרץ געזאָגט מיט אַן אַרויס־רופנדיקן שמייכל.

פון דעסטוועגן האָב איך פּרצעס מאָדנעם גרוס אין מיינע בריוו שלום־עליכמען ניט איבערגעגעבן. ווייסנדיק, ווי אַזוי שלום־עליכם האָט ליב אויסצוהערן אַ זאַך מיט אַלע פּרטים, האָב איך מורא געהאַט, אַז פונדערוייטן וועט דאָס אים נאָר צעשטערן זיין גלייכגעוויכט. דערצו האָט מען מיר יענע טעג געשריבן פון לוגאַנאָ, וווהין שלום־עליכם איז אַריבערגעפאָרן פון לוצערן, אַז ער געפינט זיך אין אַ צערודערטן צושטאַנד: ער האָט ווידער אָנגעהויבן הוסטן, און פּראָפעסאָר סאַהלי פאַרדעכטיקט, אַז אויך די צווייטע, געזונטע לונג איז ביי אים ניט אינ־גאַנצן אין אָרדענונג, און ער שיקט אים אויף נאָך אַ ווינטער קיין נערווי.

ערשט קומענדיקן זומער, ביי אונדזער באַגעגעניש אין באַדענווייַלער, אויף אַ שפּאַציר־גאַנג, האָב איך שלום־עליכמען דערציילט וועגן פּרצעס גרוס. אויסהערנדיק מיין דערציילונג, האָט זיך שלום־עליכם הילכיק צעלאַכט:

— וואָס האָט ער זיך אַזוי שפּעט דערמאָנט?

און שפּאַצירנדיק עטלעכע מינוט מיט אַ פאַרטראַכטן שמייכל, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— דער ממזר האָט געלייענט „סטעמפּעניו" נאָך בימי „הפאָלקס־ביבליאָטעק", סך הכל מיט אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק צוריק, און האָט נאָך דעמאָלט געלעקט די פינגער. איך האָב גוטע עדות דערויף!...

איך האָב געפילט, אַז דער דאָזיקער ענין האָט שלום־עליכמען שטאַרק דערוואַרעמט. דעם זעלבן אָוונט האָט ער עפּעס לאַנג און פאַרסודעט געשריבן אַ בריוו ביי זיך אין צימער, און איך האָב געהאַט

דעם אײַנדרוק, אַז דער בריוו וועט גיין צו פּרצן. וואַרשעווער שריפט־שטעלער דערציילן עד היום, אַז אַרום יענער צייט האָט פּרץ באַוויזן זיינע מקורבים פון שלום־עליכמען אַ בריוו, אין וועלכן עס האָט זיך געפונען אומגעפּער אַזאַ זאַץ: „אַז איך האָב דורכגעלייענט אייערע ,פאָלקסטימלעכע געשיכטן/, בין איך צוגעגאַנגען צום שפּיגל און זיך אַליין געגעבן צוויי פּעטש — דערפאַר, וואָס איך האָב ביז אַהער ניט געוווּסט, ווי אַזוי אָפּצושאַצן אייער הויכן ווערט"...

צי שלום־עליכם האָט זיך אויסגעדריקט פאַר פּרצן דווקא מיט די ווערטער, אָדער אין אַן אַנדער נוסח — איז שווער צו וויסן, ווייל שלום־עליכמס בריוו צו פּרצן זענען ביז אַהער ניט אָפּגעזוכט געוואָרן. נאָר אויב שלום־עליכם האָט אַזאַ בריוו פּרצן געשריבן — איז דאָס זיכער געווען אָפּגעגעבן ברוויט פאַר פּרצעס „גרוס" פון יענעם סוכותדיקן אָוונט.

יג.

# „דער מאָמענט"

מיין שליחות אין וואַרשע יענעם האַרבסט 1910 — צו געפינען אַ צייטונג פאַר שלום־עליכמס „בלאָנזענדע שטערן" — איז פאַר מיר געווען אַן אמתע אָפּקומעניש. איך האָב גוט געוווּסט פון אונדזערע פריערדיקע פאַרהאַנדלונגען מיט די וואַרשעווער צייטונגען, גלייך נאָכ־דעם ווי שלום־עליכם איז אַרויסגעטראָטן פון דער „נייער וועלט", אַז דאָס וועט נאָר זיין אַן אומזיסטע דערנידערונג — קיינער וועט דעם ראָמאַן ניט וועלן נעמען. דער איינציקער, וואָס האָט זיך נאָך אַלץ גע־יאָגט נאָך שלום־עליכמען, איז געווען דער פאַרזינדיקטער אַרויסגעבער פון דעם שטאַרק־געפּאַלענעם „אונזער לעבן". יענער איז געקומען מיט זיין פרוי צו דינעזאָנען אין קאַמער בעטן אים, ער זאָל פאַר אים זיין אַ מליץ־יושר ביי שלום־עליכמען. פאַר יונגע דאַמען, ובפרט פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן באַטראָטן די שוועל פון זיין קאַמער און געזעסן ביי אים אויף דער סאָפקע, פלעגט דינעזאָנס אַלט־בחורש האַרץ שטענדיק ווייך ווערן. האָט ער ווידער אַ מאָל, ווי אין אַנהייב זומער, גענומען אין זיינע בריוו צורעדן שלום־עליכמען צום דאָזיקן פאָרשלאָג. איצט איז ביי שלום־עליכמען דער ווונטש צו באַקומען אַ דאַך פאַר זיין היימלאָזן ראָמאַן געווען אַזוי שטאַרק, אַז ער איז שוין באַלד גרייט געווען אַפילו נאָך אַ מאָל צו פאַרבינדן זיך מיטן „אונזער לעבן" — מיט דער זעלבער צייטונג, וועלכע ער האָט שיעור ניט גערעכנט פאַרן גורם פון זיין בלוט־שפייען... ער האָט זיך אָבער באַצייטנס געכאַפּט און אויסגעהאַלטן כאַראַקטער.

זיין טיפסטער פאַרלאַנג אַצינד איז געווען — אַריינטרעטן אין „היינט", אין דער צייטונג, וואָס האָט אין אַ קורצער צייט זיך געשאַפן די גרעסטע אוידיטאָריע אין דער רוסיש־יידישער פרעסע, אַן עולם

פון איבער הונדערט טויזנט לעזער. פאַר דער דאָזיקער קורצער צייט האָט דער „היינט" באַוויזן אויסצופאָרמירן זיך אין אַ גוט־אַוועקגעשטעל־טער אינפאָרמאַטיווער צייטונג, מיט אַ גוטער זשורנאַליסטישער אָרגאַני־זאַציע, מיט טיכטיקע קאָרעספאָנדענטן אין פעטערבורג און אין אויס־לאַנד. דערצו האָט ער אויסגעטיילט אויך אַ באַזונדערן ריינעם ווינקל פאַר העכערן ליטעראַרישן שטאָף, דאָרט, ווו עס פלעגן זיך עטלעכע מאָל אין וואָך באַווייזן דוד פרישמאַן מיט זיינע גלענצנדיקע פעליעטאָנען און הלל צייטלין מיט זיין טעמפעראַמענטפולער יידישלעכער פובליציס־טיק. צום דאָזיקן ליטעראַרישן ווינקל פונעם „היינט" האָט עס שלום־עליכמען אַזוי געצויגן. נאָר דער רעדאַקטאָר־אַרויסגעבער פונעם „היינט" איז יענע טעג געווען אַזוי באַרוישט פון זיין ערפאָלג און פון זיין אויפגעקומענער גבירעשאַפט, אַז ס'איז מיט אים אוממעגלעך געווען צו רעדן. דער ניט־לאַנג ווייכער, בנעימותדיקער, האַלב־זיידענער ש. י. יאַצקאַן, דער בית־מדרשדיק באַשיידענער מיטאַרבעטער פון דער „הצפירה", האָט איצט באַקומען גאָר אַן אַנדער קול מיט אַן אַנדער לשון. ער האָט זיך צעכעסט, מעשה גביר, למאַי מע שטעלט־אַרויס שלום־עליכמען ווי אַ ליטעראַרישן מיוחס — ביי אים זענען ניטאָ קיין מיוחסים! ס'איז אויסגעקומען, אַז שלום־עליכמס פּאָפּולאַריטעט ביים יידישן עולם איז גאָר אַ חיסרון פאַר אים: ער דאַרף ניט, מע זאָל אים העלפן פּאָפּולער מאַכן דעם „היינט" — ער אַליין איז דערויף מער בריה פון אַלע ליטע־ראַרישע בטלנים!... אונדזער קורצן געשפּרעך האָב איך שלום־עליכמען אין מיין בריוו ניט געוואָלט איבערגעבן, און שלום־עליכם, וואָס האָט אויף דעם אַזוי אַרויסגעקוקט, האָט געשטוינט: וואָס אַזעלכעס האָט אויף אים דער רעדאַקטאָר פונעם „היינט" געקאָנט זאָגן?...

נאָר גאָט איז אַ פאָטער. אין דער צייט, וואָס איך און דינעזאָן האָבן געזוכט פאַר שלום־עליכמען אַן אָרט אין דער וואַרשעווער פּרעסע, האָט מען אָנגעהויבן שמועסן, אַז עס האַלט זיך ביי אויספּיקן אַ נייע, אַ פּינפּטע צייטונג אין וואַרשע, און הייסן וועט זי „דער מאָמענט" (אַ נאָמען, וואָס זאָל סימבאָליזירן נאָך מער זשורנאַליסטישע פלינקייט, ווי „היינט"). די גרינדער פון דער נייער צייטונג זענען די פּרילוצקיס, דער פאָטער

מיטן זון, און אַזוי ווי דער אַלטער צבי פרילוצקי איז ביז אַהער געווען דער פּאַקטישער רעדאַקטאָר פון „אונזער לעבן", נעמט ער פון דאָרטן מיט זיך אַוועק כמעט די גאַנצע רעדאַקציע. אינדעם איז מיר אָנגעקומען אַ בריוו פון שלום־עליכמען, פון לוגאַנאָ, אַז ער איז שוין אַיינגעלאַדן געוואָרן אין דער נייער צייטונג פון דעם יונגן נח פרילוצקי. שלום־עליכמס בריוו, ניט געקוקט אויף זיין ערנסטן אינהאַלט, איז געווען געשריבן אין אַ לוסטיקער, שטיפערישער פאָרם. נח פרילוצקי האָט דעמאָלט אָנגעהויבן פּראָפּאַגאַנדירן, מע זאָל אויסלייגן יידיש פאָנעטיש, אַזוי ווי עס קלינגט אינעם רעדן, און האָט קודם־כל אַליין, אין זיין פּריוואַטן שרייבן, באַנוצט אַזאַ אויסלייג, און דווקא לויט דער וואָלינישער אויסשפראַך. איז דער דאָזיקער טשיקאַווער אַיינפאַל (דעמאָלט איז דאָס נאָך געווען טשיקאַווע) שלום־עליכמען שטאַרק געפעלן געוואָרן, און ער האָט מיר אַזוי געשריבן:

„זער גערטער ער בערקאָוויטש!

„דאָ ליגט אַ בריוו׳ל פונעם זער גערטען ער ר׳דאַקטער פון ד׳ר נייר׳ צייטונג וואָס׳ר גייט ׳רויסגעבען נ׳וואַרשאַ. לייענט׳ס גוט דורך און זעהטז׳ך מיט׳ים ערגיץ אינ׳אַקאַפּע און ערט׳ים אויס ו׳ס׳מיינט׳ר צ׳געבן פאַרן ר׳מאַן למשל? אויב׳ס׳ניט ק׳ן׳חלום אונר׳אָט טאַקע אַביסל געלד ווי׳ר׳ שרייבט — זאָל׳ר אַראַנ׳טראָג׳ן צו בכרך אַ דראַ — לפחות — צוויי טויזנדר׳ יבל — ניין, כ׳מיינט׳ אַקי דראַ, פ׳ר׳סניט? כ׳אָ׳אים האָנט ג׳שריבען אַנ׳טקריטקע, אז׳יר׳ט׳זיך מיט׳ימזעהען נ׳וואַרשאַ. טהוט׳ס וויכ־זאָג׳ייך".

(מיטן געוויינלעכן אויסלייג וועט דאָס זיין אַזוי: „זייער געערטער הער בערקאָוויטש! דאָ ליגט אַ בריוול פונעם זייער געערטן הער רעדאַקטאָר פון דער נייער צייטונג, וואָס ער גייט אַרויסגעבן אין וואַרשע. לייענט עס גוט דורך און זעט זיך מיט אים ערגעץ אין אַ קאַפּע און הערט אים אויס, וואָס מיינט ער צו געבן פאַרן ראָמאַן, למשל? אויב ס׳איז ניט קיין חלום און ער האָט טאַקע אַ ביסל געלט, ווי ער שרייבט, — זאָל ער אַריינטראָגן צו באַכראַך [אַ וואַרשעווער באַנקיר. — י. ד. ב.] אַ דריי — לפחות — צוויי טויזנט רובל — ניין, איך מיין טאַקע דריי,

פאַרוואָס ניט? איך האָב אים היינט געשריבן אַן אָטקריטקע, אַז איר וועט זיך מיט אים זען אין וואַרשע. טוט עס, ווי איך זאָג אייך").

צו דעם דאָזיקן שפּאַסיקן בריוול (וואָס אין זיין שפּאַס האָט אויך געשטעקט אַ סקעפּטישע באַציאונג צום גאַנצן ענין) איז געווען צוגעשריבן אויף רוסיש, צווישן אַנדערע זאַכן: „איך בין אַ ביסל קראַנק. איך ליג".

געזען זיך מיט די פּרילוצקיס, האָבן זיך ביי אונדז פאַרבונדן ערנסטע פאַרהאַנדלונגען וועגן שלום־עליכמס מיטאַרבעטערשאַפט אין דעם „מאָמענט". שלום־עליכמס הויפּט־תנאי, אַז ער טרעט־אַריין אין דער צייטונג נאָר מיטן ראָמאַן, האָבן זיי אָנגענומען. נאָר קיין דריי טויזנט רובל האָבן זיי ניט געגעבן. זיי האָבן פאָרגעלייגט פאַרן ראָמאַן צוויי טויזנט, וואָס וועלן שריפטלעך גאַראַנטירט ווערן פון זייער „קאַפּיטאַליסט", אַ וואַלד־סוחר פון דער ליטע. דערפאַר האָבן זיי פאַרלאַנגט, אַז שלום־עליכם זאָל זיי אויך געבן די ערשטע וואָכן, ווען די צייטונג וועט אָנהייבן דערשיינען, און אַ מאָל אויך צו אַ יום־טוב, קלענערע זאַכן, פאַר אַ ספּעציעלן האָנאָראַר. זיי האָבן אויך געפאָדערט, אַז דער ראָמאַן זאָל גיין אונטער אַ נייעם נאָמען, און אויך די נעמען פון די פאַרשוינען אינעם ראָמאַן זאָלן געענדערט ווערן. עס האָבן אָנגעהויבן לויפן בריוו פון וואַרשע קיין לוגאַנאָ און צוריק — און שלום־עליכם האָט אָפּגעלעבט. ענדערן די נעמען פון די פאַרשוינען האָט ער ניט געוואָלט; ער האָט אָבער מסכים געווען צו בייטן דעם נאָמען „בלאָנזשענדע שטערן" אויף „נע־ונד" (שפּעטער, אין בוך־פאָרם, זענען די „בלאָנזשענדע שטערן" געטיילט געוואָרן אין צוויי טייל: דער ערשטער — „אַקטיאָרן", דער צווייטער — „נע־ונד"). ער האָט שוין ניט געוואַרט ביז מיר וועלן דורכקומען מיט די פּונקטן פונעם קאָנטראַקט און האָט גלייך גענומען שרייבן און צושיקן מיר קאַפּיטלעכווייז פאַר די ערשטע נומערן פון דער צוקונפטיקער צייטונג אַ גרעסערע זאַך — „כתרילעווקער נשרפים". דאָס איז געווען איינע פון זיינע בעסטע כתרילעווקער דערציילונגען, די לעצטע אין דער סעריע „קליינע מענטשעלעך", פול מיט ליבשאַפט און רחמים צו זיין ליבהאַרציקער שטאָט: כתרילעווקע האָט אָפּגעברענט!...

ער האָט זי געהאַט אָנגעהויבן שרייבן נאָך אין 1904 פאַרן פּעטערבורגער „טאָג", נאָר דער „טאָג" האָט זיך אינמיטן אָפּגעשטעלט. איצט, אונטערן איינדרוק פון די גרויסע זומערדיקע שרפות אינעם יידישן תחום, האָט ער די דערציילונג פונדאָסניי איבערגעשריבן און זי פאַרענדיקט אין צוועלף קאַפּיטלען. דיזעלבע דערציילונג, אין רוסישער איבערזעצונג, האָט זיך יענעם ווינטער געדרוקט אין דעם מאָסקווער זשורנאַל „סאָור־רעמעננניק".

דער ראָמאַן, אונטערן געביטענעם נאָמען „נע־ונד", האָט זיך באַדאַרפט אָנהייבן דרוקן אינעם „מאָמענט" פון דעם פערציקסטן קאַפּיטל. די פריערדיקע קאַפּיטלען, וואָס זענען פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ספּעקטאָרס צייטונג, האָב איך אויף זיך גענומען איבערצוגעבן פאַר די נייע לעזער אין אַן אויספירלעכן „קיצור", מיט אַ פולער כאַראַקטעריסטיק פון אַלע פאַרשוינען.

ענדלעך זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן די פונקטן פונעם אָפּמאַך, און דער „קאַפּיטאַליסט" האָט אַיינגעלייגט ביי דינעזאָנען אַן אַדעררויף פון פינף הונדערט רובל. דינעזאָן האָט לכתחילה פון דער נייער צייטונג מיט די נייע רעדאַקטאָרן ווינציק־וואָס געהאַלטן. נאָר איצט, אַז ער האָט דערזען, אַז מע גיט אַ יידישן שרייבער פאָרויס מזומנע פינף הונדערט רובל, האָט ער זיין מיינונג גלייך געביטן. ער האָט געשריבן שלום־עליכמען, אַז דער „קאַפּיטאַליסט" שיינט צו זיין אַ בראַוועער מאַן, וואָס „זיין וואָרט איז אים טייערער פון זיין געלט"...

דערווייל איז שלום־עליכם אַריבערגעפאָרן קיין נערווי און האָט דאָרט געדונגען אויפן ווינטער אַ ווילע („ווילאַ ראָזענגאַרטען"). צו מיר קיין וואַרשע איז געקומען מיין פרוי מיטן קינד, און מיר האָבן זיך גענומען קלייבן קיין ווילנע. שלום־עליכם האָט זיך אַלץ געפילט ניט־געזונט, נאָר זיין בריוו צו אונדז (אין רוסיש) וועגן דעם אָפּמאַך מיטן „מאָמענט" איז געגאַנגען אין זייער אַ מונטערן טאָן:

„באַקומען פריער דינעזאָנס בריוו און דערנאָך אייער רעגיסטרירטן. איך בין זייער צופרידן, וואָס איר האָט דורכגעפירט דעם דאָזיקן ענין. אייך, בער און טיסי, געהערט צען פּראָצענט קאָמיסיאָן פּאָ זאַקאָנו פון

די צוויי טויזנט רובל. על־כן קומט אַייך צוויי הונדערט רובל. — — —.
דער קאָנטראַקט איז צוזאַמענגעשטעלט זייער גוט. — — —. פרילוצקין
גיט איבער, אַז צום ניי־יאָריקן נומער וועל איך אים שיקן זייער
אַ פריילעכן פעליעטאָן. אַ ווילע האָבן מיר אַזאַ, וואָס מיר האָבן קיינמאָל
אין חלום ענלעכעס ניט געזען. דאָס וועטער איז ווי אין יולי. אַ שאָד,
וואָס טאַמאַרקע איז דאָ ניטאָ אַרום דעם פאָנטאַן מיט די גאָלדענע
פישלעך, וואָס ליגט נאָענט צו אונדזערע מאַיאָנטקעס. — — —".

שפּעטער איז געוואָרן באַקאַנט, אַז הלל צייטלין איז אַריבער פונעם
„היינט" אינעם „מאָמענט", — האָט שלום־עליכם אין דעם געזען אַ נקמה
אָן דעם „היינט". ער האָט פון צייטלינען שטאַרק געהאַלטן, און ער
האָט מיר געשריבן שוין קיין ווילנע: „גוט, וואָס צייטלין איז אויך
אַריבער אין ,מאָמענט'. איך האָב זיי וועגן דעם געשריבן אַ באַגייסטערטן
בריוו. גוט וואָלט געווען, פרישמאַן זאָל אויסנעמען 25,000 רובל אין דער
לאָטעריע, אום אַרויסצושפּרינגען פונעם ,היינט'"...

דער „מאָמענט", איידער ער האָט אָנגעהויבן דערשיינען, האָט אַיינ־
געשלונגען ספּעקטאָרס „נייע וועלט", וואָס האָט דעם גאַנצן זומער
דורכגעמאַכט אַ לאַנגזאַמע גסיסה. צוזאַמען מיט די פּרעס־מאַשינען און
מיטן אָרעמען ביסל אַבאָנענטן זענען אַריבער אינעם „מאָמענט" אויך
די רעדאַקטאָרן פון דער „נייער וועלט", ספּעקטאָר און זאַגאָראָדסקי, איצט
שוין אַלס געוויינלעכע מיטאַרבעטער. דאָס האָט שלום־עליכמען שטאַרק
אויפגערודערט; ער האָט מורא געהאַט, עס זאָל אינעם „מאָמענט" ניט
אַריינפאַלן אויך דער פאַרוואַלטער פון דער „נייער וועלט", דער וואָס
האָט געמינטערט די פאַרחלשטע צייטונג מיט „זנות". ער האָט פרילוצקין
וועגן דעם געשריבן אַ בריוו, און האָט אויך מיך געבעטן, איך זאָל
וואָרענען די רעדאַקציע פון דער דאָזיקער געפאַר.

נאָר די גאַנצע אויפגעלעבטקייט מיט דער נייער צייטונג איז ביי
שלום־עליכמען געפאַלן באַלד נאָכן דערשיינען פון דעם ערשטן נומער.
געשען איז דאָס איבער אַ קלייניקייט, נאָר פאַר שלום־עליכמען איז דאָס
געווען זייער כאַראַקטעריסטיש. ער האָט אַזוי געשריבן:

„באַקומען דעם ערשטן נומער „מאָמענט". איך בין זייער אומצופרידן.

איך האָב זיי געשיקט צוויי בריוו מיט זייער נייטיקע אויסבעסערונגען [פאַר די „כתרילעווקער נשרפים“. — י. ד. ב.] — האָט מען זיך דערויף אַפילו ניט אומגעקוקט. גלייך אין קאָרב אַראָפּגעלאָזט מיינע בריוו. איך בעט אייך, שרייבט זיי, אַז איך בין אויפגעבראַכט און העכסט געערגערט. איר ווייסט, וואָס עס מיינט פאַר מיר אַן איבעריקער אות, און דאָ האָב איך זיי געשיקט איבער פערציק אויסבעסערונגען. דאָס איז פשוט חזירײַ. איך ווייס ניט, צו וועמען איך זאָל אַפּעלירן. גיט זיי צו פאַרשטיין, אַז איך בין געוווינט, אַז מיינע בריוו זאָל מען לייענען, ניט אַריינוואַרפן אין קאָרב פון דער רעדאַקציע...“

אויסבעסערונגען — דאָס איז ביי שלום־עליכמען געווען דער פּיל־באַרסטער פּונקט אין דער טעכניק פון זיין שרייבן, וואָס האָט אים שטענדיק פאַרשאַפט אַ סך אויפרעגונג. ערשט נאָכן אָוועקשיקן דאָס געלייטערטע און אויסגעפּוצטע מאַנוסקריפּט אין דער רעדאַקציע אַריין, פלעגט ער זיך דערפילן אומרואיק, ווי אַ מוטער, וואָס האָט אַרויסגעשיקט איר קינד אין דער פרעמדער וועלט, און דאָס האַרץ שטילט איר ניט, טאָמער וועט מען אויפן קינד דערזען עפּעס אַ חיסרון. ער פלעגט נעמען לייענען און איבערלייענען די פאַרבליבענע קאָפּיע, און אויסגע־פינען פעלערן אין ווערטער און פראַזעס — און פאַרוואַרפן די רע־דאַקציע מיט בריוו און אויך מיט טעלעגראַמעס, אויב די צייט איז געווען קורץ. צוליב זיכערקייט פלעגט ער אין יעדער רעדאַקציע אויס־קוקן פאַר זיך אַ פּינקטלעכן און געטרייען מענטשן, אויף וועמען מע קאָן זיך פאַרלאָזן, און פלעגט אים מאַכן פאַר זיין „נאמן“, וואָס זאָל באַזאָרגן זיינע צוגעשיקטע אויסבעסערונגען. כדי יענעם זאָל די זאַך ניט דערעסן, פלעגט ער אים אונטערוואַרעמען און „חנפהנען“ מיט גוטע, פריינדלעכע, לעבעדיקע בריוולעך. אינעם פּעטערבורגער „פריינד“ איז שלום־עליכמס גוטער שליח געווען דער דיכטער י. י. פראָפּוס, און אינעם ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל“ — דער זשורנאַליסט יעקב פאַלער, וואָס קאָן זיך באַרימען, אַז צווישן יידישע שרייבער האָט ער פון שלום־עליכמען באַקומען אויב ניט די גרעסטע צאָל בריוו.

אינעם „מאָמענט“ האָט שלום־עליכם אַזאַ נאָענטן מענטשן ניט גע־

האָט. די רעדאַקציע איז באַשטאַנען, צום מיינסטן, פון עלטערע צייטונגס־לייט, וואָס ווערן ניט נתפעל פון „אַן איבעריקן אות". דערצו איז די נייע צייטונג געווען שטאַרק פאַרשמאַיעט — זי האָט זיך פאַרמאָסטן איבערצוקאָנקורירן דעם ערפאָלגרייכן „היינט", און שלום־עליכמס שריפטשטעלערישע „קאַפּריזן" האָבן אין דעם דאָזיקן טאַרעראַם קיין שום אויפמערקזאַמקייט ניט באַגעגנט.

וואָס ווייטער, איז געגאַנגען אַלץ ערגער. אַז מע האָט אָנגעהויבן דרוקן דעם ראָמאַן „נע־ונד", האָב איך פון שלום־עליכמען באַקומען אַ פאַרצווייפלטן בריוו: „אין נומער 30 ,מאָמענט' זענען דורכגעלאָזט געוואָרן גאַנצע דריי קאַפּיטלען. וואָס טוט מען מיט זיי? האָב איך זיי גלייך טעלעגראַפירט. אויף אַלע מיינע בריוו ענטפערן זיי ניט..." און שפּעטער, אין אַ צווייטן בריוו, געשריבן אינמיטן נאַכט, איז די פאַרצווייפלונג געוואַקסן: „דעם ,מאָמענט' האָב איך צוויי מאָל טעלעגראַפירט און וועל באַשטיין, אַז זיי זאָלן איבערדרוקן אַלע צען קאַפּיטלען פונעם צווייטן טייל. אויב ניט, וועל איך מיט זיי איבעררייסן אַלע פאַרבינדונגען. איך האָב זיי פיינט פאַרן שווייגן. דאָס איז ספּעקטאָרס אַ געגנגל — ניט צו ענטפערן אויף טעלעגראַמעס. איך וועל זיי צווינגען צו רעדן! שרייבט אויך איר זיי..."

די דריי דורכגעלאָזענע קאַפּיטלען האָט מען ניט איבערגעדרוקט. שלום־עליכם האָט זיך אויסגעגעסן דאָס האַרץ, ניט געשלאָפן קיין נעכט, און ווי אַ קראַנק, באַליידיקט קינד, פיינט געקריגן די פרעמדע, אומפריינדלעכע צייטונג, וווהין ער האָט פאַרבלאָנזעט מיט זיינע „בלאָנזענדע שטערן", ווי אין אַ פרעמדן, פינצטערן געסל...

יד

# א. ל. לעווינסקי

אַרום יענער צייט, נאָך בעת שלום־עליכם האָט געהאַלטן ביי אַריבער־פאָרן פון לוגאַנאָ קיין נערווי, איז אים אָנגעקומען פון אָדעס אַ טרויע־ריקע בשורה, אַז זיין בעסטער און ליבסטער פריינד צווישן יידישע שריי־בער, א. ל. לעווינסקי, איז פלוצעם געשטאָרבן. לעווינסקיס טויט, וואָס איז דעמאָלט טיף באַדויערט געוואָרן אין דער העברעאישער און יידישער פרעסע און האָט ביי אַ סך יידישע שרייבער אַרויסגערופן אמתן טרויער, האָט שלום־עליכמען געטראָפן אין סאַמע האַרצן, ווי עס וואָלט אים אָפּגעשטאָרבן אַ געליבטער לייבלעכער ברודער.

א. ל. לעווינסקי איז שוין איצט, עטלעכע און צוואַנציק יאָר נאָך זיין טויט, כמעט אַ פאַרגעסענער נאָמען אין אונדזער ליטעראַטור אויףביידע שפּראַכן. ניט נאָר דער יידישער — אויך דער העברעאישער לעזער פון דעם יינגערן דור האָט קוים געהערט דעם דאָזיקן נאָמען. אַפילו אין ארץ־ישראל, וווּ אויף לעווינסקיס נאָמען עקזיסטירט אַ סעמינאַר פאַר פאָלקס־לערערינס און איינע פון די תל־אביבער גאַסן הייסט „רחוב לוינסקי״, — האָט די יוגנט אַ גאַנץ טונקעלע פאָרשטעלונג, ווער דער לעווינסקי איז, אייגנטלעך, געווען. אין זיין צייט האָט אָבער לעווינסקי פאַרנומען אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ אין דער העברעאישער פעריאָדישער ליטעראַטור און איז אויך געווען גוט באַקאַנט צו די לעזער פון די יידישע צייטונגען און זשורנאַלן אין רוסלאַנד (דעם לעצטן יאָר פאַר זיין טויט האָט ער אַליין געגרינדעט אין אָדעס אַ טעגלעכע צייטונג מיטן נאָמען „גוט מאָרגן״, וואָס האָט אים אַריבערגעלעבט עטלעכע יאָר).

ער איז געווען אַ פעליעטאָניסט — נאָך פרישמאַנען דער פּאָפּו־לערסטער פעליעטאָניסט ביי די העברעאישע לעזער. ער האָט ניט פאַר־מאָגט פרישמאַנס הויך־ליטעראַרישע מייסטערשאַפט, זיין גלענצנדיקן גע־

שליפענעם סטיל און זיין שאַרפן בייסנדיקן סאַרקאַזם. דער חן פון לעווינסקיס פעליעטאָן איז געווען פון אַ גאַנץ אַנדער כאַראַקטער: ער האָט אַרויסגעשטראַלט פון זיין מילדקייט — פון דעם מילדן גוטמוטיק־קלוגן הומאָר, אין וועלכן ער האָט געוויקלט זיינע ביטערלעכע פילן פאַרן עולם. ער איז געווען אַ מילדער הומאָריסט מיט אַ ליכטיקן גוטן קוק אויף פאָלק און מענטשן, אַ הומאָריסט, וואָס לאַכט ניט און שטעקט ניט אָן דעם לעזער מיט געלעכטער, נאָר וואָס שמייכלט ווייך איבער מענטשלעכע שוואַכקייטן און גלייבט ערלעך, אַז אַלצדינג קאָן זיין בעסער און וועט זיין בעסער, אויב מענטשן זאָלן נאָר וועלן. ער איז ניט געווען קיין שאַפערישער הומאָריסט פון שלום־עליכמס מין: ער האָט ניט גע־שריבן קיין קונסט־ווערק, ניט געשאַפן קיין מענטשלעכע לעבנס־סיטו־אַציעס און ניט אַריינגעקוקט דיכטעריש אין דער מענטשלעכער נשמה. ער איז אָבער געשטאַנען נאָענט צו שלום־עליכמען מיט זיין אינערלעכן אָפטימיסטישן גלויבן, וואָס האָט געשפּאַנט איבער שטרויכלונגען און פאַרצווייפלונגען צום אָפענעם ברייטן וועג. ביי שלום־עליכמען, דעם שאַ־פערישן קינסטלער און גאָט־געבענטשטן טאַלאַנט, איז דער דאָזיקער וועג געווען העל־באַפלאַקערט מיט אַ שטאַרקן הומאָריסטישן פייער; ביי לעווינסקין, דעם באַלעבאַטישן פעליעטאָניסט מיט באַגרענעצטער שריפטשטעלערישער קראַפט, איז דער זעלבער וועג געווען ווייך באַ־לויכטן מיט אַ שטילן אָפשיין פון מילדן הומאָריסטישן שמייכל.

וואָרעם לעווינסקי איז כל ימיו געווען אַ באַלעבאַטישער שרייבער — דער שענסטער פאָרשטייער פון דעם טיפּ שרייבער־באַלעבאַטים און שרייבער־סוחרים, וואָס האָבן צענדליקער יאָרן געגערט די העברעאישע ליטעראַטור. די דאָזיקע שרייבער־סוחרים, דירעקטע יורשים פון אַמאָליקע תלמידי־חכמים־סוחרים, האָבן זיך געטיילט אויף עטלעכע קאַטעגאָריעס: געווען אַזעלכע, ביי וועמען דער סוחר האָט זיך געלאָזט פילן מער ווי דער שרייבער, און געווען אויך געציילטע, יחידי־סגולה, ביי וועמען דער שרייבער האָט אינגאַנצן פאַרשלונגען דעם סוחר. צו דער לעצטער קאַטעגאָריע מעג מען אַפילו צורעכענען אחד־העמען אין דער העברע־אישער ליטעראַטור, און שלום־עליכמען אין דער יידישער. אויף דער

העברעאישער ליטעראַטור האָט דער דאָזיקער „סוחרישער שטראָם" גע־האַט זיין גוטן איינפלוס דערמיט, וואָס ער האָט זי ניט געלאָזט זינקען צו טרויעריקער אָרעם־בחורשער אָפּגעזונדערטקייט, צו „מלמדות" — צו יענעם מין „מלמדות", מיט וועלכן יעדער העברעאישער שרייבער, אין זיין פאַראייניזאַמטער ניט־וועלטלעכער לאַגע, איז מסוגל געווען גע־שטעמפּלט צו ווערן. (אפילו פרישמאַן האָט, אויס מורא פאַר „מלמדות", אין זיינע בריוו זיך אָפט באַרימט, אַז ער איז פון דער יוגנט אַ סוחר; און ביאַליק שטאָלצירט נאָך עד היום, וואָס אין די יונגע יאָרן האָט ער צוזאַמען מיט זיין שווער געהאַלטן פאָססעסיעס און געהאַקט וואַלד...). לעווינסקי האָט מיט זיך געשאַפן אַ באַזונדערע, דריטע, קאַטעקאָריע פון דעם שרייבער־סוחר: ביי אים האָבן זיךביידע עלעמענטן שטאַרק אָנגעזען און איינס האָט פאַרגאַנצט דעם אַנדערן. געהייסן האָט עס אַזוי: דער שרייבער לעווינסקי מעג אויסגעהערט ווערן פון זיינע באַלעבאַטישע לעזער דערפאַר, וואָס ער איז סוחריש אַזוי קלוג און פראַקטיש, פונקט ווי זיי; און דער סוחר לעווינסקי האָט צו זאָגן עפּעס העכערס די יידן פון זיין קרייז, ווייל זיין סוחרישע קלוגשאַפט און פראַקטישקייט זענען דאָך געלייטערט פון דעם סוחרישן פסולת אין די געהויבענע ספערן פון גייסט. און אַזוי ווי זיינע געדאַנקען און זיין נאַציאָנאַל־יידישע לעבנס־פילאָזאָפיע האָט ער אַרויסגעזאָגט אין לייכטע פעליעטאָנישע שמועסן, באַהויכט מיט אַ מילד־שמייכלענדיקן, סוחריש־שרייבערשן הו־מאָר, — האָט עס דער באַלעבאַטיש־אינטעליגענטער לעזער פון יענע יאָרן געטרונקען מיט פולן צוטרוי, ווי אַ גוטן היימישן געטראַנק, און זיך געפילט פון לעווינסקיס פעליעטאָנען אי אָפּגעפרישט, אי גייסטיק געהויבן. דער לעזער פון אחד־העמס שטרענגן און האַרב־ערנסטן זשור־נאַל „השילוח" פלעגט לייכט אָפּציען דעם געדריקטן אָטעם, צוקומענדיק אין סוף ביכל צו לעווינסקיס פעליעטאָנישע „מחשבות ומעשים" (גע־דאַנקען און טאַטן), אונטערגעשריבן מיטן גוט־ברודערדיקן פסעוודאָנים „רבי קרוב", ווו די זעלבע האַרבע און ביטערע געבאָטן פון דער נאַציאָ־נאַל־יידישער לערע פלעגן פאַרמילדערט און פאַרזיסט ווערן פון קלוג־באַלעבאַטישן, געמיטלעכן און דאָך גייסטיק־געהויבענעם שמועס. און

ס'איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס דער ווייכער, צוגעלאָזטער, בנעימות־דיקער „רבי קרוב”, וואָס האָט זיך תמיד געווענדט צו זיין לעזער מיט „חביבי הקורא” (מיין ליבלינג לעזער), האָט מער אויסגענומען ביים דורכשניטלעכן באַלעבאַטישן העברעער, ווי דער איראָניש־שאַרפער דוד פרישמאַן, וואָס האָט אַראָפּגעבליצט צום העברעאישן עולם פון זיין הויך־ליטעראַרישן איינזאַמען אָלימפּוס.

נאָר אויב לעווינסקי איז געווען באַליבט ביי זיינע לעזער, איז ער נאָך מער ליב געווען ביי זיינע חברים־שרייבער. דאָ האָט מען אים ליב געהאַט ניט אַזוי פאַר זיין שרייבן, ווי פאַר זיינע זעלטענע פּערזענלעכע מעלות — פאַר זיין גוטער און קלוגער ברייטהאַרציקייט. אַהער, אין דער ליטעראַרישער משפחה, ווו עס הערשט געווייגלעך אַ געדריקטע לופט פון אָרעמקייט, פון אומצופרידנקייט, פון קנאה און ניט־פּאַרגינעריי פון איינעם צום צווייטן, — פלעגט ער מיט זיך ברענגען אַ באַזונדער מין פרישקייט, טאַקע די פרישקייט פון אַ רוסיש־יידישן סוחר, פון אַ דורכ־געלופטערטן וועלט־מענטש, וואָס פאָרט אַרום אין די ווייטע גובערניעס, טרעפט זיך מיט אַלערליי מענטשן, זעט אַ סך און פאַרשטייט אַ סך. דערצו איז ער אַליין געווען אַ ריינע, ערלעכע נאַטור, אָן פּניות, ווייט פון שרייבערשער גרויס־האַלטעריי, פרעמד פון כבוד־זוכעריי, פּראָסט און גוטהאַרציק צו חברים, פול מיט ברודערלעכער גוטסקייט צו דער ליטעראַרישער משפחה, פול מיט געדאַנקען און פּלענער, ווי אַזוי די דאָזיקע משפחה שיין אַוועקצושטעלן און דערהייבן. ער איז געווען אַ סוחר — און האָט זיין גאַנץ לעבן געאָטעמט מיט ליטעראַטור, פול געווען מיט אירע חלומות. ער איז אַרומגעפאָרן איבער רוסלאַנד וועגן זיינע געשעפטן — און אויפן וועג געהאַט אין זינען מער די ליטעראַ־רישע אונטערנעמונגען אין וואַרשע און אָדעס, ווי זיינע אייגענע. אין וואַרשע האָט מען פון אים גערעדט, ווי פון דעם אָדעסער דינעזאָן. ער איז אָבער געווען ברייטער, אויפריכטיקער און מער פאַרשווענדעריש אין זיין גוטסקייט, ווי דינעזאָן. דינעזאָן האָט געלעבט מיט חשבון און אָפט געפירט אַ פּינקטלעכע בוכהאַלטעריע פון זיינע מעשים טובים; לעווינסקי האָט ניט געוווּסט פון קיין חשבונות ניט אין זיינע אייגענע,

ניט אין זיינע ליטעראַריש־געזעלשאַפטלעכע ענינים. ער איז אויך געווען מער אויפטוער, ווי דינעזאָן. אין דער צייט, וואָס דינעזאָן האָט נאָר ער־לעדיק באַוואַכט די אינטערעסן פון זיינע חברים, איז לעווינסקי פול געווען מיט פאַנטאַזיע און ענערגיע זיי צו שאַפן. לעווינסקי האָט געהאַט אַ גרויסן חלק אין שאַפן די פינאַנציעלע מיטלען פאַרן באַוווסטן וואַרשעווער פאַר־לאַג „אחיאסף״, וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזויפיל וויכטיקע ביכער אויף העברעאיש, אויך דעם „השילוח״ און דעם „הדור״, און אויך די ערשטע ליטעראַרישע וואָכנשריפט אין יידיש — דעם „יוד״. ער האָט אויך גע־האָלפן באַפעסטיקן און אַנטוויקלען ביאַליקס און ראַווניצקיס פאַרלאַג „מוריה״. פון קלענערע ליטעראַרישע אויפטואונגען און פון זיין אומ־דערמידלעכער איבערגעגעבנקייט צו די נויטן פון יידישע שרייבער — איז ניט ביי אים, ניט ביי אַנדערע קיין חשבונות ניט געפירט געוואָרן. אויב דינעזאָן האָט ביי אונדז געהאַט אַ נאָמען פון אַ ליטעראַרישן פעטער, האָט פון לעווינסקין געאָטעמט מיט ליטעראַרישן טאַטע. איך האָב אים געזען סך־הכל צוויי מאָל: איין מאָל אין מיין פריסטער יוגנט, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, ביי מ. אוסישקינען אין הויז, און אַ צווייטן מאָל — אַ האַלב יאָר פאַר זיין טויט, אין אַ וואַרשעווער האָטעל. און ביידע מאָל האָב איך פון אים געהאַט דעם אַיינדרוק, ווי פון אַ גרויסן, ברייט־פּלייציקן, וואַרעמען טאַטע. ער האָט אויסגעהערט דעם יינגערן פון זיך מיט אַזאַ אויפריכטיקער אויפמערקזאַמקייט, מיט אַזאַ שטילער שמייכלענדיקער וואַרעמקייט אויף זיין באַברילטן באָרדיקן פנים. זיין גענויע ענלעכקייט מיט דינעזאָנען איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אויך ער איז געווען אַן עכטער ליטוואַק (געשטאַמט פון פּאָדבערעזיע, אַרום ווילנע) און אויך ער האָט גערעדט מיט דער „סין״.

לעווינסקיס באַקאַנטשאַפט מיט שלום־עליכמען איז געווען פאַרבונדן מיט זיין ערשטן ליטעראַרישן אַרויסטריט אין דער העברעאישער פרעסע, וואָס צו דער זעלבער צייט איז דאָס געווען אַן אַרויסטרעטונג קעגן שלום־עליכמען. געשען איז דאָס אין יאָר 1889, גלייך נאָכן דערשיינען פון שלום־עליכמס „פאָלקסביבליאָטעק״. אין די העברעאישע צייטונגען, אין „הצפירה״ און „המליץ״, האָט זיך דעמאָלט צעפלאַקערט אַ גרויסע

פראָטעסט־קאַמפּאַניע קעגן שלום־עליכמס אויפטו, וועלכער האָט אַוועק־
געשטעלט דעם „זשאַרגאָן" אויף איין ברעטל מיט דער העברעאישער
שפּראַך. אין דער „הצפירה" האָט שלום־עליכמען באַקעמפט דער העב־
רעאישער געלערנטער א. קאַמינקאַ, וואָס האָט העפטיק דערקלערט, אַז
דער „זשאַרגאָן" איז אַ שאַנד און אַ שמאַך פאַר יידן, אַ סם־המות פאַרן
פאָלק, און ס'איז אַ הייליקע פליכט אים אויסצוראָטן. אינעם „המליץ"
האָט אויפגעהויבן דעם פּראָטעסט איינער אַן אומבאַקאַנטער שרייבער,
וואָס האָט זיך געחתמעט א. ל. לעווינסקי און אָנגעגעבן זיין וווינאָרט:
גאָרנאָסטאַיעווקע (אַ שטעטל אין טאַווירישער גובערניע, דרום־רוסלאַנד).
דער אַרטיקל האָט דווקא געטראָגן אַ שטילן, זאַכלעכן נאָמען: „שפת
עבר ושפת יהודית המדוברת" (די העברעאישע שפּראַך און די גערעדטע
יידישע שפּראַך), נאָר דאָס מאָטאָ אונטערן קעפּל, אַ פּסוק פון „משלי",
האָט שוין גערופן צו מלחמה: „אונטער דריי צאָרנט די ערד: — — —
אונטער אַ קנעכט וואָס קיניגט, און אַ דינסט אַז זי ירשנט איר האַ־
רינטע". און אין דעם אַרטיקל גופא איז דער אומבאַקאַנטער שרייבער
הייס אַרויסגעטראָטן קעגן שלום־עליכמען מיט זיין „פאָלקסביבליאָטעק".
הייס — אָבער צו דער זעלבער צייט אין מילדן, אָנשטענדיקן טאָן, מיט
אַ באַהאַלטענעם רעספּעקט צו שלום־עליכמען אַליין, ווי אויך צו זיין
אויפטו. ער האָט נאָר געהאַט טענות, למאַי שלום־עליכם וויל מאַכן
פון דעם „זשאַרגאָן" אַ ליטעראַרישע שפּראַך, אין דער צייט, וואָס
אונדזער אמתע ליטעראַרישע שפּראַך איז העברעאיש. ער האָט אויך
פירגעהאַלטן שלום־עליכמען, אַז ער האָט מיט זיינע גרויסע האָנאָראַרן
אָפּגעצויגן די בעסטע שרייבער פון דער העברעאישער ליטעראַטור
און זיי פאַרנאַרט צום „זשאַרגאָן". ער האָט זיך באַקלאָגט פאַר דעם
העברעאישן לעזער: „אָט האָט זיך געפונען אַן אויסלייזער פאַרן זשאַרגאָן:
הער שלום־עליכם. ניט דער „שלום עליכם" פון „קידוש־לבנה", און
ניט סתם „שלום עליכם", מיט וועלכן מיר זענען געוווינט, נאָר איינער,
וואָס האָט זיך אַזוי אַ נאָמען געגעבן, און גאָט האָט אים געבענטשט
מיט געלט און רייכטום און מיט אַ פילנדיקן האַרצן פאַרן זשאַרגאָן, און
זיין גאַנצע הילף און ווונטש איז נאָר ,דער נוצן פון יענער געמישטער

שפּראַך' — אַזוי איז זיין לשון אין זיינע בריוו — צו דערהייבן איר האָרן מיט כבוד, צו מאַכן זי פאַר אַ ליטעראַרישער שפּראַך, און פאַר דעם צוועק זשאַלעוועט ער ניט זיין געלט — אַ זעלטענע דערשיינונג צווישן אונדז"...

אויך וועגן דעם עצם ענין „זשאַרגאָן" האָט זיך לעווינסקי אויסגע־דריקט גאַנץ מילד:

„איך האָב ניט פיינט דעם „זשאַרגאָן" און בין אים ניט מבזה. נאָך מיין מיינונג, דינענדיק אונדזערע עלטערן הונדערטער יאָרן אַלס אינ־סטרומענט, איז ער אויך הייליק געוואָרן און איז געוואָרן אַ ,העברעאישע שפּראַך'... אָבער עס עסט מיך די אייפערזוכט פאַר אונדזער הייליקער שפּראַך, פאַר אונדזער ,אמתער שפּראַך', און עס פאַרדריסט מיך צו זען, ווי אַזוי די דינסט ירשנט איר האַרינטע — — —. ווען איך זאָל וויסן, אַז די אויפלעבונג פונעם זשאַרגאָן איז אַ נאַטירלעכע אויפלעבונג, אַז דאָס לעבן פאָדערט דעם דאָזיקן גאַנצן אויפרודער, — וואָלט איך געשוויגן, וואָרעם מע טאָר ניט גיין קעגן דעם לעבן. אָבער מיר אַלע ווייסן, אַז די דאָזיקע אויפלעבונג איז ניט קיין נאַטירלעכע, נאָר אַ גע־מאַכטע... — — —. פאַרוואָס־זשע זאָלן מיר ניט טאָן דאָס אייגענע אויך מיט אונדזער שפּראַך? פאַרוואָס האָבן זיך ניט געפונען קיין אויס־לייזער פאַר אונדזער הייליקער שפּראַך?..."

ניט די פאַנאַטישע שנאה פון דעם „הצפירה"־שרייבער, נאָר דווקא דער ערלעכער וואַרעמער טאָן פון דעם אומבאַקאַנטן לעווינסקי האָט אַרויסגערופן די אָנהענגער פונעם „זשאַרגאָן" צום קאַמף. דעם ערשטן ענטפער אינעם „המליץ" האָט געגעבן שלום־עליכם אַליין, אין אַ קורצן און שאַרפן אַרטיקל, באַטיטלט: „לשאלת השפה" (צו דער שפּראַך־פראַגע). שלום־עליכם האָט קודם־כל געטאַדלט לעווינסקין, פאַרוואָס ער האָט באַליידיקט די העברעאישע שרייבער, אַז זיי האָבן פאַר געצאָלט זיך געלאָזט פאַרנאַרן צום „זשאַרגאָן". ער האָט געפרעגט: ווו זענען די זעלבע שרייבער געווען פריער, איידער ער האָט אַרויסגעגעבן די „פאָלקסביבליאָטעק" — פאַרוואָס האָט מען פון זיי די לעצטע יאָרן אין דער העברעאישער ליטעראַטור עפּעס ניט געהערט? ער האָט

אַ שפּיל געטאָן פאַרן העברעאישן עולם מיט אַ פיינער איראָנישער מליצה, קונציק געבויט אויף די פּסוקים פון „שירת דבורה" וואָס אין תנ"ך: „אין די טעג פון צעדערבוים און סלאָנימסקי האָבן אונדזערע שרייבער אויפגעהערט טראָגן די פרוכט פון זייער פען; אין די טעג פון קאַנטאָר און גאָרדאָן האָבן אויפגעהערט שרייבער אין ישראל, גאָר אויפגעהערט; עד שקמתי שלום־עליכם, שקמתי מו"ל בישראל — ביז איך בין אויפגעשטאַנען, איך שלום־עליכם, בין אויפגעשטאַנען אַ פאַר־לעגער אין ישראל..." און אַזוי ווייטער און ווייטער — אין דעם הומאָ־ריסטישן פּסוקים־סטיל, וואָס שלום־עליכם האָט אַזוי ליב געהאַט פון די סאַמע יונגע יאָרן. און וועגן דעם ענין אַליין האָט ער אַרויסגעזאָגט אַזאַ געדאַנק: אַז די אויפלעבונג פון דער יידישער שפּראַך איז אַ נאַציאָנאַלע פליכט, וואָרעם אַחוץ איר חן און ווערט אַלס פאָלקס־שפּראַך, קאָן מען נאָר דורך איר אויסדריקן די לעבעדיקע נאַציאָנאַלע מעלות און געפילן, וואָס ברויזן אין אונדז.

אַגב האָט שלום־עליכם אַ ביסל חוזק געמאַכט פון לעווינסקין אַליין, אַרויסגעשטעלט אים פאַר אַ פּראָווינציאַל. ער האָט אים אין זיין פּאָלעמיק גערופן ניט אַנדערש, נאָר: „דער שרייבער פון גאָרנאָסטאַיעווקע".

אַ צווייטער, נאָך שלום־עליכמען, איז אַרויסגעטראָטן קעגן לעווינסקין י. ח. ראַווניצקי, מיט אַ לאַנגן און קלאָרן אַפּאָלאָגעטישן מאמר פאַרן „זשאַרגאָן". עס האָבן זיך באַוויזן אויך אַנדערע — ווער פאַר און ווער קעגן. לעווינסקי האָט גענומען דאָס וואָרט נאָך עטלעכע מאָל. עס האָט זיך צעשפּילט דאָס באַרימטע מחלוקת וועגן „העברעאיש־יידיש", וואָס פון דעמאָלט־אָן, שוין העכער פערציק יאָר, גייט עס ניט אַרונטער פון אונדזערע בלעטער.

דער רעזולטאַט פון יענעם וויכוח איז געווען, אַז שלום־עליכם האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט לעווינסקין און זיך אָנגעהויבן נאָכפרעגן אויף אים. אין איינעם פון די דעמאָלטדיקע בריוו צו ראַווניצקין האָט ער געשריבן אַזוי: „סטייטש, איר זענט דאָך עפּעס גאָר אַ גזלן: איר קענט זיך מיט ה' לעווינסקי פון גאָרנאָסטאַיעווקע און זאָגט, אַז ער איז אייערער אַ „ידידי", ולסוף שרייבט איר מיר ניט, ווער ער איז

און וואָס ער איז! — — —. אויב ס'איז אמת, אַז איר זענט אַ גוטער ברודער מיט לעווינסקין פון גאָרנאָסטאַיעווקע, טאָ פירט אים צונויף מיט מיר, באַקענט אונדז — וועט זיין רעכט. ער איז אַ מענטש מיט אַ טאַלאַנט..."

ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָבן זיי זיך באַקענט אין אָדעס, און ביידע האָבן ליב באַקומען איינער דעם אַנדערן אהבת־נפש. לעווינסקי האָט שוין דעמאָלט אַליין געשריבן יידיש און איז צווישן יידישע שרייבער געווען פאַררעכנט ווי אַ גאָר נאָענטער, הגם אידייאיש איז ער נאָך אַלץ פאַרבליבן דער הייסער העברעאיסט. נאָר שלום־עליכם האָט זיך צו אים האַרציק צוגעבונדן ניט פאַר זיין שרייבן (ער האָט פרישמאַנס מייסטערשאַפט אין פעליעטאָן געשטעלט ניט אין ערך העכער פון לעווינסקיס לויזע, בלייך־שמייכלענדיקע שמועסן). ער האָט אים ליב באַקומען פאַר זיין ליכטיקן מענטשלעכן געמיט, פאַר זיין זעלטענער ריינער גוטסקייט און פאַר זיין ברייט האַרץ — פאַר זיין משפּחהדיקער ברייט־האַרציקייט, מיט וועלכער ער האָט זיך באַצויגן צו דער יידישער ליטע־ראַטור און אירע שרייבער. ער האָט אין אים געפונען אַן אמתן גוטן חבר — דאָס וואָס שלום־עליכם האָט אַזוי טייער געהאַלטן אין זיין שרייבערשן לעבן. און ער האָט אים אויך געענטפערט מיט אמתער האַרציקער חברשאַפט, אָן פּניות און אָן זייטיקע כוונות. ער פלעגט אין זיינע בריוו צו לעווינסקין זיך אַמאָל אונטערשרייבן, ווי ניט צו קיינעם: „ידידך אוהבך אהבת־עולם" (דיין פריינד, וואָס ליבט דיך מיט אייביקער ליבשאַפט). ער האָט אים איינמאָל געשריבן אַזוי: „צווישן דער גאַנצער חבריא אונדזערער, אויב עס געפינט זיך נאָר איין שלום־עליכם, געפינט זיך אויך נאָר איין לעווינסקי"...

איך ווייס ניט, צי שלום־עליכם האָט פון לעווינסקין געהאַט מאַ־טעריעלע טובות. אין די טעג פון שלום־עליכמס יובילעי האָט לעווינסקי אומזיסט זיך געמיט צו אַראַנזשירן אין אָדעס אַ יובילעי־פייערונג — דער באַוווסטער אָדעסער גענעראַל טאָלמאַטשאָוו האָט אַזעלכעס ניט דערלויבט. ס'איז אָבער גענוג געווען, וואָס לעווינסקי (וועלכער איז גע־ווען דער הויפּט־פאַרוואַלטער פון דעם וויין־געשעפט „כרמל" אין אָדעס)

פלעגט ערב פסח האָבן אין זינען צו שיקן שלום־עליכמען קיין קיעוו אַ מתנה — אַ קאַסטן ווײַן אויף ארבע כוסות. ס׳איז אויך געגוג געווען, וואָס אין אַ שווערן מאָמענט פלעגט אָנקומען פון לעווינסקין אַ האַר־ציקע ברודערלעכע אויפמונטערונג, אַז שלום־עליכם טאָר בײַ זיך ניט אַראָפּפאַלן, ווארעם ער איז שלום־עליכם, און עס וועט נאָך, אם ירצה־השם, אַלצדינג גוט זײַן, און מיר אַלע אינאײנעם וועלן זיך נאָך פרייען... „מיר אַלע אינאײנעם״ — לעווינסקי האָט תמיד גערעדט, ווי דער גוטער ליכטיקער פאָרשטייער פון דער גאַנצער שרײַבערשער משפחה.

ער האָט שלום־עליכמען געצאָלט מיט דער זעלבער ליבשאַפט. דערצו איז נאָך צוגעקומען אַ באַזונדערע פאַרליבטקייט אין שלום־עליכמס טאַלאַנט, אין שלום־עליכמס הומאָר, פון וועלכן זײַן אייגענע הומאָ־ריסטישע נייגונג איז געווען ווי אַ שטילער, באַשיידענער אָפּשײַן. עטלעכע חדשים פאַר זײַן טויט האָט ער זיך מיישב געווען און צוגע־שיקט שלום־עליכמען קיין באַדענווײַלער אַ היפשן מאַנוסקריפט; ער האָט פון שלום־עליכמס ווערק אויסגעקליבן אַלע זײַנע ווערטלעך און זיי פאָרגעלייגט צו דרוקן. די אַרבעט האָט ניט געטויגט: צוזאַמען מיט שלום־עליכמס אייגענע, געשאַפענע ווערטלעך זענען דאָרט געווען אויס־געמישט אַ סך אַלט־באַקאַנטע פאָלקס־ווערטלעך, וואָס שלום־עליכם אַליין האָט גענומען פונעם יידישן פאָלקלאָר. נאָר שלום־עליכם איז דאָך געווען גערירט, וואָס זײַנער אַ חבר, אַן עלטערער שריפטשטעלער, און אַ מענטש אַ פאַרנומענער מיט פאַרשיידענע געשעפטן, האָט זיך געמיט אַזעלכעס צו טאָן.

און פלוצעם איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון אָדעס, אַז לעווינסקי איז געשטאָרבן. שלום־עליכם איז געווען דערשיטערט, ווי פון אַן אומ־געריכטן שטאַרקן קלאַפּ. ער איז געזעסן אײַנזאַם אין דער שווייץ, ווייט פון ליטעראַרישער געזעלשאַפט, ניט געהאַט מיט וועמען צו טיילן דעם גרויסן טרויער, — האָט ער געשריבן קלאָג־בריוו צו זײַנע נאָענטע חברים: צו בן־עמין, צו דינעזאָנען, צו די אָדעסער פריינד. אין זײַן העברעאישן בריוו צו די אָדעסער איז ער אַזש געוואָרן היסטעריש: „ניט נאָר האָב איך ניט קיין כוח אין מײַן פעדער אויסצודריקן אַ טויזנטל

פון דעם, וואָס מיין האַרץ פילט אין דעם מאָמענט, נאָר איך מיין, אַז טרערן און געוויין און קלאָג און אַ זאַק און אַש — זענען אַ חילול־השם און אַ גרויסע פּראָפּאַגאַציע! — פאַרשאָלטן זאָל זיין די דאָזיקע שעה! און פאַרשאָלטן זאָל זיין מיין פעדער אין אַזאַ פאַרשאָלטענער שעה!"...

אונדז האָט ער געשריבן אין אַ וואָך אַרום, שוין פון נערווי: „מיר, דאָס הייסט איך און די מאַמע, הערן ניט אויף צו באַוויינען דעם טייערן אומפאַרבייטלעכן לעווינסקין".

צו „שלושים" האָט שלום־עליכם אָנגעשריבן פאַר דער „הצפירה" אַן אַרטיקל וועגן לעווינסקין: „מיין באַקאַנטשאַפט מיט א. ל. לעווינסקין". דער אַרטיקל איז איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש פון דוד פרישמאַן, וואָס איז דעמאָלט אַריינגעטראָטן אין דער „הצפירה" אַלס ליטעראַרישער רעדאַקטאָר. דערביי האָבן זיך ביידע, פרישמאַן און שלום־עליכם, דורכגעשריבן וועגן לעווינסקיס טויט יעדער אויף זיין כאַראַקטעריסטישן שטייגער.

פרישמאַן האָט געשריבן (יידיש) אין שטילן מעלאַנכאָליש־איראָנישן טאָן:

„ווי געפעלט אייך די מעשה מיט לעווינסקיס אָפּשטאַרבן? — עס איז שוין באַלד פיר וואָכן, אַז דאָס דאָזיקע גייט מיר ניט פון זין אַרויס. אַפּנים, אַ באַק־צאָן אַרויסגעריסן. זיץ איך אַ מינוט אַליין, מוז איך טראַכטן נאָר דערפון. אַזאַ קרעפטיקער יונג, אַזאַ דובינע! [געמיינט, אַפּנים, „דעמב". — י. ד. ב.]. אַז איך זע אַזאַ ריז פאַלן, ווער איך זייער טרויעריק געשטימט. דען מיר קומט אויס, אַז אַזאַ צאַרטער שוואַכינקער מענטש ווי איך וועל באופן זה מוזן לאַנג לעבן, און דאָס איז קיין גוטע אויסזיכט ניט"...

האָט אים דערויף שלום־עליכם געענטפערט:

„לעווינסקיס טויט? — אַך, רעדט גאָרנישט! אַ וווּנד, אַ וווּנד, וואָס ניט אַזוי גיך קאָן זיך עס פאַרהיילן. ער האָט זיך געקליבן צו מיר (ווי איר, אַייך צו לענגערע יאָר — אַייך אויף להכעיס) קיין באַדענווייילער, און אַוועקגעפאָרן איז ער גאָר — ווייס איך וווהין, קיין האָצעפּלאָץ, קיין גושן, צו דער פמליא של מעלה — דאָרט, ווו מיר, איך

און איר, וועלן זיך אַמאָל צונויפטרעפן. אוי, וועלן מיר דעמאָלט לאַכן ביידע, זיך האַלטן ביי די זייטן, קוקנדיק אַראָפּ פון דאָרטן אַהער, אין דעם דאָזיקן נאַרישן וועלטל פון שוטים, נאַראָנים, טיפּשים, גדלנים, קבצנים, עם־הארצים, פוסטע עגאָאיסטן, ליגנער, פּייפּערס, קנאַקערס, משטיינס געזאָגט רעדאַקטוירים, כלומרשטע קיסרים, פּאַרריסענע דאַמען — כאַ־כאַ! עס לאַכט זיך שוין באַצייטנס, ווי איר זעט מיך אַ יידן!...

„גוט, וואָס איר האָט מיר דערמאָנט וועגן טויט. איך אַליין קלער אויך אַמאָל וועגן דעם. אַמאָל, ביינאַכט, ווען ס׳שלאָפט זיך ניט, און אַמאָל בייטאָג אויך. וואָרעם אַז מע באַטראַכט די דאָזיקע וועלט מיט אירע לעכערלעכע מענטשלעך, מוז מען זיך דערמאָנען אינעם טויט. אַ מין אַסאָסיאַציע, אַפּנים, פון אידעיען. און ווער שמועסט, פון זינט אונדזער „רבי קרוב" האָט אָפּגעטאָן אָט די שיינע מעשה, האָב איך אָנגעהויבן עפּטער צו טראַכטן וועגן יענער וועלט. די טעג האָב איך... נאָר לאָמיר בעסער ריידן פון עפּעס פריילעכערס... "

טו

## ווידער אין ווילנע

פאַרטיק געוואָרן מיט שלום־עליכמס ענינים אין וואַרשע, בין איך מיט מיין קליינער פאַמיליע אַריבערגעפאָרן סוף יאָר 1910 קיין ווילנע. איך האָב אין ווילנע קיין באַשטימטע אויסזיכטן ניט געהאַט, נאָר עס האָט מיך געצויגן אַהין, ווי צו אַ ליבן היימלעכן נעסט, מיט וועלכן עס איז געווען פאַרקניפּט דער ליכטיקסטער פּעריאָד פון מיין יוגנט. און מער ווי עס האָט מיך צוגעצויגן ווילנע האָט מיך אָפּגעשטויסן וואַרשע — מיט איר פרעמד־טומלדיקן ליטעראַרישן יאַרידל, מיט אירע קאָנקורירנדיקע פּרנסה־צייטונגען, מיט אירע האַלב־עם־הארצישע פאַרלעגער, צו וועלכע עס האָבן לעצטנס אָנגעהויבן צושטיין אַלס שותּפים גאַנצע עם־הארצים, ווילד־פרעמדע פאַרשוינען, וואָס האָבן דאָ נאָר געזוכט אַ קערבל פאַר־דינסט. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דאָס איז אפשר דער אומ־פאַרמיידלעכער טרויעריקער וועג פון אונדזער פאָלקסשפּראַך, אַ שפּראַך אָן אַן אַלטער קולטור־טראַדיציע, אָן גייסטיקע וואָרצלען אין דער פאָלקס־נשמה — אַ שפּראַך, וואָס ציט ניט אירע אורזאַפטן פון אַ היסטאָריש־העראָאישער פאַרגאַנגענהייט, נאָר איז אויפגעקומען אין ענגע טרוקענע געטאָ־געסלעך, אין פינצטערע געוועלבלעך פון אַ קרעמער־פאָלק. אַ שפּראַך פון קרעמער שאַפט אַ ליטעראַטור פון קרעמער... עס איז מיך באַפאַלן אַ טיפער יאוש וועגן דער לאַגע פון דער יידישער ליטעראַטור, און עס האָט מיך גענומען ציען צוריק צו העברעאיש, פון וועלכן איך בין כמעט ווי אָפּגעריסן געוואָרן פאַר די לעצטע פינף יאָר. מעגלעך, אַז צו אַזאַ געדאַנקען־גאַנג האָט אַ סך מיטגעווירקט אויך דער געלונ־גענער אָנהייב פון מיין העברעאישער איבערזעצונג פון שלום־עליכם — דאָס הייסט: דער פאַקט אַליין, וואָס אַזאַ לעבעדיקער שרייבער איז אַרויסגעקומען לעבעדיק אין דער שפּראַך, וואָס מע האַלט זי פאַר טויט...

איך געדענק: יענעם האַרבסט האָב איך אין וואַרשע זיך באַקענט מיט דוד בערגעלסאָנען. ער איז געקומען אַהין נאָכדעם ווי זיין ערשט ווערק, „אַרום וואָקזאַל״, איז וואַרעם באַגעגנט געוואָרן פון דער קריטיק, — געקומען, אַלס אָנערקענטער יונגער טאַלאַנט, זיך אָנשליסן אין דער שרייפשטעלערישער משפחה און זיך אָננעמען פון איר מיט „רוח־הקודש״. ביי אונדזערע ערשטע באַגעגענישן האָבן מיר געפירט הייסע וויכוחים וועגן דער העברעאישער ליטעראַטור. בערגעלסאָן האָט געטענהט די אַלטע טענה, אַז העברעאיש איז אַן אָפּגעשטאַנענער ענין פאַר בית־מדרשניקעס, און לעבעדיקע שרייבער דאַרפן פון דעם ווייכן. דעם בעסטן באַווייז דערצו האָט ער געגנומען פון זיך אַליין: זיין „אַרום וואָקזאַל״ האָט ער לכתחילה געהאַט געשריבן אויף העברעאיש, געשיקט אין אַ העברעאישער רעדאַקציע, נאָר די העברעאישע בטלנים האָבן עס אָועקגעמאַכט מיט דער האַנט. — נאָכדעם אָבער ווי בערגעלסאָן האָט זיך אַרומגעדרייט אַ קורצע צייט אין דער וואַרשעווער ליטעראַרישער וואָכעדיקייט, זיך באַקענט מיט אירע פאָרשטייער, געזען די פּראָסטע־וואַטע קליין־סוחרישע פּנימער פון וואַרשעווער יידישע פאַרלעגער, האָט ער פאַר זיין אָוועקפאָר זיך מודה געווען פאַר מיר, אַז ביי די העב־רעאישע בית־מדרשניקעס קאָן מען געפינען מער גייסטיקע דערהויבנקייט, ווי אויף דעם דאָזיקן ליטעראַרישן מאַרק. און שפּעטער מיט אַ צייט, אַז מיר האָבן זיך אַ צווייטן מאָל געטראָפן אין ווילנע, האָט ער אַהין געבראַכט פאַרן וועכנטלעכן „העולם״ דעם ערשטן טייל פון זיין ראָמאַן „נאָך אַלעמען״, וועלכן ער האָט אַליין באַאַרבעט אין אַ גוטן העברעאיש, נאָך איידער ער האָט אים פאַרעפנטלעכט אין יידיש (אין העברעאיש האָט ער אים פיין באַטיטלט „ככלות הכל״). ווי אַ סך אַנדערע יידישע שרייבער, וואָס האָבן באַקומען זייער ערשטע גייסטיקע יניקה פונעם העברעאישן קוואַל, האָט אויך אים אין דער שטיל געצויגן אויף ביידע וועגן, — און ווער ווייסט דעם צופאַל, וואָס האָט באַשטימט דעם וועג פון אונדזערע טאַלאַנטן?...

מיין צוריקקער צו העברעאיש האָב איך אין מיין געדאַנק פאַרבונדן מיט מיין צוריקקומען קיין ווילנע. איך האָב אַלץ געטראַכט, אַז נאָר

אין דער שטילער, פּאַטריאַרכאַלישער, ערלעך־גלייביקער ווילנע וועל איך מיך קאָנען אומקערן מיטן גאַנצן האַרצן צו באַנייטער העברעאישער אַרבעט. איך האָב זיך אַפילו אָפּגעזאָגט פון אַ פּאַרגעלייגטער שטעלע אין דער אָפּגעפרישטער וואַרשעווער „הצפירה״, ניט געקוקט דערויף, וואָס פרישמאַן, איר נייער ליטעראַרישער רעדאַקטאָר, האָט מיך מיט אַלע מיטלען געפּרווווט פאַרהאַלטן. „בלייבט דאָ, מענטש! — האָט ער מיך איינגערעדט מיט ווייכע רייד, גאָרניט אויף זיין שטייגער. — מיר וועלן דאָ ביידע אַרבעטן צוזאַמען שפּילנדיק, מאַכן פון דער צייטונג אַן אמת אַנטיקל... וואָס וועט אַזאַ יונגערמאַן אין די בעסטע בליענדע יאָרן קאָנען אויפטאָן אין אַזאַ מערקווירדיק סקוטשנער לאָך, ווי אָט דאָס באַזונגענע „ירושלים דליטא״? דיזע טויט־ערנסטע יידן — האָט ער געזאָגט וועגן די ווילנער שרייבער — די זענען דאָך מער טויט ווי ערנסט — טשעסטנאָיע סלאָוואָ, איך זאָג דאָס אייך בעז שוטקי!״...

ווי עס פּאַסירט אָפט מיט מענטשן, וואָס קומען אַ צווייטן מאָל אין אַ לאַנג־געווונטשטן, אויסגעבענקטן אָרט, האָב איך ווילנע געטראָפן ביט אַזוי, ווי זי האָט געלעבט אין מיין זכרון. דאַכט זיך, די אייגענע ווילנע, ווי מיט יאָרן צוריק: די זעלבע אַלט־פּראָווינציעלע גאַסן און מיטלאַלטערלעכע יידישע געסלעך, מיט די זעלבע ווייכע, פרום־דלות־דיקע יידישע פּנימער; די זעלבע אַלטע געהויקערטע מויערן, מיט די זעלבע חושכדיקע קעלער־שטיבלעך אין דער טיף; די זעלבע אָנ־געפּעלצטע פאַרשמאָלצענע מאַרק־יידענעס, וואָס פאַרקויפן הייסע „באָ־בעס״ און רופן ווייך, אונטער דער נאָז: „האַרעלע!״ און די זעלבע גוט באַקאַנטע ריחות פון די אָרעמע הויפן. אַפילו די זעלבע פאַמעלעך־לויפנדיקע, טרייסלדיקע און קלאַפּנדיקע „קאָנקע״ (פערד־טראַם) איבער דעם אויסגעקרימטן שטיינערנעם ברוק, אַפילו די זעלבע צוויי באַרימטע „באָלוואַנעס״ אויף ראָג טראָקער גאַס — אַלצדינג ווי געווען! גאָרנישט איז אָפּגעקומען און גאָרנישט איז צוגעקומען. און דאָך האָט עפּעס גע־פעלט, וואָס האָט די ערשטע טעג אַוועקגענומען פון דער שטאָט איר אַמאָליקן רייץ. עס האָט געפעלט די זיסע און שטאַרקע באַרוישונג פון דעם ערב־רעוואָליוציע־יאָר — די פרישע באַרוישנדיקע ווינטלעך

פון די באַרימטע רוסישע „פרילינג־טעג״, וואָס האָבן אין מיין צייט זיך געטראָגן אין ווילנער לופט מיט אַ באַזונדערער שאַרפקייט, געוועקט די הערצער פון דער יוגנט צו געוואַגטע פאַרלאַנגען און האָפענונגען אויף אַ נייעם פרייען לעבן. ווו זענען אַהינגעקומען די פאַרשמאַיעטע רעוואָליוציאָנער־געשטימטע ווילנער סטודענטן מיט די צעשפּילעטע מונ־דירן, פון וועלכע עס האָבן דרייסט אַרויסגעקוקט שוואַרצע און רויטע רעוואָליוציאָנערע העמדלעך? די באַבערדלטע לאַנג־האָריקע עקסטערנער, וואָס האָבן פאַרוואָרפן די עקזאַמענעס אויף נאָך דער רעוואָליוציע? ווו זענען די ווילנער באַלעבאַטישע „באַרישניעס״, וואָס האָבן אַראַנ־זשירט פיקניקס אין שיפלעך אויף די באַוווסטע טראָקער אָזיערעס לטובת פּאָליטישע אַרעסטאַנטן? די ווילנער אינטעליגענטע דאַמען, וואָס האָבן זיס און מאַט געשמייכלט צו יעדן „פאַרדעכטיקטן״ יונגנמאַן, וואָס האָט געטראָגן לאַנגע האָר און אַ רוסיש העמדל איבער די הויזן? און ווו איז אַהינגעקומען די קאָכיקע „אַרבעטער־בירזשע״ אויף זאַוואַלנע־גאַס, וואָס האָט אין די פאַרנאַכטן געווימלט מיט אַרבעטער און אַגיטי־רער, ווו אַן אינטעליגענט פלעגט כאַפּן אַ יונגן באַלמעלאָכע ביי דער לאַץ, צופירן אים צו אַ צעהיצטן פאַרטיי־חבר און אַ זאָג טאָן: „באַ, אַגיטיר אים!״... פון דעם אַלעם איז קיין שפור ניט געבליבן. די פינצ־טערע רוסישע רעאַקציע איז דורכגעגאַנגען איבער ווילנע, פונקט ווי איבער אַנדערע יידישע שטעט אין דעם תחום, ווי אַ בייזער שטורעמ־ווינט, און האָט אַלצדינג אָפּגעווישט. די סטודענטן זענען זיך צעפאָרן אין די אוניווערסיטעטן שטודירן פאַר אַ תכלית; די עקסטערנער האָבן אָפּגעשוירן די האָר, אָנגעטאָן ווייסע מאַנישקעס, און שלאָגן זיך מיט די לעצטע כוחות צו די עקזאַמענעס, צו וועלכע דער פאַרביסענער שוואַר־צער מיניסטער פון בילדונג לאָזט זיי ניט צו; די „באַרישניעס״ האָבן חתונה געהאַט, און די ווילנער אינטעליגענטע דאַמען — דערציילט מען — שפּילן איצט גאַנצע נעכט אין קאָרטן.

אויך פון דער ליטעראַרישער ווילנע איז ניט געבליבן קיין זכר. מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט זיך פון ווילנע אַ גאַס געטאָן אין דער יידישער וועלט אַריין אַ הייסער שטראָם פון ליטעראַטור. גלייך נאָך דער אָקטאָ־

בער־קאָנסטיטוציע אין 1905, מיט דער געשענקטער „פרייהייט פון פרעסע", האָבן דאָ געוומען שפּראָצן, ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, אַלערליי פּאַרטייאישע אָרגאַנען. אַחוץ דריי טעגלעכע צייטונגען, — דער העב־רעאישער „הזמן", די בירגערלעכע „צייט" און די בונדיסטישע „פאָלקס־צייטונג", — האָבן זיך גענומען באַווייזן איינער לעם אַנדערן אַ מענגע זשורנאַלן: בונדיסטישע, פּועלי־ציוניסטישע, סאָציאַליסטיש־טעריטאָריאַ־ליסטישע, סיימיסטישע, אַלגעמיין־ציוניסטישע און אויך ריין־ליטעראַרישע. די אַלע פּלוצעם־אויפגעשפּראָצטע זשורנאַלן האָבן געפירט צווישן זיך אַ שאַרפן טעאָרעטישן קאַמף, אַן אמתע „מלחמתה של תורה". פון דער ווייטן (און מסתמא אויך פון דער נאָענט) האָבן זיי געמאַכט דעם אײַנ־דרוק פון ניי־מאָדישע ישיבות, ווו יידישע יונגע לייט מיט עילוישע קעפּ, גלייכע און קרומע, האָבן זיך אַוועקגעזעצט פּילפּלען איבער נאַ־ציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע טעאָריעס, קאָכן זיך, אַמפּערן זיך, דרינגען איינער קעגן דעם אַנדערן מיט די גראָבע פינגער, שלאָגן איינער דעם אַנדערן מיט האַרבע סברות. דאָס האָט זיך אַזוי גוט געפּאַסט צום אַלטן שטייגער פון דער אַלטער ווילגעלערנטער ווילנע!... איצט, אַז איך בין געקומען קיין ווילנע, האָב איך פון דעם גאַנצן קאָך קיין סימן ניט געטראָפן. אַלע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַנען זענען אויסגעראָטן געוואָרן מיטן וואָרצל, אַלע זייערע שרייבער און פּאַרטיי־פירער זענען ערגעץ פאַרשוווּנדן געוואָרן. פון דער בונדיסטישער „פאָלקסצייטונג" איז נאָר איבערגעבליבן איר גוט־אַיינגעריכטע דרוקעריי, וואָס איז איצט פאַרוואַלטעט געוואָרן פון ב. קלעצקין און האָט אָנגענומען אַפילו העב־רעאישע אַרבעט (איך האָב דאָרט געדרוקט די ערשטע צוויי בענדער פון מיינע איבערזעצונגען פון שלום־עליכם). קיין יידישע צייטונגען זענען מער אין ווילנע ניט געווען, אויסער דעם קליינעם באַשיידענעם זשורנאַל „לעבן און וויסנשאַפט", וואָס א. ליטווין האָט אין דער שטיל אַרויסגעגעבן, און עפּעס אַן אָרעמען וואָכנבלאַט פון פּראָווינציעל־לאָקאַלן כאַראַקטער. די ווילנער יידן האָבן יעדן טאָג געדולדיק אַרויסגעקוקט אויף די וואַרשעווער בלעטער.

און וואָס פאַר אַ טרויער איך האָב געטראָפן אין דעם העבראישן

„הזמן״! דאָס איז שוין ניט געווען די אַמאָליקע גרויסע רייכע רעדאַקציע אין דער רחבותדיקער דירה פון דער באַרימטער אַלמנה ראָם, מיט די שטאַרקע דעמבענע שרייבטישן, מיטן שטענדיק זודיקן סאַמאָוואַר, מיטן רעדאַקציע־גוי, וואָס צעטראָגט טיי איבער די טישן, מיטן גרויסן שטאַב שרייבער, עלטערע און יינגערע, מיט דער ברייטער טומלדיקער קאַנטאָר פון די פּאָליעסער וואַלד־מענטשן. — ערגעץ אין אַ ווינקל אויף דער זאַוואַלנע־גאַס, אין אַ פינצטערלעכן חדר ביי אַ זעצעריי, ביי הויכע שרייב־שטענדערס פון פּראָסטן ניט־געפאַרבטן האָלץ, זענען געשטאַנען פּאַרטיפּט אין דער אַרבעט צוויי פאַרעלטערטע, פאַראומערטע יידן — ש. ל. ציטראָן און י. א. טריוווש. אַרום זיי האָט אַרומגעשפּאַנט הין און צוריק, איינגעשטילט און פאַרטראַכט, ווי אַ געפאַנגענער אין אַן ענגער שטייג, דער רעדאַקטאָר בן־ציון כץ. דאָס איז געווען כמעט די גאַנצע רעדאַקציע פון דער גרויסער טעגלעכער צייטונג, גרויס ווי אַ ליילעך, וואָס האָט איצט שוין געטראָגן דעם נאָמען „הד הזמן״ (דער אָפּקלאַנג פון דער צייט). די קאַנטאָר האָט זיך געפונען ערגעץ אויף אַן אַנדער גאַס. בן־אביגדור איז שוין לאַנג געוואָרן אויס שותף צו דער צייטונג. פון אַלע אַרויסגעבער און פאַרוואַלטער איז געבליבן נאָר איינער — דער משכיל מיטן גלאַנציקן פּליך, דער וואָס האָט געהאַט אַ שטאַרקע נייגונג צו מאַטעמאַטיק. איצט, אַז ער איז געבליבן אַליין באַלעבאָס, האָט ער אויסגעפירט זיינס: ער האָט די גאַנצע ווירטשאַפט פון דער צייטונג אַוועקגעשטעלט אויפן באַזיס פון „תשבורת״ (ברוך־צאָל) — אויף אַ קאַלקולאַציע פון פערטל קאָפּיקעס און אַכטל גראָשנס. ער האָט אויסגערעכנט פּינקטלעך, לויט חכמת־החשבון, וויפיל פּראָפיט די צייטונג קאָן טראָגן און וויפיל מע קאָן דערפון צאָלן די מיטאַרבעטער; ס׳איז אויסגעקומען זייער אַ קלאָגעדיקער האָנאָראַר, געברעקלט אויף קאָפּיקעס מיט אַכטלעך און זעכצנטלעך פון אַ גראָשן — דער חשבון האָט אָבער געשטימט געווי! די צוויי אַלטע שרייבער, מיט נאָך אַ פּאָר יינגערע אַרויסהעלפער, האָבן באַדאַרפט צושטעלן יעדן טאָג אַ גרויסע צאָל שורות, אום צו פאַרדינען זייער אָרעם ברויט. כדי עס זאָל זיך זיי לייכטער אַרבעטן, האָט דער אַרויסגעבער זיי געראָטן צו שרייבן שטייענ־

דיק — און דערויף האָט ער עס באַשטעלט פאַר זיי די הויכע פּראָסטע שטענדערס. זיי האָבן זיך ניט געקלאָגט אויפן באַלעבאָס — ער איז געווען זייער אַ פּינקטלעכער צאָלער. איינער פון זיי האָט זיך פאַר מיר נאָר באַקלאָגט, אַז די ריינקייט פון דער העברעאישער שפּראַך ליידט פון אַזאַ קאַטאָרזשנער אַרבעט. מע מוז איבערזעצן דעם טעגלעכן שטאָף פון רוסישע און דייטשע צייטונגען גיך און מאַשינאַל, קומט דערפון דער העברעאישער שפּראַך קיין געזונט ניט צו. אין די ווילנער העב־רעאישע קרייזן האָט מען דערציילט, אַז די מיטאַרבעטער פון „הד הזמן" זענען אַזוי פאַרטעמפּט געוואָרן פון זייער געיאָגטער אַרבעט, אַז איינער האָט איינמאָל אין גרויס איילעניש איבערגעזעצט פון רוסיש אויף העב־רעאיש די ווערטער „סיראָטסקי דאָם" (בית היתומים) — „הדאָם הסיראָטי"...

דערפאַר האָט מען מיר אין דער רעדאַקציע פונעם „הד הזמן" גע־געבן אַזאַ גאַסטפריינדלעכן קבלת־פּנים, אויפן עכטן ווילנער שטייגער, אַז צוליב דעם אַליין האָט זיך געלוינט קומען קיין ווילנע. מיינע אַלטע חברים האָבן מיך אויפגענומען מיט דער פרייד פון לייבלעכע פּעטערס, צו וועמען אַ פּלימעניק איז צוריקגעקומען פון מרחקים. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז אין דער אַמאָליקער רעדאַקציע האָב איך ביי זיי געהייסן, צוליב מיינע יונגע יאָרן, „תינוק המערכת" — דאָס קינד פון דער רעדאַקציע; האָבן זיי איצט געקוקט אויף מיר מיט ליכטיקע גוטע אויגן און אָנגעקוואָלן, וואָס דאָס קינד איז, קיין עין־הרע, אויסגעוואַקסן. איך האָב געמאַכט דעם באַזוך מיט מיין פרוי — האָט ציטראָן, דערזעלבער ציטראָן מיטן געלבלעכן גלאַנציקן פאַרמעט־פּנים און מיטן פאַרלאָשענעם ליולקעלע צווישן די ציין, אונדז ביידן באַטראַכט מיט אַ נחתדיקן שמייכל. ער האָט מיך אַפילו אָפּגערופן אין אַ ווינקל און שטיל געזאָגט: „איר געדענקט, ווי אַזוי איך האָב דעמאָלט נביאות געזאָגט, אַז סע וועט זיין אַ שידוך? איר געדענקט — נאָך אייער לויב־אַרטיקל וועגן שלום־עליכמען? אַהאַ, ווער האָט געטראָפן?"...

איך בין אַוועק פון דעם פינצטערלעכן חדר פונעם „הד הזמן" מיט אַ שווערן האַרצן, אין וועלכן עס האָט אָבער געשימערט אַ ליכטיק געפיל נאָך אַ באַגעגעניש מיט אַלטע געטרייע קרובים.

פונקט אַזוי גוט, אויפן זעלבן ווילנער שטייגער, האָט מען מיך אויפגענומען אין דער צווייטער העברעאישער רעדאַקציע פון דעם וועכנט־לעכן זשורנאַל „העולם“, הגם דאָרט זענען געזעסן מענטשן, וואָס זענען מיר פון פריער כמעט ניט געווען באַקאַנט. דער „העולם“ — דער העברעאישער אָרגאַן פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע (אַ ברודער־אָרגאַן פון דער ציוניסטישער דייטשער „וועלט“) — איז קיין ווילנע אַריבערגעפירט געוואָרן פון דייטשלאַנד. געגרינדעט האָט אים נחום סאָ־קאָלאָוו אין קעלן, ווו ער איז עטלעכע יאָר שלעכט רעדאַקטירט געוואָרן פון אַן ארץ־ישראלדיקן יונגן זשורנאַליסט. אין ווילנע האָט מען דעם „העולם“ געשטעלט אונטער דער אויפזיכט פון דעם רוסישן ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט, און אויך דאָ האָט מען פאַר אים לאַנג ניט געקאָנט צוקלייבן קיין רעכטן רעדאַקטאָר. ביז עס האָט איבערגענומען די רע־דאַקציע אַלטער דרויאַנאָוו — אַן ערנהאַפטער שריפטשטעלער, מיט גוטער ליטעראַרישער בילדונג און מיט אַ קלאָרן פיינעם העברעאישן סטיל, דערצו אַ מענטש פון גרויסער פאַראַנטוואָרטלעכקייט און זעלטענער פינקטלעכקייט. אין זיינע הענט האָט דער „העולם“ באַקומען ניט נאָר אַ קלאָרע יידיש־ציוניסטישע פיזיאָנאָמיע, נאָר ער איז אויך פאַרטיפט און פאַרפיינערט געוואָרן אַלס ליטעראַרישער זשורנאַל, זויבער אין אינהאַלט און אין סטיל, און האָט גיך באַקומען אַ גוטן נאָמען אין דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט.

דרויאַנאָוו האָט מיר לכתהילה אויסגעזען ווי אַ שטרענגער שאַרפער ייד. שאַרפע גלאַנציקע ברילן, אַ שאַרפע געטאָקטע רוסישע אויסשפּראַך און שטרענגע „וואָיענע“ (מיליטערישע) וואָנצעס. דערצו איז ער נאָך געווען באַקאַנט ווי אַ תלמיד פון דעם שטרענגן „אחד העם“. נאָר איך האָב מיך אומזיסט געשראָקן. אַזוי גיך ווי ער האָט אויסגעטאָן די שאַרפע ברילן, האָבן זיך גלייך אַנטפּלעקט מילדע, גוטע, קורצזיכטיקע אויגן, וואָס האָבן געקוקט אויף מיר מיט פולן צוטרוי פון אַ גוטן, צוגעלאָזטן אַלטן שכן. און אַז ער האָט זיך צערעדט — שוין אויף יידיש — האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז דער געמיטלעכסטער מענטש אין דער וועלט, וואָס זוכט־אויס פאַר זיין מיטשפּרעכער די וואַרעמסטע ווערטער

און דעם סאַמע וואַרעמען אײַנגענעמען טאָן. ניט געקוקט, וואָס אחד־העם איז געווען זיין רבי, האָט ער שוין דעמאָלט זיך אָפּגעגעבן מיט אַזאַ ניט־אחד־העמיסטישער אַרבעט, ווי זאַמלען יידישע אַנעקדאָטן — און האָט מיט זיי געווירצט און געפעפערט זיין געשפּרעך פון דער פולער האַנט.

ער האָט מיר אָפן, אָן צערעמאָניעס, דערקלערט, אַז גאָט אַליין האָט מיך געבראַכט קיין ווילנע — ער דאַרף מיך טאַקע נייטיק האָבן. ער לייגט מיר שוין פאָר, איך זאָל אַריינטרעטן אין „העולם" און איבערנעמען פון אים אַ טייל פון דער רעדאַקציע, וואָס פאַלט אים אויס שווער. איך וועל רעדאַקטירן די בעלעטריסטיק און ליטעראַטור־קריטיק און שרייבן אַ וועכנטלעכן פעליעטאָן. איך וועל אויך האָבן אין „העולם" גענוג פּלאַץ פאַר מיינע בעלעטריסטישע זאַכן, סיי אייגענע, סיי איבערגעזעצטע פון שלום־עליכם.

אַזוי גיך און אַזוי פּראָסט. אַ מאָדנער לייכטער מענטש דרויאַנאָוו! מאָדנע לייכטע פאַרשווינען די ווילנער יידן!...

איך בין מיט ווילנע, נאָך וואַרשע, געווען שטאַרק צופרידן, און איך האָב מיט גרויס חשק, ווי אַן אויסגעהונגערטער, זיך גענומען פאַר מיין נייער אַרבעט.

טז
## מיטן „העולם“

די פּאָליטישע רעאַקציע אין רוסלאַנד, וואָס האָט יענע יאָרן מיט איר שווערער ברוטאַלער האַנט געשטיקט די אויפגעוואַכטע פרייהייטס־באַוועגונג, האָט ניט געשאַנעוועט אויך דעם ציוניזם. דערהויפּט האָט דער ציוניזם אָנגעהויבן פאַרפאָלגט צו ווערן פון דער רוסישער רעגירונג, ווי אַ טריפה, שעדלעכע באַוועגונג, נאָך דעם באַקאַנטן ציוניסטישן צו־זאַמענפאָר אין העלסינגפאָרס (פינלאַנד), ווו עס איז אָנגענומען געוואָרן אַ כמעט־רעוואָליוציאָנערע „פּלאַטפאָרם“ פאַר ציוניסטישער קעגנוואַרטי־קער טעטיקייט אין רוסלאַנד. דורכדעם האָבן די רוסישע ציוניסטן זיך אַליין אַוועקגעשטעלט אין דער פּאָזיציע פון אומלעגאַלע פּאָליטיקער. ציוניסטישע מיטינגען, געלט־זאַמלונגען און שקלים־פאַרקויף זענען אומע־טום פאַרבאָטן געוואָרן, צוגלייך מיט יעדער אַנדערער רעוואָליוציאָנערער טעטיקייט אינעם לאַנד. עלטערע ציוניסטן האָבן דערויף געזיפצט, יינגערע האָבן דערמיט שטאָלצירט — ס׳איז געווען שענער און געשמאַקער אין אַ דעספּאָטישער מדינה צו זיין פאַררעכנט צווישן די געפערלעכע, אונטערערדישע עלעמענטן.

דאָס איז אָבער נאָר געווען פון דרויסן. פון אינווייניק, פאַר זיך אַליין, האָט זיך דער ציוניזם דעמאָלט געפילט גאָרניט אַזוי געפערלעך און אַזוי תקיף, ווי די אומוויסנדיקע רוסישע הערשאַפט האָט אים גע־האַלטן. אַדרבה, דאָס איז געווען אַ צייט פון שטאַרק־געפאַלענער שטימונג אינעם פּאָליטישן ציוניזם. הערצל איז שוין לאַנג געווען טויט, דער טומל מיט אוגאַנדע און מיט די טעריטאָריאַליסטישע חלומות איז אַיינגע־שטילט געוואָרן, עס האָט ביסלעכווייז גובר געווען די פּאָרזיכטיקע, אויסגערעכנטע שיטה פון „אחד־העם“, און די ציוניסטישע באַוועגונג האָט כמעט אומבאַמערקטערהייט זיך צוריקגעקערט צו די ערשטע באַ־

שיידענע אידעאַלן פון די „חובבי־ציון": צו פּאַמעלעכער, פּראַקטישער קליין־קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישראל. צו דער דאָזיקער געפּאַלנקייט פונעם פּאָליטישן ציוניזם האָט אַרום יענער צייט היפּש געווירקט די יונג־טערקישע רעוואָלוציע, וואָס האָט אַרויסבאַוויזן אָפענע אומפריינדלעכקייט צו די ציוניסטישע שטרעבונגען, אַזוי אַז עס זענען פאַרשווונדן געוואָרן די לעצטע האָפענונגען אויף פּאָליטישע נסים אין דער קראַנקער, אָפּגע־שטאַנענער טערקיי.

אמת, פון ארץ־ישראל גופא האָבן זיך גראָד דעמאָלט געלאָזט הערן לעבעדיקע גרוסן: די צאָל יידישע קאָלאָניעס איז פאַרגרעסערט געוואָרן, די ערשט־געגרינדעטע קליינע תל־אביב איז געשטאַנען אין יונגער בליי־אונג, עס איז געוואַקסן אַ העברעאישע גימנאַזיע אין יפו, אַ קונסט־שול „בצלאל" אין ירושלים, עס איז אויפגעקומען אַ קליינע יונגע יידישע אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט שוין פאַרמאָגט איר אייגענעם סאָציאַל־ליטעראַרישן אָרגאַן („הפּועל הצעיר"). די דאָזיקע ווייטע גרוסן פון דעם קליינעם פאַרעקשנטן „בטלנישן" עקספּערימענט ערגעץ אין אַ פאַר־וואָרפענעם אַזיאַטישן ווינקל האָבן אָבער ניט גערירט די פּראַקטישע הערצער פון דער דעמאָלטדיקער רוסיש־יידישער יוגנט, וואָס האָט אין פאַרצווייפלטער יאָגעניש נאָך תכלית אומזיסט אָפּגעשלאָגן די הינטער־טירן פון די רוסישע גימנאַזיעס און אוניווערסיטעטן און האָט זיך אַפילו ניט אָפּגעשטעלט פאַרן מיאוסן נסיון פון שמד. די רוסיש־יידישע באַלע־באַטישע יוגנט האָט יענע יאָרן בייז און פאַראַכטלעך זיך אָפּגעקערט פונעם ציוניזם, פּונקט ווי זי האָט זיך אָפּגעקערט פון דער רעוואָליוציאָ־נערער באַוועגונג. פאַרבליבן אינעם רוסישן ציוניזם זענען נאָר די אַלטע געטרייע טוער און דאָס ביסל העברעאיש־משכילישע אינטעליגענץ, וואָס האָט אויסער ארץ־ישראל קיין אַנדער גייסטיקן אָנהאַלט פאַר זיך ניט געזען. דאָס איז שוין ניט געווען דער יום־טובדיקער, הויך־באַגייס־טערטער און אָפּט סענסאַציאָנעל־טומלדיקער ציוניזם פון הערצלס טעג; דאָס איז געווען אַ ציוניזם אַ שטילער, אַ פרומער, אַ געדריקטער, וואָס האָט געלעבט מיט עפּעס אַ בלינדער אמונה אויף ישועות ונחמות — כמעט מיט דער זעלבער אמונה, מיט וועלכער פרומע יידן האָבן גאַנץ

שוואַך אַרויסגעקוקט אויף משיחס צייטן... און ס'איז גאָר קיין חידוש ניט, וואָס אַזאַ שטילער, באַשיידענער ציוניזם האָט פאַר זיך יענע טעג ניט געפונען קיין מער פאַסיקן נעסט, ווי די שטילע, באַשיידענע, פּראָווינציעלע ווילנע.

אין דער זעלבער דירה, וווּ מיר האָבן געהאַט די רעדאַקציע פון דעם „העולם", ערגעץ אויף אַ הינטער־גאַס, וואָס האָט געטראָגן דעם זייער ניט־ליטעראַרישן נאָמען „סאָלדאַטסקאַיאַ אוליצאַ", האָט זיך אויפגעהאַלטן אויך דער אומלעגאַלער צענטראַל־קאָמיטעט פון די רוסישע ציוניסטן. דאָס הייסט, אין גרונט, האָט דער צענטראַל־קאָמיטעט אויסגעהאַלטן דעם „העולם" און האָט אויסגעטיילט פון זיין גרויסער דירה פאַר דער רעדאַקציע סך־הכל איין צימער, נאָר אָפיציעל האָט עס באַדאַרפט הייסן, אַז דאָ איז נאָר די רעדאַקציע פונעם „העולם" — פון קיין ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט האָט מען הויך ניט געטאָרט רעדן. פונקט אַזוי זענען די באַשטענדיקע מיטגלידער פונעם צענטראַל־קאָמיטעט, די וואָס האָבן אָנגעפירט מיט זיין טאָג־טעגלעכער טעטיקייט, געווען אָפיציעל פאַררעכנט ווי מיטאַרבעטער פונעם „העולם" — און האָבן טאַקע מיט־געאַרבעט אינעם „העולם". זיי זענען געווען דריי: דער רעדאַקטאָר א. דרויאַנאָוו, דער העברעאישער פובליציסט מ. א. ברוכאָוו און דער שפעטער באַקאַנט־געוואָרענער פירער פון פוילישע יידן יצחק גרינבוים. אַלע דריי זענען געווען פון דעם ייִנגערן דור ציוניסטן, נאָר אַזעלכע, וואָס דער ציוניזם איז זיי שוין אַריין אין בלוט. אַלע דריי ערלעכע און זויבערע נאַטורן, געטריי איבערגעגעבענע זייער זאַך, טיף־גלייביקע. ניט געקוקט אויף זייערע פאַרשיידענע כאַראַקטערן און אויף זייערע אָפטע הייסע וויכוחים אין טעאָרעטישע און טאַקטישע פראַגעס, האָבן זיי מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ האַרמאָניש־געהויבענע גרופּע און אין פּריוואַטן לעבן זיך אויסגעצייכנט מיט צערטלעכער חברשאַפט פון איינעם צום צווייטן. דאָ האָט זיך שוין געלאָזט פילן דער גוטער, מילדער ווילנער גייסט, אונטער וועלכן עס האָט זיך לייכט אונטערגעגעבן אויך דער עקספּאַנסיווער, פויליש־האָנאָריסטער, נאָר בטבע גוטמוטיקער יצחק גרינבוים.

נאָך מיינע פאַרשיידענע דערפאַרונגען אין די ניו־יאָרקער און וואַר־שעווער רעדאַקציעס, דערהויפּט נאָך דעם ווי איך האָב מיך אַרויסגע־ראַטעוועט פון דעם פאַרצווייפלטן, מטורפדיקן טומל אין דער וואַר־שעווער „נייער וועלט״, האָט מיר דער „העולם״ אויסגעזען ווי אַ ווונדער־ווינקל, ווי אַ שטילער גן־עדן. איך האָב ענדלעך געטראָפן אַ יידישע רעדאַקציע, וווּ מע רעדט ניט פון פרנסה טאָג ווי נאַכט, וווּ מע ווערט ניט געיאָגט אויף קרומע וועגן פון דער ביטערער קאָנקורענץ, וווּ מע באַגעגנט אַ שרייבער מיט געהעריקן רעספּעקט און מיט אמתער חברשער אויפמערקזאַמקייט, וווּ די שפּראַך איז אַ קולטורעלע, אַ פּאַסיקע צו דער באַשעפטיקונג, וווּ דער טאָן איז אַ ריינער און אַ דעליקאַטער, שטאַמט פון ציכטיקער קאָלעגיאַלער באַציאונג — גאָר ווי ביי די פיינע גויים!...
אַפילו די געשעפטלעכע אָפּטיילונג פונעם „העולם״ האָט אויסגעזען מער ווי אַ שטיל, רואיק ביבליאָטעק־צימער: דאָרט האָט געהערשט דער העב־רעאישער דיכטער יהודה קרני — און ניט געקוקט אויף זיין אָפּטער פּאָעטישער פאַרטראַכטקייט, האָט ער דערפירט די צירקולאַציע אינעם „העולם״ צו דער העכסטער צאָל אַבאָנענטן, וואָס אַ העברעאישער זשורנאַל האָט יענע יאָרן געקאָנט גרייכן. אַפילו דער פוילישער רע־דאַקציע־שייגעץ קאַזימיר, מיט וועמען יצחק גרינבוים פלעגט אָפּכאַפּן דאָס האַרץ אויף אַ גוטן, קלינגענדיקן וואַרשעווער פויליש נאָך דעם געצוווונגענעם רוסיש־רעדן מיט די חברים־ליטוואַקעס — האָט געהאַט אַ ווייך, סימפּאַטיש, עכט־ווילנעריש פּנים. מיין גוטער איינדרוק פונעם „העולם״ איז געווען ניט נאָר פון די ערשטע טעג — ער איז געבליבן אומפאַרענדערט די גאַנצע דריי יאָר, וואָס איך האָב דאָרט מיטגעאַרבעט.

פאַר דער צייט, וואָס איך בין געזעסן אין ווילנע מיטן „העולם״, האָב איך פון דער נאָענט דערקענט די באַוווּסטע ווילנער ציוניסטן, די צוויי ברידער גאָלדבערג, וועלכע זענען געווען די הויפּט־זיילן פון דעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט און פאַראיינוועגס די שטילע שטיצער פונעם „העולם״ — דאָס הייסט: אין אַ צייט, ווען די קאַסע פונעם „העולם״ פלעגט אָנהייבן ווערן פוסטלעך, פלעגט דער עלטערער פון די צוויי ברידער, יצחק לייב גאָלדבערג, שטיל צוטראָגן דאָס נייטיקע,

„בתורת הלוואה", אַזוי שטיל, אַז די מיטאַרבעטער זאָלן גאָרניט וויסן, אַז די קאַסע האָט געהאַלטן ביי ווערן פוסט. אַזאַ שטילע טבע האָט ער געהאַט און האָט נאָך עד היום, שוין זיצנדיק אויף דער עלטער מיט זיין הויזגעזינד אין תל־אביב. ער איז געווען און איז פאַרבליבן דער שטילסטער און געטרייסטער טוער פאַרן ציוניזם און פאַר ציוניסטישע קולטורעלע אינסטיטוציעס, אַ שטילער און טיכטיקער געשעפטסמאַן, און נאָך מער — אַ שטילער און טיכטיקער בויער אין ארץ־ישראל. אַ מענטש, וואָס רעדט כמעט ניט, נאָר טוט — און טוט דאָס סאַמע נוצלעכע אין דעם סאַמע פּאַסיקן מאָמענט.

כמעט פון דעם זעלבן כאַראַקטער איז אויך געווען דער ייִנגערער פון די ברידער, דער פאַרשטאָרבענער באָריס גאָלדבערג. ער האָט שוין אַ ביסל מער גערעדט, און אויך אַפילו געשריבן (ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע אַרבעטן אין רוסיש אויפן געביט פון ייִדישער סטאַטיסטיק). נאָר געטאָן האָט ער פאַרן ציוניזם אַזוי שטיל, אַזוי געטריי־איבערגעגעבן, פונעם ריינעם ערלעכן האַרצן, פונקט ווי זיין עלטערער ברודער. ער איז געווען אויפן אויסזען אַ שווערלעכער פאַרשוין, אַ באָרדיקער, אַ באַברילטער, מיט ברייטע שווערע אָנגעבויגענע פּלייצעס, און אַז ער פלעגט אַריינלויפן יעדן טאָג פון זיין געשעפט אין דער רעדאַקציע פונעם „העולם" מיט זיין פאַרזאָרגטן גוטן קורצזיכטיקן פנים, האָט ער געמאַכט דעם אַיינדרוק, ווי ער טראָגט געהאָרכזאַם אויף זיינע פּלייצעס דעם גאַנצן יאָך פונעם ציוניזם, פון וועלכן אַ סך אַנדערע ציוניסטישע גבירים מאַכן זיך לייכט אַרויס. דער וואָס וועט אַמאָל זוכן אין דער געשיכטע פונעם ציוניזם שיינע, פּאָזיטיווע געשטאַלטן — וועט זיך מוזן באַזונדער אָפּשטעלן ביי די ווילנער ברידער גאָלדבערג.

אין ווילנע האָט מען זיי גערופן, פאַר זייער ביידנס גלייכער געטריישאַפט צום ציוניזם, אין גוטמוטיקן טאָן, אויף רוסיש: „סיאַנסקיע בליזנעצי" — דער ציוניסטישער צווילינג. עס האָט געקלונגען ווי „סיאַמסקיע בליזנעצי" — דער סיאַמער צונויפגעוואַקסענער צווילינג, וואָס איז יענע יאָרן געווען וועלטבאַרימט. שלום־עליכם, וואָס האָט גוט געקענט די גאָלדבערגס און איז געווען מיט זיי באַפריינדט, האָט איינ־

מאָל, אויפן סמך פון דעם דאָזיקן נאָמען, זיך דערלויבט אַ לייכטן שפּאַס: ער האָט ביי דעם עלטערן גאָלדבערג געליען אַ גמילות־חסד הונדערט רובל, נאָר אָפּגעבראַכט האָט ער עס דעם ייִנגערן. יענער האָט געשטוינט: „ווען האָט איר ביי מיר געליען אַ הונדערטער?“ — „וואָס הייסט ווען? אַנומעלטן — איר געדענקט ניט?“ — „ביי מיר?!“ — „נו, געוויס ביי אײַך, ביי וועמען דען?“ — „אפשר איז דאָס געווען מיין ברודער?“ — „מעגלעך, אַז דאָס איז געווען אײַער ברודער, נאָר וואָס איז דער חילוק — ס'איז דען ניט אַלץ איינס?“...

דעם שפּאַס האָט מיר דערציילט באָריס גאָלדבערג אַליין און האָט דערביי ווי באַליידיקט געשמייכלט: „ער האָט אונדז גאָר פֿאַרביטן! ע פ ע ס אַ חילוק איז דאָך פּאָרט פֿאַראַן צווישן אונדז ביידן!“...

דאָס הויז פון דעם עלטערן י. ל. גאָלדבערג איז געווען דאָס פּאָפּולערסטע צווישן ווילנער באַלעבאַטיש־גבירישע הייזער, אַן אָפּן גאַסטפריינדלעך הויז פֿאַר יעדן חשובן מענטשן פון דער יידישער עפנטלעכקייט, וואָס איז דורכגעפֿאָרן ווילנע. אַלע פֿרייטאָג־צו־נאַכטס האָט מען דאָרט געקאָנט טרעפֿן אַ געזעמל פון פֿאַרשיידענע ווילנער באַלעבאַטים, ציוניסטן און סתם יידן, רייך־געקליידטע און אויך אין אָפּגעבליאַקעוועטע שבתדיקע קאַפּאָטעס. ביי יעדן קלונג פלעגט דער באַלעבאָס אויפשפּרינגען פונעם אָרט און גיך לויפן עפענען די טיר — אַליין באַגעגענען מיט כבוד דעם אַריינגעקומענעם. אין זכרון איז מיר פֿאַרבליבן דער קבלת־פּנים, וואָס עס האָט דאָרט געהאַט אַן אַמעריקאַנער גאַסט — דער גוט־באַקאַנטער אברהם אליהו לובאַרסקי פון ניו־יאָרק.

לובאַרסקי איז געקומען קיין ווילנע ניט צוליב געשעפט, נאָר פון ווילטאָג וועגן. ער האָט געמאַכט אַ רייזע קיין רוסלאַנד, באַזוכט מאָסקווע און אָדעס, ווו עס האָבן זיך געפונען די הויפּט־קאַנטאָרן פון וויסאָצקיס טיי־געשעפט, מיט וועלכן ער איז געווען פֿאַרבונדן — האָט ער זיך מיישב געווען אויף צוריקוועגס קיין אַמעריקע, אַז ער וועט זיך אַראָפּכאַפּן אַ קוק טאָן אויף ווילנע. „וואָס איז שייך? — האָט ער געזאָגט — אין ווילנע זענען, גאָט צו דאַנקען, פֿאַראַן צוויי העבראַאישע צייטונגען, אַ ‚הזמן' מיט אַ ‚העולם', אין ווילנע זיצט אַזאַ שאַרפער

ליטוואַק און אַזאַ אויסגעצייכנטער רעדאַקטאָר, ווי אַלטער דרויאַנאָוו — וועט ער ווילנע אויסלאָזן?! משל למה הדבר דומה — צו וואָס איז די זאַך געגליכן? צו אַ שיכור, וואָס גייט פאַרביי אַ שענקל..." ער איז געווען זייער אויפגעלייגט. ער האָט יענעם יאָר געקויפט, צוזאַמען מיט לעאָן קאָמאַיקאָ, דעם אַרויסגעבער פונעם ניו־יאָרקער „טאָגעבלאַט", צוקער־פּלאַנטאַציעס אין סאַנטאָ דאָמינגאָ (וועסט אינדיעס) און האָט געהאָפט רייך צו ווערן. „גוואַלד, — האָט ער זיך פאַר מיר פריילעך געקלאָגט, — עס ציטערט אויף מיר די הויט, טאָמער חלילה ווער איך פּלוצעם, אינמיטן דערינען, אַ מיליאָנער — וואָס וועט דעמאָלט זיין?"...

פאַרשטייט זיך, אַז פרייטאָג־צו־נאַכט איז לובאַרסקי געווען דער ערן־גאַסט פון גאָלדבערגס הויז. און לכבוד אים זענען זיך צוזאַמענגעקומען אַ סך חשובע לייט. ס'איז געווען אַ העכסט־אינטערעסאַנטע סצענע, ווי אַזוי דער אַמעריקאַנער גביר לובאַרסקי, מיטן פעט־שמייכלדיקן באַהעמיש־משכיליש־הומאָריסטישן פנים, האָט זיך אַוועקגעזעצט ברייטלעך אינמיטן זאַל, אַרום אים האָבן זיך אויסגעשטעלט אין באַשיידענע פּאָזעס ווילנער שבתדיקע יידן, מיט ערלעך־נייגעריקע, נאַאיוו־גלייביקע און אויך קלוג־שמייכלענדיקע פנימער, און ער האָט פאַר זיי דערציילט וווּנדער פון אַמעריקע. דאָס הייסט, ניט חלילה ער האָט געברייעט פאַנטאַזיעס; ער האָט דערציילט זאַכן פון דער אַמעריקאַנער ווירקלעכקייט, נאָר ער האָט דאָס אַ ביסל פאַרברייטערט, דערביי צוגעפעפערט און צוגעווירצט מיט זיין פאָלקסטימלעכן הומאָר, אויף זיין עכט־וואָלינישן, פעטן און זאַפטיקן לשון, וואָס האָט דאָ, אין דער ריין־ליטווישער אַטמאָספער, געקלונגען באַזונדער פיקאַנט־פרעמד. ער האָט דערציילט פון אַמעריקאַנער גליקן — וואָס פאַר אַ גאָלדענע מדינה אַמעריקע איז, ווי גוט עס לעבט זיך דאָרט יידן, ווי אַזוי היימישע קבצנים זענען דאָרט נתעשר געוואָרן, מע האָט דאָרט פון כל טוב, מע שעפּט ניט מיטן לעפל, נאָר מיטן שעפל. אויך אין „רוחניות" האָט „אַמעריטשקע־שניידער" זיך גענומען אויסמענטשלען — אַזויפיל צייטונגען, קיין עין־הרע, מיט זשורנאַלן, מיט יידישע טעאַטערס, מיט טעאָלאָגישע סעמינאַרן,

מיט קיבעצאַרניעס, מיט מיטינגען אַלע אָוונט, אַסיפות הייסט דאָס — ציוניסטישע, סאָציאַליסטישע, בונדיסטישע, אַנאַרכיסטישע...

— נו, און אַזעלכע יידן, ווי איר, גייען טאַקע אויף אַנאַרכיסטישע אסיפות? — טוט אים אַ פרעג איינער פון די צוהערער שטאַרק דערשטוינט.

— וואָס איז שייך, מיר גייען? — דערקלערט לובאַרסקי מיט אַ ברייטן שמייכל. — מיר גייען ניט חלילה לערנען תורה ביי זיי, נאָר, מאַכטייסע, מע טוט אַמאָל אַ קוק, אַ שמעק... אַן ערלעכער ייד איז טאַקע מחויב אָפּלעבן אַ כשר לעבן מיט זיין אייגן ווייב; מע טאָר אָבער קיין מלמד ניט זיין און פאַרמאַכן, דעם יצר־הרע די אויגן, טאָמער פאַרגלוסט זיך אַ מאָל כאַפּן אַ קוק אויף אַ פרעמד ווייבל... קוקן מעג איך דאָך אַפילו אויף אַנאַרכיסטן... איר ווייסט, וואָס איך וועל אייך זאָגן? — האָט לובאַרסקי זיך צעוואַרעמט. — האָט אויף מיר קיין פאַראיבל ניט — איר זענט דאָ נעבאָך, ווי מע זאָגט ביי אונדז אין אַמעריקע, נאָך גאָר גרינע חיות! אַשטייגער, אָט נעמט מיך. איך דאַרף מיך פאַר אייך ניט אויספיינען מיט מיין ציוניזם — מע קען, ברוך השם, אברהם אליהו לובאַרסקין ניט פון נעכטן. פרעגט אונדזערע אָדעסער, וועלן זיי אייך דערציילן, אַז איך בין געווען אַן אחד־העמיסט נאָך פאַר אחד־העמען, זאָל געזונט און שטאַרק זיין. דאָס הייסט, פריער האָב איך אַנטדעקט אחד־העמען, און ערשט נאָכדעם האָט אחד־העם אַנטדעקט דעם אחד־העמיזם... פון דעסטוועגן, קומט קיין ניו־יאָרק, גייט אַריין דאָרט אין דער ערשטער בעסטער קאָפע, וועט איר מיך טרעפן ביי איין טישל מיטן גרעסטן סאָציאַליסט און מיטן געפערלעכסטן אַנאַר־כיסט. אַזוי, אַז מע שמועסט לשון אידייע, רייסן מיר זיך טאַקע, ווי די קעץ. איך בין שטאָל און אייזן פאַר מיין ציוניזם, ער איז שטאָל און אייזן, צען מאָל להבדיל, פאַר זיין אַנאַרכיזם. נאָר אַז סע קומט צו אַ גלעזל טיי, איז דאָך ניט שייך! מען איז דאָך לעבעדיקע מענטשן, ווינד איז מיר און וויי!... און ווייסט איר דעם שכל דערפון? ס'איז אַ פּראָסטער שכל. ביי אונדז אין אַמעריקע מאַכן מיר אַלע, גאָט צו דאַנקען, אַ לעבן. וועער מער און ווער ווייניקער — הונגעריק איז קיינער ניט, אַלע עסן צו זאַט. איז מען דעריבער מער צוגעלאָזט איינער צום אַנדערן, ניט

אַזוי אָנגעדרודלט איין פּאַרטיי אויף דער אַנדערער, להרוג ולאבד, ווי דאָ ביי אײַך...

איינער פון די האָרכער האָט אַרויסגעפירט דאָס געשפּרעך אויף אַנטיסעמיטיזם — צי ס'איז פאַראַן אין אַמעריקע דער מין אַנטיסעמיטיזם, ווי אין אייראָפּע? לובאַרסקי האָט זיך ברייט צעלאַכט מיט זיין הייזעריקן געלעכטער:

— אַנטיסעמיטיזם אין אַמעריקע? נאָסער! מע ווייסט גאָרניט ביי אונדז די טייטש דערפון! אַז בסך־הכל איז דאָס גאָר אַ יידישע מלוכה: יידישע אַמבאַסאַדאָרס, יידישע דזשאַדזשעס, סודיעס הייסט עס, יידישע פּאָליטישנס... וואָס דאַרפט איר מער? נעמט מיך. איך, אברהם אליהו לו־באַרסקי, אַ פּשוטער ייד פון באַלטע, אַ טאַטנס אַ קינד, אַ געוועזענער חסיד פון רב דוידל טאַלנער, זכר צדיק לברכה, בין דאָרט פאַררעכנט די דריטע האַנט פונעם פּרעזידענט...

— ווי אַזוי די דריטע האַנט?

— אָט וועל איך אײַך דערקלערן, ווי אַזוי. אַשטייגער, אַ יידישער אימיגראַנט איז אין טראָובל, אין אַ צרה הייסט עס — מע האָט אים פאַרהאַלטן אויף עליס איילאַנד, מע לאָזט אים ניט צו צו אַמעריטשקע־גנב־אַ־קלאָג־־צו־קאָלומבוסן. פאַרוואָס לאָזט מען אים ניט אַריין? מחמת אַנטיסעמיטיזם? חס וחלילה! פּשוט, ער פירט נעבאַך מיט זיך פון דער היים, ניט פאַר אײַך געדאַכט, ניט פאַר מיר געדאַכט, ניט פאַר קיין שום יידן געדאַכט, אַ יידישן פּעלער, אַ היפּשן באַגאַזש — אַזאַ, מיט וועלכן מע שעמט זיך גיין ערב שבת אין מרחץ אַריין... צו וועמען, אַשטייגער, ווענדט זיך נעבאַך אַזאַ ייד? צו יענקעלע שיף? יענער איז אַ מטופּל מיט דער רייכסטער באַנק אין אַמעריקע, מיט מיליאַרדן, מיט אײַזנבאַנען — וואָס גייט אים אָן אַ קליינשטעטלדיקער ייד אַ בעל־מום? קלינגט מען דאָך מסתמא אויפן טעלעפאָן צו מיר, איך ווידער קלינג צו מיין שותף קאָמאַיקע, דעם פּאָבלישער, דעם איזדאַטעל הייסט עס, פונעם „טאַגעבלאַט", און קאָמאַיקע קלינגט שוין אין וואַשינגטאָן, אין ווייסן הויז אַריין, גלייך צום אָדון הגדול, צו פּרעזידענט טאַפט...

אַצינדערט, זייט מוחל, מאַכט אַ חשבון: עס שטימט, צי עס שטימט ניט? עס שטימט — די דריטע האַנט פונעם פּרעזידענט!...

און לובאַרסקי צעלאַכט זיך נאָך ברייטער מיט זיין הייזעריקן גוט־אויפגעלייגטן געלעכטער, דרייט דעם קאָפּ אויףביידע זייטן און זוכט מיך צווישן דעם עולם:

— שאַ! איך האָב דאָך דאָ אַ לעבעדיקן עדות, אונדזער בערקאָ־וויטשן — ער איז דאָך אויך אַ שטיקל אַמעריקאַנער! מיסטער בערקאָ־וויטש, וואָס האָט איר זיך באַהאַלטן? וואָס שווייגט איר?... העלפט!...

די דאָזיקע סצענע, ווי אַזוי אברהם אליהו לובאַרסקי האָט געדרשנט פאַר ווילנער יידן אין גאָלדבערגס הויז וועגן אַמעריקע, האָב איך איבערגעגעבן שלום־עליכמען ביי אונדזער נעקסטער באַגעגעניש. פאַר אים איז דאָס געווען שטאָף פון זיין עלעמענט. שפּעטער, שוין אין ניו־יאָרק, אַז שלום־עליכם האָט אָנגעשריבן זיין „בערל־אייזיק" (ווי אַזוי אַ כתרילעווקער ייד קומט פון אַמעריקע אַהיים און דערציילט וווּנדער פון קאָלומבוסעס לאַנד), האָב איך אין דעם דערהערט אַ ווייטן, אָבער ענלעכן אָפּקלאַנג פון יענער ווילנער סצענע. לובאַרסקי אַליין, וואָס האָט געלייענט בערל־אייזיקס מאָנאָלאָג אינעם ניו־יאָרקער „טאָג", זיצנדיק אין דער שרייבערשער „קיבעצאַרניע", האָט פון דעם שטאַרק הנאה געהאַט, געלעקט די פינגער.

## יז
# דער „אָביסק"

שלום־עליכם איז געווען שטאַרק צופרידן דערפון, וואָס מיר האָבן זיך אַריבערגעקליבן קיין ווילנע, הגם פּאַר אים אַליין וואָלט געווען אַ סך באַקוועמער, ווען מיר בלייבן ווײַנען אין וואַרשע, אום צו האַלטן פון דער נאָענט אַן אויג אויף דער אויסגאַבע פון זיינע ווערק און אָפּהיטן זיינע אינטערעסן אין דער נייער צייטונג „מאָמענט". איצט האָב איך דאָס אַלץ באַדאַרפט דורכפירן דורך בריוו, און אַפילו די קאַפּיטלען פון די „בלאָנזשענדע שטערן" זענען געגאַנגען דורך מיינע הענט, דאָס הייסט, שלום־עליכם האָט זיי נאָך אַלץ צוגעשיקט צו מיר, איך זאָל זיי איבערשרייבן אויף דער מאַשין, און איך פלעג זיי איבערשיקן צום „מאָמענט" קיין וואַרשע, ווי אויך צום „מאָרגען זשורנאַל" קיין ניו־יאָרק. ער האָט אָבער וואַרשע ניט ליב געהאַט — זי האָט ביי אים תמיד אַרויס־גערופן אַ ווידערגעפיל מיט איר טומלדיקן ליטעראַרישן ערב־רב, מיט די קליינלעכע צאַנקערייען צווישן אירע גרויסע שריפטשטעלער, און מיט איר גאַנצער אומגעזונטער, ענגער, ניט־פאַרגינערישער מחברים־אַט־מאָספער. אַקעגן דעם האָט ער געטראָגן אַ באַזונדערע סימפּאַטיע צו דער שטילער, איידעלער, סטאַטעטשנער ווילנע, וועלכע ער האָט ליב באַקומען פון די פריערדיקע יאָרן, בעת ער איז אַרומגעפאָרן אויף פאָר־לעזונגען איבער דער ליטע און ווילנע איז געווען זיין צענטראַלע סטאַנציע. ער האָט בכלל, אין זיינע העכערע, גייסטיקע באַציאונגען, אַרויסבאַוויזן צו די פרעמדלעכע „ליטוואַקעס", ניט קוקנדיק אויף זייער „ליטווישער שפּראַך", מער אָפּשיי און מער צוטרוי, ווי צו אַלע אַנדערע סאָרטן יידן, אַפילו מער ווי צו זיינע אייגענע אוקראַאינער לאַנדסלייט. דאָס איז אים פאַרבליבן נאָך פון די קינדער־יאָרן אין חדר, ווו ער האָט

זיין יידישע בילדונג, דערהויפּט זיין האַרציק־נאָענטע פאַרבינדונג מיטן תנ״ך, באַקומען פון ליטווישע מלמדים און נאָכדעם — אויך פון זיין פּאָטערס ליטווישע פריינד, די אָרעמע, ערלעכע, מאַראַליש־ריינע משכי־לים. דאָס איז ביי אים אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע שריפטשטעלערישע יאָרן, זינט ער האָט זיך קינסטלעריש און ליטע־ראַריש צוגעטוליעט צו זיין גרויסן ליטווישן „זיידן" — צו מענדעלע מוכר־ספרים.

זיין צופרידנקייט מיט אונדזער באַזעצן זיך אין ווילנע האָט ער אַרויסגעוויזן דורך לעבעדיקע בריוולעך — כאָטש אויפן האַרצן איז אים יענע טעג ניט געווען פריילעך, ווי עס וועט דערציילט ווערן שפּעטער. ער האָט פון דערווייטן זיך געפרייט מיט אונדזער אייגענער נייער באַלעבאַטישקייט, וואָס מיר האָבן אין ווילנע איינגעאָרדנט צום ערשטן מאָל, זינט מיר זענען „אַראָפּ פון קעסט". ער האָט געשריבן, אַז עס גלוסט זיך אים זייער צו קומען קיין ווילנע און פאַרזוכן דעם טעם פון זיין ביי אונדז אַ גאַסט. מיר האָבן געפונען אַ מעבלירטע וווינונג אויפן געאָרגיעווסקי פּראָספּעקט ביי אַן איינזאַמער רוסישער פרוי, וואָס האָט פאַר זיך איבערגעלאָזט נאָר איין צימער. וויסנדיק פון אונדז, אַז די פריערדיקע באַלעבאָסטע אונדזערע אין וואַרשע, אַן אַסימילירטע פּויליש־יידישע דאַמע, וואָס האָט געזידלט יידן ווי אַן עכטע אַנטיסעמיטקע און געהאַלטן ביי אָפּשמדן אירע קינדער, פלעגט אין דער שטיל יעדן טאָג אָפּצאַפּן אַ העלפט פון אונדזער נאַפּט און מילך — איז שלום־עליכמען איצט איינגעפאַלן אָפּצוטאָן אונדז אַזאַ שטיפעריש שפּיצל: ער האָט ריזי־קירט און צוגעשיקט אונדז אויפן אַדרעס פון אונדזער נייער ווילנער באַלע־באָסטע אַ פּאָסט־קאַרטל, געשריבן אין רוסיש מיט זיין קלאָרער האַנט־שריפט, ווו עס האָט זיך סך־הכל גערעדט וועגן דער טבע פון באַלע־באָסטעס צו באַגנבענען זייערע שכנים. „דאָס וואָס איר האָט אַ באַלע־באָסטע — האָט ער אונדז געשריבן אין דעם אָפענעם קאַרטל — מאַכט ניט אויס — אַבי זי זאָל ניט צופיל גנבענען. ווערט געוואָר, ווי אַזוי איז זי מכוח מילך? צי טרינקט זי געוויינלעכע מילך, אָדער נאָר אויס־שליסלעך זיסע סמעטענע? און פון וואָס פאַר אַ ברייט איז זי? דאָס

דאַרף איך וויסן אין שייכות מיט דיינע העמדער, טיסיוניאַ. אויב זי איז זייער אַ דיקע, איז דאָס אַ מעלה פאַר דיין ווערט. גוט וואָלט געווען, זי זאָל דאָס דאָזיקע פּאָסט־קאַרטל פריער אַליין איבערלייענען, ווי עס פּאַסט פאַר אַ באַלעבאָסטע...״

מיר האָבן זיך אין ווילנע גיך אַקלימאַטיזירט און זענען צוגעבונדן געוואָרן צו אונדזערע נייע פריינד אינעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט. אויך מיין אַרבעט אינעם „העולם״ איז מיר געווען שטאַרק צום האַרצן. אויסער דעם, בין איך אָנגעגאַנגען מיט מיינע ווייטערדיקע העברע־אישע איבערזעצונגען פון שלום־עליכם, וואָס איך האָב געדרוקט אין דעם זעלבן „העולם״. שלום־עליכם אין העברעאיש איז איצט געוואָרן אַ באַניטער ליטעראַרישער קוואַל, פון וועלכן דער דורכשניטלעכער העברעאישער לעזער, וואָס איז אויך באַקאַנט געווען מיט שלום־עליכמס אָריגינאַל, האָט זיך ניט געפוילט צו טרינקען אַ צווייטן מאָל. איך האָב באַקומען אויף דעם באַשטעלונגען אויך פון אַנדערע העברעאישע צייטונ־גען, אויך פון ביאַליק און ראַווניצקיס פאַרלאַג „מוריה״. נאָר קיין אַרבעט האָט מיר דעמאָלט ניט געפעלט. ס׳איז געווען דער ווינטער נאָך טאָלסטאָיס טויט, — האָבן ווילנער יידן, מיט די ברידער גאָלדבערג בראש, אויפן פאָרשלאָג פון א. דרויאַנאָוו, באַשטימט אַרויסצוגעבן אין העברעאישער איבערזעצונג אַן אויסוואַל פון טאָלסטאָיס ווערק, און איך האָב געהאַט אויף מיין חלק איבערצוזעצן טאָלסטאָיס בוך „קינדהייט״. איך האָב ענדלעך באַקומען די מעגלעכקייט צו זיין שטאַרק פאַרטאָן אין זעלבסטשטענדיקער אַרבעט — אַ גליקלעכער זעלישער צושטאַנד, צו וועלכן איך האָב זיך געצויגן יאָרן נאָכאַנאַנד.

נאָר אינמיטן יענעם ווינטער (1911) האָט עפּעס פּאַסירט, וואָס האָט אויפגערודערט אונדזער שטילן אַרבעטזאַמען ווילנער נעסט. איינמאָל נאָך האַלבער נאַכט האָט אונדז אויפגעוועקט פון שלאָף אַ שאַרפער, בייזער קלונג פונעם גלעקל ביים טויער. דער קלונג האָט זיך איבערגע־חזרט עטלעכע מאָל, און וואָס ווייטער מיט מער שאַרפקייט און מיט מער בייזקייט — אַזוי קלינגט נאָר פּאָליציע. מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט דערשראָקענע. עס האָבן זיך שוין געלאָזט הערן אינעם הויף שווערע

טריט מיט שפּאָרן, און גלייך נאָכדעם — אַ שטאַרק קלאַפּן אין אונדזער טיר: „עפנט!"

מיט פּאָליציע האָב איך ביז יענער נאַכט קיינמאָל ניט געהאַט קיין באַגעגעניש. דאָס לעצטע יאָר אָבער, זינט איך בין צוריקגעקומען קיין רוסלאַנד, האָב איך זי גוט געהאַט אין זינען. איך האָב מיך געפילט ניט גאָר תקיף מיט מיין געקויפטן פּאַס און מיט מיין ניט־כשרן „ווייסן בילעט" (דער באַפרייאונג־שיין פון מיליטער־דינסט). דאָס איז געווען מיין פּיינלעכער סוד, וואָס האָט מיך פאַרפאָלגט טאָג־טעגלעך און איז געהאַנגען איבער מיינע בעסטע ליכטיקע מינוטן, ווי אַ בייזע פינצטערע כמאַרע. דערהויפּט האָט עס מיך ניט געלאָזט רוען, זינט איך האָב זיך באַזעצט אין ווילנע, ווו אַ סך פון מיינע פריינד האָבן געוווּסט פונעם דאָזיקן סוד. אמת, דאָס זענען אַלץ געווען מענטשן, וועמען עס וואָלט אַפילו אויפן געדאַנק ניט געקומען מיר שלעכטס צו טאָן: נאָר איין אומפאָרזיכטיק וואָרט, אַרויסגעזאָגט פון אַ פרעמדן מויל ניט דאָרט, ווו עס פּאַסט, האָט געקאָנט אַ מאָל ברענגען צו שעדלעכע רעזולטאַטן. אַחוץ וואָס אַזעלכע רעזולטאַטן וואָלטן געווען פאַר מיר זייער ניט־אַיינגענעם, און אַחוץ וואָס אַזאַ לאַגע איז אינגאַנצן געווען קעגן מיין טבע, איז מיר דער ענין בכלל ניט אָנגעשטאַנען. אין רוסלאַנד זענען יענע יאָרן אָפט אַרויסגעקומען טומלדיקע פּראָצעסן איבער פאַלש־באַפרייטע יידן פון מיליטער־דינסט, די רעאַקציאָנערע פּרעסע האָט אויף דעם גרונט געפּאָדערט, מע זאָל יידן אויסשליסן פון מיליטער־דינסט און דערמיט אַוועקנעמען פון זיי די לעצטע האָפענונג אויף בירגערלעכער גלייכבאַרעכטיקונג, — וואָלט נאָך דאָ אינמיטן געפּאַסט, מע זאָל פאַר אַזאַ חטא משפּטן אויך אַ יידישן שרייבער!...

איצט, אַז צו מיר אין שטוב איז נאָך האַלבער נאַכט געקומען פּאָ־ליציע, איז ביי מיר שוין ניט געבליבן קיין ברעקל ספק, אַז דאָס איז דאָס — דאָס איז מען געקומען מיך נעמען אויפן צימבל. בפרט, אַז די פּאָליציע האָט געשיינט צו זיין ניט פון דעם געהויבענעם מין: סך־הכל אַ פּראָסטער „אָקאָלאָטאָטשנעי נאַדזיראַטעל" מיט אַ דריי־פיר פּראָסטע „גאָראָדאָוויע" (פּאָליציייט), וועלכע האָבן זיך אויסגעשטעלט ביים אַריינ־

גאַנג אויף דער וואַך, קיינער פון שטוב זאָל ניט אַנטלויפן. דער „אָקאָלאָ־טאָטשנעי", אַ נידעריקער געפּאַקטער גוי מיט אַ פאַרשוואָלענעם ברוגזן פּנים און מיט קליינע פאַרשלאָפענע אויגן, האָט מיר דערלאַנגט אַ פּאַ־פּיר — אַ פאַראָרדענונג צו מאַכן ביי מיר אַן „אָביסק" (הויז־אונטער־זוכונג). ווי עס פּאַסירט אָפט מיט מענטשן, וואָס האָבן דעם דערוואַרטן שרעק אַ סך מאָל שוין איבערגעלעבט פריער אין געדאַנק, בין איך אין דעם סאַמע קריטישן מאָמענט, שטייענדיק פּנים אל פּנים מיט דער געפאַר, דווקא געוואָרן אויסערלעך רואיק און קאַלט. פאַרפאַלן — זאָל געשען וואָס עס וועט געשען! און איך האָב אַ זאָג געטאָן צו מיין נאַכטיקן תליון גאַנץ געלאַסן: „פּאָזשאַלויסטאַ" — טו, הייסט עס, דאָס, וואָס ס'איז מיר באַשערט!...

אַריינגעקוקט פריער אין שלאָף־צימער, זיך אַנגעבויגן מחילה אונטער די בעטן, אַ טאַפּ געטאָן אין קליידער־אַלמער, געוואָרפן אַ בליק אויפן שלאָפנדיקן קינד, איז דער „אָקאָלאָטאָטשנעי" אַרויסגעקומען צו מיר אין קאַבינעט און צוגעגאַנגען צו מיין שרייבטיש: אָט ווו מע דאַרף זוכן! כדי פּטור צו ווערן מיט איין קלאַפּ פון דער פּיינלעכער לאַגע, האָב איך געעפנט די טישקעסטלעך און גלייך דערלאַנגט אים דעם הויפּט־שולדיקן פון דעם גאַנצן אומגליק — מיין פּאַס, ווי איינער זאָגט: „נאַ דיר דעם חלף און קוילע!"... דער „אָקאָלאָטאָטשנעי" האָט נאָר אַן עפן געטאָן דאָס פּאַס־ביכל, אַפילו ניט אַריינגעקוקט אין דעם און מיר עס אָפּגעגעבן צוריק: „דער פּאַספּאָרט אינטערעסירט אונדז ניט — איר מעגט אים האַלטן ביי זיך. איר ווייזט אונדז בעסער די שטעמפּלען מיט די קוויטאַנציע־ביכער — אָט וואָס מיר זוכן!"...

גאָר שטעמפּלען און קוויטאַנציע־ביכער? ניט דאָס, וואָס איך מיין?... ס'איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פונעם האַרצן! איך בין גלייך געוואָרן אַ נייער מענטש.

— וועלכע שטעמפּלען? — פרעג איך מיט אַן אויפגעלעבטן, כמעט פריילעכן קול.

— וועלכע — דאָס וועלן מיר שוין זען פּאַרטיקערהייט. איר ווייזט זיי אונדז אַקאָרשט!

איך עפן פּאַר אים ברייטער די טישקעסטלעך און ווייז אים זייער האָפּערדיק, אַז איך האָב ניט קיין סימן פון קיין שטעמפּלען. איך האָב נאָר מאַנוסקריפּטן — דערציילונגען און לידער. איך בין אַ געוויינלעכער שרייבער און רעדאַקטאָר אין אַ געוויינלעכן זשורנאַל, אין דעם היגן „העולם”, אויב ער ווייסט, און האָב צו טאָן מיט גאַנץ געוויינלעכע זאַכן — מיט דערציילונגען און לידער. איך האָב דאָ אויך בריוו, כמעט אַלע געשריבן אויף רוסיש — ער קאָן זיי לייענען, אויב ער וויל.

אויף לייענען רוסישע בריוו איז ער דווקא אַ בעלן. נאָר עס שטעלט זיך באַלד אַרויס, אַז די בריוו זענען ניט אינטערעסאַנט. אַ פֿאָטער שרייבט צו זיינע קינדער פּריוואַטע זאַכן, אַ זיידע שרייבט צו זיין אייניקל טאַמאַ־ראַ אויפן קינדערשן שטייגער, מאַכט זיך נאַריש אויף דער עלטער... נאָר אָט זענען גוטע האַרטע קאָנווערטן מיט אויסלענדישע מאַרקעס, אין די קאָנווערטן ליגן עפּעס מאָדנע מאַנוסקריפּטלעך אויף צונויפגע־קלעפּטע שמאָלע בלעטלעך, וואָס צעוויקלען זיך און ציען זיך אויס לאַנג, און געשריבן זענען זיי ניט אויף רוסיש, נאָר אויפן יידישן לשון — וואָס איז דאָס פאַר אַ מין דאָקומענטן פון אויסלאַנד?... איך דערשרעק זיך: דאָס זענען שלום־עליכמס „בלאָנזענדע שטערן”, וואָס איך דאַרף שיקן קיין וואַרשע צום „מאָמענט” און קיין ניו־יאָרק צום „מאָרגען זשורנאַל”, שלום־עליכם האָט ביי זיך פון זיי קיין קאָפּיע ניט — מער וועט מיר ניט פעלן, אַז דער גוי זאָל די דאָזיקע „דאָקומענטן” פאַרנעמען אין פּאָליציע אַריין!... איך דערקלער אים, אַז דער שרייבער פון די רוסישע בריוו און פון די דאָזיקע קליינע העפטלעך איז איין מענטש, מיין שווער, דער פאָטער פון מיין פרוי, אַ קראַנקער מענטש, קורירט זיך אין איטאַליע, לעבט פון שרייבן אָט די העפטלעך פאַר אַ צייטונג, אַ באַוווסטער שרייבער, באַקאַנט אויך אין רוסיש — אָט זענען זיינע רוסישע ביכער...

אויף רוסישע ביכער איז דער „אָקאָלאָטאָטשנעי נאַדזיראַטעל” נאָך מער בעלן. ער נעמט אין האַנט שלום־עליכמס אַ באַנד „דיעטי טשערטי”, זעצט זיך צום טיש און פרוווט לייענען — עס לייענט זיך, ס'איז רוסיש... ער באַטראַכט שלום־עליכמס בילד אינעם בוך, פאַרגלייכט עס מיט די פּאָרטרעטן אויף דער וואַנט, כאַפּט אַ קוק אויף מיין פרוי — איך

באַמערק, אַז זיין פאַרשוואָלן פּנים איז גאָרניט אַזוי שרעקלעך, ווי עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן פונעם ערשטן בליק: עס באַווייזט זיך אויף דעם דאָזיקן פּנים אַ מענטשלעכער, כמעט באַהאַרצטער שמייכל. ווייזט אויס, דאָס געדרוקטע רוסישע בוך האָט געווירקט!... ער זוכט שוין מער ניט אין מיינע טישקעסטלעך, נאָר שטייט־אויף, זיפצט־אָפּ און זאָגט:

— נו, קיין שטעמפּלען, הייסט עס, איז ביי אַייך ניט צו זען. ווען מיר אַזוי, הייסט עס, פאַרשרייבן אינעם פּראָטאָקאָל...

נאָכן אונטערשרייבן דעם פּראָטאָקאָל, אַ דערפרייטער מיט אַזאַ גליקלעכן אויסגאַנג, ווילט זיך מיר דעם גוטן גוי מיט עפּעס באַדאַנקען. איך בין מיך מיישב מיט מיין פרוי, צי מעג מען אים עפּעס נתנען אין יד אַריין?... קיין גרויסע געניטשאַפט אין די זאַכן האָב איך ניט — דאָס ערשטע מאָל אין לעבן, אַז איך האָב צו טאָן מיט פּאָליציע. איך פאַרשטיי אָבער, אַז אַ צו גרויסע מטבע קאָן דאָ אַרויסרופן אַ פאַרדאַכט. נעם איך און לייג אים אַוועק גאַנץ פּראָסט אויפן טיש אַ פּאַפּירן קערבל (רובל). דערזען אַזאַ זאַך, קוקן זיך איבער די אָנגעפּעלצטע „גאָראָדאָ־וויע“ צווישן זיך און לאָזן אַרונטער אין גרויס באַשיידנקייט די אויגן צו דער ערד. דער „אָקאָלאָטאָטשנעי“ טוט אַ מאָדנעם הוסט, גיט אַ הוק אויף זיינע לייט, זיי זאָלן גיין אין קיך אַריין, מע דאַרף זיי שוין דאָ מער ניט האָבן, און אַליין באַהאַלט ער דאָס קערבל אינעם אַרבל פון זיין „שינעל“, שטייט אַ ווײַלע, קוקט אויף די ווענט, וויל, אַפּנים, זאָגן פאַרן אַוועקגיין אַ גוט וואָרט:

— אָט, הייסט עס, אַזאַ לאַגע! — זאָגט ער. — קומסט און וועקסט־אויף געבילדעטע מענטשן אינמיטן שלאָף — און גאָרנישט, הייסט עס... אָט אַזאַ לאַגע!...

און שטייענדיק שוין אין קאָרידאָר, דרייט ער זיך אויס צו אונדז מיט אַ האַלבן פאַרשוואָלענעם פּנים און טוט אַ זאָג ווי אונטער דער נאָז:

— און ביי דרויאַנאָוון, הייסט עס, אויך די אייגענע געשיכטע, און אויך ביי גאָלדבערגן... אָט אַזאַ לאַגע!...

איצט איז אונדז שוין קלאָר געוואָרן די גאַנצע זאַך: דאָס איז

געוועזן אַ „ציוניסטישער אַביסק". מען איז היינטיקע נאַכט, ווייזט אויס, באַפאַלן דעם ציוניסטישן צענטראַל־קאָמיטעט און מע האָט אַ שמעק געטאָן פאַרבייגייענדיק אויך ביי מיר — טאָמער וועט מען דאָ אויך עפּעס דערטאַפּן. איך בין געוועזן אַזוי אויפגעטרייסלט פון דער איבער־געלעבטער נאַכטיקער שעה, ווי איינער, וואָס איז ערשט געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן אומגליק, אַז איך האָב שוין ביז טאָג ניט געקאָנט צומאַכן מיט קיין אויג.

אויף מאָרגן, אַז איך בין געקומען אין דער רעדאַקציע פונעם „העולם", האָב איך דאָרט געטראָפן אַ גאַנצע איבערקערעניש: דאָ איז דער „אַביסק" געוועזן אַן עכטער, אַ גרינטלעכער, אַ „פּאָליטישער" — דורכגעפירט פון דעם הויפּט פון דער ווילנער „אָכראַנע" מיט אַ שטאַב „זשאַנדאַרמסקע אָפיצערן". מע האָט געאַרבעט אַ גאַנצע נאַכט, פאַרנומען פּעק מיט דאָ־קומענטן, פאַרחתמעט די איבעריקע פּאַפּירן אין די אַלמערס. דאָס אייגענע איז אויך פאָרגעקומען אויף די פּריוואַטע וווינונגען ביי די מיטגלידער פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט; דערהויפּט האָט מען געמאַכט אַ חורבן ביי דעם יינגערן באָריס גאָלדבערג אין הויז — דאָרט האָט מען געפונען אַ גאַנצן ציוניסטישן אַרכיוו.

די אויפרודערונג איז געווען גרויס. מען איז געזעסן ניט אויף שטולן, נאָר אויף טישן, ווי נאָך אַ חתונה. מע האָט איבערדערציילט די איינצל־הייטן פון דעם „אַביסק" און מע האָט געשמועסט, אַז עס האַלט שמאָל מיטן ציוניזם אין רוסלאַנד — מע וועט ניט לאָזן ווייטער אַרבעטן. מע וועט מסתמא אויך ניט קאָנען אָנגיין מיטן „העולם" — וועט מען אים מוזן אָפּשטעלן, אָדער אַריבערפירן צוריק קיין דייטשלאַנד. נאָר הינטער די דאָזיקע אויפגערודערטע, טיף־באַזאָרגטע שמועסן און השערות האָט זיך פון דעסטוועגן געלאָזט הערן אַ פריילעך אויפגעלעבטער טאָן: ערשטנס, וואָס די אומעטיקע, מאָנאָטאָנע טאָג־טעגלעכקייט איז דורכ־געריסן געוואָרן דורך אַ פרישן, שאַרפן שטראָם פון נייע איבערלעבונגען, און צווייטנס, וואָס די ציוניסטישע אַרבעט איז דורך די נייע איבער־לעבונגען און דורך די פאָרשטייענדיקע געפאַרן געוואָרן אינטערעסאַנ־טער, זיסער, פּיקאַנטער...

מיין „אָביסק" האָבן די גענעראַלן פונעם צענטראַל־קאָמיטעט אַוועק־געמאַכט מיט דער האַנט: אויך מיר אַן אָביסק — ס'איז אַן אָביסקל! מע האָט מיר פון יוצא וועגן פאַרשטאָפּט דאָס מויל עפּעס מיט אַ שלי־מזל אַן „אָקאָלאָטאָטשנעי". דערהערט, אַז איך האָב מיין „אָקאָלאָטאָטש־נעי" פאַר זיין טרחה באַדאַנקט מיט אַ קערבל, האָט יצחק גרינבוים געמאַכט אַ גוואַלד: וועלכער פּאָליטיש־דערצויגענער מענטש אין רוס־לאַנד צאָלט עס פאַר „אָביסקן" מיט קערבלעך? איך האָב באַדעקט מיט שאַנד די גאַנצע העברעאישע ליטעראַטור!...

עס זענען אַריבער עטלעכע וואָכן, און די אויפרודערונג איז ביס־לעכווייז איינגעשטילט געוואָרן. דער פאַרנומענער ציוניסטישער אַרכיוו האָט באַדאַפט פריער אין דער „אָכראַנע" גוט געשטודירט ווערן, איידער מע וועט צוזאַמענשטעלן אַ פּראָצעס קעגן די ווילנער ציוניסטן — איז מען דערווייל אין דעם צענטראַל־קאָמיטעט שטיל אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, ווי פריער, און דער „העולם" איז געבליבן אויף זיין פּלאַץ. די שטימונג איז שוין אָבער געווען אַ געבראָכענע, און איבערן שטילן אַרבעטזאַמען נעסט האָט יעדן טאָג געלויערט אַ געפאַר. שלום־עליכם, אַז ער האָט זיך דערוווסט פון דער ווילנער „אָבלאַווע" (ער האָט דאָס גערופן מיטן לשון פון די באַרימטע קיעווער „אָבלאַוועס" אויף יידן), — איז געוואָרן שטאַרק אומרואיק. ער האָט אונדז געשריבן, מיר זאָלן למען השם אַרויסנעמען אַן אויסלענדישן פּאַס און האַלטן אים גרייט אויף יעדן פאַל. און אַזוי ווי אַן אויסלענדישער פּאַס גילט נאָר אויף דריי חדשים, זאָלן מיר אים אַלע דריי חדשים בייטן אויף אַ נייעם. עס וועט יעדן מאָל קאָסטן אַ פינף־און־צוואַנציקער — עס וועט אָבער זיין ווערט. עס מוז ביי מיר אין טישקעסטל ליגן גרייט אַן אויסלענדישער פּאַס — אויף „הלוואי מע זאָל דאָס ניט דאַרפן"...

יח

# „אויף צו להכעיס נאָר לאַכן"

נאָך דעם באַרוטן, פריילעכן זומער, וואָס שלום־עליכם האָט געהאַט אין באַדענווײַלער, אין דער געזעלשאַפט פון אַלע צוזאַמענגעפאָרענע קינדער, איז אים דער ווינטער פון 1910־1911 אויסגעפאַלן גאָר ניט קיין פריילעכער. ניט געקוקט אויף דעם רואיקן, גאַנץ אָפט מונטערן טאָן אין זיינע בריוו, וואָס ער האָט אונדז געשריבן קיין ווילנע, האָבן מיר געוווּסט, אַז ער לעבט דורך שווערע, פּיינלעכע טעג, וואָס וואָלטן אַן אַנדערן אויף זיין אָרט אינגאַנצן צעבראָכן.

קודם כל — איז אים ניט געגאַנגען מיט זיין מיטאַרבעטונג אינעם וואַרשעווער „מאָמענט". די דאָזיקע נייע צייטונג איז פאַר אים געווען אַ קוואַל פון טאָג־טעגלעכן עגמת־נפש. עס האָט דאָ מיט אים פּאַסירט, ווי אין דער פריערדיקער „נייער וועלט": ביים ערשטן אַרויספאָר, ווען די צייטונג האָט אָנגעהויבן דערשיינען און מע האָט באַדאַרפט האָבן זיין נאָמען פאַר אַ ברייטער רעקלאַמע, האָט מען אים צוגעזאָגט אַלע גוטע זאַכן און נאָכגעגעבן אַלע זיינע באַדינגונגען. נאָר שפּעטער, אַז זיין נאָמען איז שוין געווען אויסגענוצט, האָט מען זיך אויף אים מער ניט אומגעקוקט. זיין הויפּט־באַדינגונג מיטן „מאָמענט" איז געווען, אַז ער איז פאַרפליכטעט צו דער צייטונג נאָר מיט זיין ראָמאַן „בלאָנזענדע שטערן" (איצט — אונטערן נייעם טיטל: „נע־ונד"); קלענערע זאַכן, דערציילונגען און פעליעטאָנען, גייען ניט אַריין אין זיין פאַרפליכטונג, ער קאָן זיי שרייבן פרייוויליק און באַקומט פאַר זיי באַזונדער באַצאָלט. דער „מאָמענט" האָט אָבער גלייך פון זיינע ערשטע חדשים זיך אָנגעהויבן אָריענטירן הויפּטזאַכלעך אויפן פּוילישן לעזער, אויף דעם פרומען קאַפּאָטע־ייִד (אין דער צייט, וואָס דער „היינט" האָט געהאַט אַ גרויסע פאַרשפּרייטונג אויך אין דער ליטע), — און פאַר אָט דעם לעזער זענען

שלום־עליכמס „בלאָנזשענדע שטערן", די געשיכטע פון יידישע אַקטיאָרן, וואָס מאַכן זייער וואַנדער־צוג פון גאַליציע קיין אַמעריקע, ניט געווען קיין אַרטיקל. אָפּשטעלן דעם ראָמאַן ביים אָנהייב, אין די ערשטע חדשים, האָט זיך דעם „מאָמענט" ניט געלוינט: אַחוץ וואָס שלום־עליכם האָט זיין געהאַלט פאַרן ערשטן פערטל יאָר 1911, פון יאַנואַר ביז אַפּריל, באַקומען פאָראויס, וואָלט אַזאַ האַנדלונג מצד אַ נייער צייטונג קעגן אַזאַ שריפטשטעלער ווי שלום־עליכם געווען ניט קלוג — די אַנדערע וואַר־שעווער צייטונגען וואָלטן זיך ניט געפוילט צו מאַכן דערפון אַן עפנט־לעכן סקאַנדאַל. האָט מען שלום־עליכמען סתם ענג געמאַכט זיין אָרט אין דער צייטונג, זיך באַצויגן צו זיין ראָמאַן, ווי צו אַ שטיפקינד, געדרוקט אים ניט רעגלמעסיק און מיט ווילדע גרייזן, אָפּט דורכגעלאָזט גאַנצע שטיקער, אַפילו גאַנצע קאַפּיטלען, און ניט געשענקט קיין אויפ־מערקזאַמקייט צו די פאַרצווייפלטע פראָטעסטן פון דעם קראַנקן שריפט־שטעלער, וואָס האָט דערפון פּשוט זיך אויסגעגעסן דאָס האַרץ. עס האָט אים דערלאַנגט אַזוי טיף, אַז ער האָט דער ערשטער געוואָלט איבער־רייסן דעם ראָמאַן אינעם „מאָמענט" און דערמיט ממילא ברעכן דעם קאָנטראַקט. ער האָט זיך אָבער אַיינגעהאַלטן און מיך געבעטן, איך זאָל זיך פריער דורכפאָרן קיין וואַרשע צו די „פּראַים" (ווי ער האָט גערופן די נייע רעדאַקציע), זען וואָס טוט זיך דאָרט מיט זיי.

געקומען קיין וואַרשע, האָט מען מיך אין דער רעדאַקציע פונעם „מאָמענט" אויפגענומען דווקא ניט ווי „פּראַים", נאָר זייער העפלעך, מיט גוטע, זיסע רייד. אַדרבה, מע האָט זיך גאָר געחידושט: אַזאַ קלוגער ייד, ווי שלום־עליכם, טשעפּעט זיך צו קלייניקייטן! דאַכט זיך, מע צאָלט אים פאַר זיין ראָמאַן דעם העכסטן האָנאָראַר — וואָס זשע קאַפּריזעוועט ער דאָ?... דער איינציקער, וואָס האָט אַרויסבאַוויזן אמתע פאַרערונג צו שלום־עליכמען, איז געווען דער פאַרוואַלטער פון דער צייטונג. יענער, כאָטש מיט אַ האַרבלעכן נאָמען, טאַרטאַצקי, האָט געשיינט צו זיין אַ מילדער, ווייכער מענטש (אַגב — אַ שטיקל אַמעריקאַנער: ער איז אַמאָל געווען דער מענעדזשער פון דער טעגלעכער יאַהודימשער צייטונג אין ניו־יאָרק, „די יידישע וועלט"). ער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז איך

מעג פאָרן רואיק צוריק קיין ווילנע: כל־זמן ער איז פאַרוואַלטער, וועט שלום־עליכם אינעם „מאָמענט" ניט געקריוודעט ווערן. דאָ איז אָבער געגאַנגען דערווייל ניט אין מאַטעריעלע קריוודעס, נאָר אין מאָראַלישע, און נאָכדעם ווי איך בין צוריקגעקומען קיין ווילנע, זענען די באַציאונגען צווישן שלום־עליכמען מיטן „מאָמענט" ניט בעסער גע־וואָרן. ער האָט מיר געשריבן: „איך באַדויער, וואָס איך האָב מיך מיט זיי פאַרבונדן. פרישמאַן איז געווען גערעכט. [פרישמאַן האָט אין אַ בריוו פאָראויסגעזאָגט שלום־עליכמען, אַז ער וועט אינעם „מאָמענט" קיין נחת ניט האָבן. — י. ד. ב.]. זיי האָבן מיך און אייך אָנגעטאָן אַ ספאָדיק. איר וועט זען אין אַפּריל, אַז סע וועט זיך איבערחזרן ספעק־טאָרס פּאָליטיק"...

אין אַפּריל האָט דער „מאָמענט", לויטן קאָנטראַקט, באַדאַרפט איינ־צאָלן די צווייטע פערטל־יאָריקע ראָטע — 500 רובל. נאָך איידער ס'איז געקומען דער טערמין, האָט שלום־עליכם שוין אָנגעהויבן טרעפן: צי וועט דער „מאָמענט" צאָלן, צי וועט ער ניט צאָלן? ער האָט אונדז אַזוי געשריבן: „איך פערזענלעך בין אין גרויסן ספק. איך גיי מיט טיסין אין געוועט: וועלן זיי צושיקן די גאַנצע סומע, קומט איר 25 רובל. וועלן זיי ניט — דאַרף זי פון איר געלט מיר קויפן אַ שיין, עלעגאַנט סידורל אין מיניאַטור — תפילות לכל השנה — אַזאַ, וואָס מע קאָן נאָר באַקומען אין ווילנע..."

ניט געקוקט דערויף, האָט שלום־עליכם זיך געפלייסט, ווי ווייט די צייט האָט אים דערלויבט, צופרידנצושטעלן דעם „מאָמענט" מיט קלענערע זאַכן, אויסער דעם ראָמאַן. פאַר זיין שוואַכן פיזישן צושטאַנד איז דאָס געווען אַ צו גרויסע אָנשטרענגונג, ווייל אַלע זיינע קרעפטן זענען דעמאָלט געווען פאַרשלונגען פונעם ראָמאַן. ער האָט שוין גע־האַלטן אין שרייבן דעם לעצטן טייל, ווו די „בלאָנזענדע שטערן" פאַלן אַריין אינעם ניו־יאָרקער קאָך. אין דעם דאָזיקן טייל האָט זיך אים געוואָלט אויסנוצן אַלע זיינע אַמעריקאַנער דערפאַרונגען און באַאָבאַכ־טונגען פונעם יאָר 1907. ער האָט אָבער מורא געהאַט, אַז דאָס וועט אים פאַרפירן צו ווייט. „איך וועל זיך באַמיען, ווי ווייט מעגלעך, מאַכן

קורץ. — האָט ער מיר יענע טעג געשריבן. — נאָר וואָס זאָל איך טאָן, אַז אין ניו־יאָרק איז דאָ אַזאַ מאַסע טיפּן, וואָס ממש זיי בעטן זיך: „זיי אַזוי גוט, באַשרייב אונדז!״... און פון דעסטוועגן האָט ער זיך עטלעכע מאָל אָפּגעריסן פון זיין אַרבעט און אָנגעשריבן פאַרן „מאָמענט״, אויסער זיין גרויסער דערציילונג „כתרילעווקער נשרפים״, די אַייזנבאַן־געשיכטע „אַ זעקס־און־זעכציק״, דעם איינאַקטער „קעניג פּיק״ און אַ קאַפּיטל זכרונות לכבוד מענדעלעס פינף־און־זיבעציק־יאָריקן יובילעי: „ווי שיין איז דער בוים!״. איבערגעריסן זיינע באַציאונגען מיט דער צייטונג האָט ער ערשט נאָכדעם, ווי די רעדאַקציע האָט אים צוריקגע־שיקט זיין פּורימדיקן דראַמאַטישן שפּאַס „שראַגע״; דערמיט האָט זי אים ווי געגעבן אַן איידעלע דיפּלאָמאַטישע אָנצוהערעניש, אַז איצט מעג ער אויף אַן אמת אין כעס ווערן, אויפהערן שיקן דעם ראָמאַן און דער ערשטער ברעכן דעם קאָנטראַקט.

דערביי איז ווערט צו פאַרצייכענען, ווי אַזוי דער איינאַקטער „קעניג פּיק״ און די דערציילונג „אַ זעקס־און־זעכציק״ זענען ביי אים אַרויסגעבראַכט געוואָרן. זוכנדיק נאָכצוקומען דעם פאַרלאַנג פונעם „מאָ־מענט״ וועגן קלענערע זאַכן, האָט ער ביי זיך אין אַרכיוו געפונען זיינעם אַן אַלטן, ניט־געדרוקטן שפּאַסיקן איינאַקטער מיטן נאָמען „אַ זעקס־און־זעכציק״. ער האָט אים גענומען באַאַרבעטן פונדאַסניי און דערווייל וועגן דעם געגעבן צו וויסן דער רעדאַקציע. די רעדאַקציע האָט זיך צוגעאַיילט און אָנאָנסירט פאַר די לעזער, אַז אויף חנוכה קומט שלום־עליכמס אַ הומאָריסטישע זאַך „אַ זעקס־און־זעכציק״. נאָר אַז שלום־עליכם האָט זיך נעענטער צוגעקוקט צום אַלטן „זעקס־און־זעכציק״, האָט ער אים פאַרבראַקירט און אַנשטאָט דעם אָנגעשריבן אַן אַנדער דראַמאַ־טישן שפּאַס, אויף אַ גאַנץ אַנדער טעמע, אונטערן נאָמען „קעניג פּיק״. ער האָט עס מיר צוגעשיקט פאַרן „מאָמענט״ און אַזוי געשריבן: „איך שיק אייך אַ נאָר־וואָס פאַרטראַכט און אָנגעשריבן זאַכעלע לכבוד חנוכה. איך האָב געוואָלט אויסבעסערן „זעקס־און־זעכציק״, נאָר איך האָב דער־זען, אַז די זאַך איז אַן אַלטע. מע באַדאַרף האָבן עפּעס נייעס, דאָס לעצטע געשריי פון דער יידישער גאַס — האָב איך מיך אויפגעכאַפּט

זעקס אַזייגער אינדערפרי און ביז אַכט אָנגעוואָרפן אַ ברעקעלע פּיעסעלע, וואָס איך האָב אָנגערופן שאַרזש".

דאָס איז אָבער געווען ניט גענוג. שלום־עליכם האָט ניט ליב געהאַט פאַרפירן זיין לעזער. דער „מאָמענט" האָט צוגעזאָגט געבן פון אים „אַ זעקס־און־זעכציק" — דאַרף מען האַלטן וואָרט. האָט ער אין דער זעלבער צייט אָנגעשריבן אונטערן טיטל „אַ זעקס־און־זעכציק" גאָר עפּעס אַנדערש, אַ גרעסערע אַייזנבאַן־געשיכטע — איינע פון זיינע פּאָפּולערסטע זאַכן, וואָס איר ערשטער טייל ווערט עד היום אָם מערסטן פאָרגעלייענט אויף הומאָריסטישע אָוונטן.

אַגב, „קעניג פּיק" — „דאָס לעצטע געשריי פון דער יידישער גאַס" — איז געווען אַ סאַטירע אויף דער העבּרעאיסטישער באַוועגונג, וואָס האָט דעמאָלט זיך אָנגעהויבן פריינדלען מיט דער יידישער פּלוטאָ־קראַטיע. אין די צייטונגען האָט זיך געטומלט וועגן אַ גרויסן העברע־אישן פאַרלאַג אין בערלין מיט אַ גרונט־קאַפּיטאַל פון אַ האַלבן מיליאָן מאַרק (וואָס ס'האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט). אין קיעוו איז פאָר־געקומען אַ העברעאישער צוזאַמענפאָר, און עס האָבן זיך געטראָגן קלאַנ־גען, אַז דער מיליאָנער בראָדסקי אַליין האָט צוגעזאָגט אויף העברעאישע צוועקן אַ היפשע סומע. שלום־עליכם, וואָס האָט גוט געקענט זיינע קיעווער לייט, האָט ניט געקאָנט ביישטיין אַזאַ נסיון — ניט אויסצולאַכן די יעהופּעצער בערזע־ספּעקולאַנטן, די פלייסיקע קאָרטנשפּילער, וואָס זענען איבער נאַכט געוואָרן העברעאישע קולטור־שטיצער. פון דעם דאָזיקן שפּאַס האָט זיך שטאַרק באַליידיקט איינער אַ באַקאַנטער קיעווער גביר הילל זלאַטאָפּאָלסקי, — דווקא שלום־עליכמס אַ גוטער פריינד, אַליין אַ תלמיד־חכם און אַ געכאַפּטער אויף שרייבעריי, וואָס אין די שפּעטערדיקע מלחמה־יאָרן איז ער מפורסם געוואָרן ביים העברעאישן עולם ווי אַ מעצענאַט און העברעאישער טוער. יענער האָט אין די אויי־סערלעכע שטריכן פון „קעניג פּיק" געפונען עפּעס פון זיך.

נאָר הינטער די אַלע זאַכן, הינטער די אויפרעגונגען מיטן „מאָמענט" און הינטער דער טאָג־טעגלעכער שריפטשטעלערישער אַרבעט, באַהאַלטן פון פרעמדע אויגן, באַהאַלטן אַפילו פון די אייגענע קינדער, — האָט

שלום־עליכם יענעם ווינטער איבערגעלעבט אַ גרויסע פּאַטערלעכע פּיין, וואָס האָט אים געמאַכט אַ טיפע ווונד אין סאַמע האַרצן: זיין עלטערער זון מישאַ איז פּלוצעם קראַנק געוואָרן אויף שווינדזוכט.

פון באַדענווייילער איז מישאַ אַוועקגעפאָרן צוריק קיין קיעוו אַ געזונטער, אַ בליענדיקער סטודענט, גרייט אַריינצוטרעטן אין דער דאָרטיקער אוניווערסיטעט. ער איז געווען פאַררעכנט צווישן די גליקלעכע יידישע קאַנדידאַטן — ער האָט געענדיקט גימנאַזיע מיט אַ מעדאַל. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעשטעלט, אַז פון די גליקלעכע וועט נאָר אַ קליינער פּראָצענט צוגעלאָזט ווערן אין אוניווערסיטעט — אַזאַ נייע גזירה איז יענעם האַרבסט אַרויסגעגעבן געוואָרן פון דעם פאַרביסענעם רעאַקציאָנערן בילדונגס־מיניסטער קאַסאָ. די עלטערן זענען דערפון שטאַרק אויפגערודערט געוואָרן. עס האָט זיי ניט געלאָזט רוען דער שווערער גורל פון זייער יונגן זון, וואָס האָט נאָך אין די יינגסטע יאָרן לאַנג באַדאַרפט קלאַפּן אין די טירן פון דער קיעווער גימנאַזיע, ביז מע האָט אים אַריינגעלאָזט, — און איצט חזרט זיך פאַר אים איבער דאָס אייגענע ביי די טירן פון דער אוניווערסיטעט. עס האָט זיך אָנגעהויבן די באַקאַנטע סדרה לויט דעם באַקאַנטן יידישן נוסח פון יענע יאָרן אין רוסלאַנד: זוכן פּראָטעקציע, וועקן זכות־אָבות, טעלעגראַפירן קיין פּעטערבורג. אינמיטן דער צערודערונג איז אָנגעקומען פונעם זון אַ בקשה, אַז די מוטער זאָל צו אים אַראָפּפאָרן קיין קיעוו. געמיינט האָט מען, אַז דאָס האָט צו טאָן מיט זיינע אוניווערסיטעט־ענינים; נאָר אַז די מוטער איז געקומען קיין קיעוו, האָט זי געפונען דעם זון אַ קראַנקן. צי מחמת ערגערניש, צי מחמת אַנדערע סיבות — נאָר ער איז קראַנק געוואָרן, אַזוי ווי דער פאָטער, אויף די לונגען. און מע האָט אים באַדאַרפט ברענגען קיין נערווי.

איצט זענען אין שלום־עליכמס הויז געווען צוויי קראַנקע, און די זאָרגן מיט די אויפרעגונגען זענען פאַרטאָפּלט געוואָרן. אויב צו זיין אייגענער קראַנקער לאַגע האָט זיך שלום־עליכם ביסלעכווייז שוין געהאַט צוגעוווינט, האָט די קראַנקייט פון זיין זון זיך געלייגט אויף זיין געמיט, ווי אַ פינצטערער שאָטן, וואָרעם דאָ איז נאָך צוגעקומען דער ביטערער

חשד, אַז דער זון טראָגט אין זיך די פּלאָג בירושה פונעם פאָטער. ווער האָט געקאָנט מעסטן די טיפקייט פון אַזעלכע פאָטערלעכע יסורים?... וואָס טיפער זיי האָבן אים געפייניקט, אַלץ טיפער האָט ער זיי באַהאַלטן. ער האָט אונדז געשריבן כמעט יעדן טאָג פון אַלצדינג, אָפּט אין לייכטן, וויציקן טאָן — און מיט קיין איין וואָרט ניט אָנגערירט דאָס, וואָס טוט אים אַזוי וויי, וואָס רויבט פון אים דעם שלאָף ביינאַכט. נאָר זיין שיינער, חנעוודיקער רוסישער כתב איז עפּעס מיט אַ מאָל קאַליע געוואָרן...

אין שלום־עליכמס קאָרעספּאָנדענץ געפינט זיך נאָר איין בריוו, פון וועלכן מע קאָן זען זיין געמיט־צושטאַנד אין יענע טעג. דער בריוו — אַ זעלטענער דאָקומענט, וואָס וואַרפט אַ העלן שיין אויף שלום־עליכמס צאַרטער נשמה און עפנט אַ טיר צום סוד פון זיין הומאָר, פון זיין פריילעכער טרויעריקייט — איז אַ טרייסט־בריוו, געשריבן פון אים צו זיינע אָדעסער פריינד, די פּאָלינקאָווסקיס. ועגן די פּאָלינקאָווסקיס, אַ באַקאַנטע פאַמיליע צווישן דער דעמאָלטדיקער יידישער אינטעליגענץ אין אָדעס, נאָענטע מענטשן צו י. ח. ראַווניצקין און אינטימע פריינד פון שלום־עליכמען און זיין הויזגעזינד אין משך פון אַ סך יאָרן, וועט מיר אויסקומען צו דערציילן באַזונדער. דאָ איז נאָר נייטיק צו באַמערקן, אַז יענעם ווינטער איז ביי זיי פּלוצעם, פון אַן אומגליקלעכן צופאַל, געשטאָרבן זייער איינציקע טאָכטער ליאָליאַ, אַ שיין־געראָטן קינד, נאָך וועמען שלום־עליכם האָט געטרויערט מיטן גאַנצן האַרצן און האָט געשריבן די דערשלאָגענע עלטערן אָט דעם בריוו (וואָס ווערט דאָ געבראַכט מיט אַ פּאָר פאַרקירצונגען):

„טייערער מאָניש! טייערע פאַיע! בעסטע ליבסטע פריינד!

„נאָך איין פייל אין האַרצן — און פון גאָר אַן אומגעריכטער זייט!

„דאָס איז ראַווניצקיס בריוול, וואָס מיר האָבן נאָר־וואָס, איך און אָלגאַ, מיט אמתע, ניט־געמאַכטע טרערן, דורכגעלייענט צוויי מאָל.

„טרייסטן? איך זאָל אייך טרייסטן? ווו איז דען דאָ אויף אַזאַ זאַך אַ טרייסט?

„ווערטער? פון וואַנען וועלן זיי זיך נעמען? און אַז איך וועל

אײַך זאָגן הונדערט מאָל, אַז ס'איז דאָ גרעסערע צרות פון אײַער צרה, וועט דאָס אײַך דען זײַן אַ רפואה? ווייסט איר דען אַליין ניט, אַז סע שטאַרבט אַ טאַטע אָדער אַ מאַמע און עס בלײַבן קינדער, איז אַ סך ערגער ווי עס שטאַרבט־אָפּ ביי טאַטע־מאַמע אַ פייגעלע, אַ צירונג, אַ טרייסט אין שטוב? נישטמער, וואָס איך קאָן אײַך ברענגען איז נאָר דאָס, אַז איך און אַלגאַ און אַלע מײַנע קינדער טיילן מיט אײַך אייער גרויסן ווייטאָג און נעמען־צו ביי אײַך אַ שטיק טרויער, און איבערהויפּט איך — עס איז אפשר אַ נאַרישקייט, נאָר אַ טאַט־זאַך — איך, וואָס איך האָב ליאַליען שוין לאַנג ניט געזען, נאָר געהערט פון אַלגען דער־ציילן, וואָס פאַר אַ שיינע שמעקעדיקע בלום עס וואַקסט ביי אײַך אין שטוב, און נאָר געהערט פון ליאַלין (אונדזער ליאַליקע) נאָכזינגען אירע לידלעך — — — האָב איך מיר אין מײַן פאַנטאַזיע פאָרגעשטעלט די שיינע בלום, וואָס הייסט מיטן נאָמען „ליאַלי״, און עפּעס אַ געפיל פון אויסעראָרדענטלעכער פריינדשאַפט און וואַרעמער היימלעכקייט האָט מיך צו דעם קינד געצויגן, און ווי מײַנס אַ קינד האָט זי ביי מיר אין האַרצן פאַרנומען אַ באַזונדערן גאַנץ בכבודן פּלאַץ, און, ווי איר געדענקט, האָב איך מיט איר קאָרעספּאָנדירט אַ שטיק צייט, און אירע ליבע, זיסע, פול [מיט] הומאָר בריוועלעך ליגן דאָך ביי מיר אין מײַן אַרכיוו, ווי אַן אבן־טוב, צווישן די ליבסטע און בעסטע דאָקומענטן פון מײַן אַרטיסטיש־שריפטשטעלערישן לעבן. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס דאַרף זײַן ביי אײַך אָנגעלייגט דערמיט, וואָס איר קאָנט ניט זאָגן, אַז דאָס לעבן, דאָס קורציאָריקע לעבן פון דעם קינד, איז אַוועק אָן אַ שום רושם און אָן אַ שום זכרון פאַר דער אויסערער וועלט, און אַז ס'איז ניטאָ אַחוץ אײַך מער קיינער, וועלכער טרויערט שטילערהייט אויף דער אומגעהויערער אומגערעכטיקייט און וועלכער באַדויערט אײַך, די אומ־דערבאַרעמדיק באַהאַנדלטע פאָטער און מוטער.

„שאַדע, וואָס איך בין אַזוי ווייט פון אײַך מיטן גוף (מיט דער נשמה נאָענט) און קאָן ניט אויסטריקענען אייערע טרערן און בין ניט בכוח דאָס צו טאָן מיט ווערטער. אָבער איך מיין, אַז דער פילאָזאָף, וואָס שטעקט אין אײַך, מאָניש, און איר, קלוגע פאַיע, וועט פאַרשטיין,

אַז ניט מיט געוויין, ניט מיט טרערן, ניט מיט זיפצן וועט איר עפּעס אויפטאָן. ס׳איז אַ מיאוסע בייזע וויסטע וועלט אָט דאָ אויף דער ערד — אַז מע מוז זיך אָנטאָן אַ כוח און גלויבן, אַז ס׳איז דאָ דאָרט ערגעץ, אויסער אונדז, אַ מין פאָרטזעצונג פון אונדזער לעבן און אַז אונדזער לעבן איז אַ טראָפּן אין ים קעגן יענער לאַנגער אומענדלעכער פאָרט־זעצונג. און וויבאַלד אַזוי, איז דער גוואַלד ניט אַזוי גרויס אויף דעם, וואָס גייט אַוועק, ווי אויף אונדז, נאַראָנים, וואָס מיר בלייבן דאָ. איר הערט ווערטער ניט פון אַ צופרידענעם בורזשוי, וואָס גלעט זיך דאָס בייכל און דאָס בלוט שפּריצט אים פון די ליפּן. ערשטנס, ווייסט איר, אַז איך בין נאָך אַליין אויך אַ שטיק חולה (ניט אויס פאַרגעניגן זיצט מען אין נערווי). און אַ זון (מישאַ) ליגט, ברוך השם, אויך אין נערווי מיט אַ פּריצייטיקן לונגפעלער — באַקומען פון אַ מעדאַל און ניט אַריין אין אוניווערסיטעט, — און בערקאָוויטש (טיסיס) ליגט אין ווילנע אויף אַ אינפלוענצע (אַזוי שרייבט טיסי — און גייט גלייבט איר אויף נאמנות, אַז אינפלוענצע), און נאַטאַשאַ מאַזאָר [פּרוי שלום־עליכמס פּלימעניצע. — י. ד. ב.] ליגט אויך ביי אונדז אין נערווי מיט אַ קליי־ניקייט, אַ פּאַראַק סערדצאַ (אַ האַרצפעלער), און פון פרעמדע זייטיקע צרות שמועסט מען ניט! — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

„איך זאָג אייך, ס׳איז אַ מיאוסע בייזע וועלט, און נאָר אויף צו־להכעיס דאַרף מען ניט וויינען! אויב איר ווילט וויסן, איז דאָס דער אמתער קוואַל, די אמתע אורזאַכע פון מיין שטענדיקן גוטן לוין, פון מיין, ווי זיי רופן דאָס, „הומאָר". אויף צו־להכעיס ניט געוויינט! אויף צו להכעיס נאָר לאַכן, נאָר לאַכן! — — —"

## יט
## פונעם „מאָמענט“ צום „היינט“

נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט צוריקבאַקומען פונעם „מאָמענט“ זיין פורימדיקן איינאַקטער „שראַגע“ (וואָס איז געווען אַ פאָרזעצונג פון דעם חנוכהדיקן שפּאָס „קעניג פּיק“), האָט ער איבערגעריסן אַלע פאַר־זענלעכע פאַרבינדונגען מיט דער צייטונג. דאָס הייסט, ער האָט שוין מער ניט געהאַט צו טאָן מיט דער רעדאַקציע, אויפגעהערט צו שרייבן אַהין בריוו, און אַז ס'איז געקומען פּסח, האָט ער זיין נייע פּסחדיקע דערציילונג „אין דער דאָזיקער נאַכט“ געלאָזט דרוקן ניט אינעם „מאָ־מענט“, נאָר אין אַ באַזונדער ביכעלע, דורך זיין פאַרלעגער. דערמיט האָט ער אָבער דעם קאָנטראַקט ניט געבראָכן, ווייל דער „מאָמענט“ האָט פון אים געהאַט גענוג מאַטעריאַל אויף אָנצוגיין ווייטער מיטן דרוקן פון די „בלאָנזענדע שטערן“. געבראָכן דעם קאָנטראַקט האָט שוין דער „מאָמענט“ אַליין: צום צווייטן פערטל יאָר, אין אַפּריל, האָט די צייטונג זיך אָפּגעזאָגט צו צאָלן שלום־עליכמען די צווייטע ראַטע פון זיין האָנאָראַר. דער תירוץ איז געווען אַ גאַנץ פּשוטער: „ניטאָ קיין געלט“.

„דער מאָמענט“ האָט דעמאָלט דורכגעמאַכט די אייגענע דערפאַרונגען, וואָס ספּעקטאָרס „נייע וועלט“ האָט געהאַט מיט אַ יאָר צוריק: דער „קאַפּיטאַליסט“, וואָס האָט באַדאַרפט פינאַנסירן די צייטונג, אַ וואַלד־סוחר ערגעץ פון אַ ליטווישן שטעטל, וואָס האָט דאָ נאָר געזוכט אַן „אינטעליגענטע פּרנסה“ פאַר זיינעם אַ זון, אַ חתן־בחור, איז אין איין פערטל יאָר מיד געוואָרן צו דערלייגן געלט און האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון דעם גאַנצן ענין. די אַרויסגעבער פונעם „מאָמענט“ האָבן זיך אָבער אַרויסבאַוויזן צו זיין פעאיקער און איינגעשפּאַרטער, ווי ספּעקטאָרס פאַר־וואַלטונג. זיי האָבן זיך גיך באַוואָרנט מיט נייע שותפים און האָבן מיט

אַלע מיטלען געזוכט צו געווינען און פעסט צו האַלטן דעם אומוויסנדיקן פוילישן לעזער, וואָס האָט זיך דעמאָלט ערשט געלערנט לייענען צייטונגען. די מיטלען זענען געווען די אייגענע, וואָס עס האָבן באַנוצט אויך אַנדערע וואַרשעווער צייטונגען, נאָר דער „מאָמענט" האָט זיי דערפירט ביז צו פולשטענדיקייט. אויב שוין יאָ „פרומקייט" און „חסידישער שטייגער" — איז אין אַ פולער מאָס, מיטן גאַנצן געשמאַק און ריח; אויב סענסאַציע — איז אויף דער העכסטער אָקטאַווע; אויב „פרעמיעס" — זאָל זיין מיט אַ קנאַק. די פרעמיע, וואָס דער „מאָמענט" האָט יענעם זומער געגעבן זיינע לעזער, איז געווען ניט מער און ניט ווייניקער, ווי גאַנצע „נחלות" אויף צו בויען „דאַטשעס" ערגעץ אין אַ זומפיקן פלאַץ הינטער וואַרשע מיטן נאָמען מילאָסנע — פון וואָס עס האָט זיך סוף־כל־סוף, פאַרשטייט זיך, אויסגעלאָזט אַ טייך. פאַרן „היינט" איז דער „מאָמענט" געוואָרן אַ געפערלעכער קאָנקורענט, וואָס ניט נאָר ער איז געגאַנגען אין זיינע וועגן, נאָר ער האָט אים געדראָט אַריבערצויאָגן. דערפון פלעגט צווישןביידע צייטונגען אָפט אויפפלאַקערן אַ הייסע „פאָלעמיק", און כאָטש דער „היינט" איז אין יענע יונגע יאָרן אויך ניט געווען קיין מלופים־קינד, האָט אָבער אויך אויף דעם געביט דער „מאָמענט" אים אַריבערגעשטיגן סיי אין ברייטקייט פונעם מויל, סיי אין שאַרפקייט פון דער צונג. די לעזער פון ביידע צייטונגען האָבן פון אַזעלכע אומזיסטע ספעקטאַקלען, ווי דער שטייגער איז, שטאַרק הנאה געהאַט.

שלום־עליכם האָט פון דעם, וואָס דער „מאָמענט" האָט געבראָכן דעם קאָנטראַקט, זיך דערפילט אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט. פון איין זייט האָט ער מיטן גאַנצן האַרצן געגאַרט פטור צו ווערן פון דער דאָזיקער צייטונג, וואָס איז אים פאַר אַזאַ קורצער צייט אַזוי נמאס געוואָרן; פון דער צווייטער זייט איז אים אָבער ניט גוט געווען ווידער אַ מאָל איבערצורייסן די „בלאָנזענדע שטערן" אין רעכטן מיטן: פאַרן גרויסן עולם, וואָס ווייסט ניט וואָס עס קאָכט זיך אינווייניק אין די רעדאַקציעס, וועט דאָס הייסן, אַז שלום־עליכם איז אַן אַרומלויפער — ער קאָן ניט אויסזיצן קיין פולן יאָר אין איין צייטונג. דערצו האָט דאָס

רעגלמעסיקע דרוקן־זיך אין אַ צייטונג אַצינד געהאַט פאַר אים אויך אַ באַזונדערע מאַטעריעלע באַדייטונג: די הוצאה איז וואָס ווייטער אַלץ מער געוואַקסן, עס איז צוגעקומען אַ קראַנקער זון, פאַר וועמען מע האָט ניט געקאַרגט קיין מיטלען, שטאַרק געפּילעוועט אים, אויסגעהאַלטן אין די בעסטע סאַנאַטאָריעס.

איז געבליבן, אַז פרוי שלום־עליכם דאַרף ווידער אַ מאָל פאָרן קיין וואַרשע „מאַכן אַ טאָלק" מיטן „מאָמענט", פּונקט ווי זי האָט עס געטאָן פאַר־אַ־יאָרן אין ספּעקטאָרס צייטונג. מע האָט אַרויסגערופן צוליב דעם אויך מיך פון ווילנע, און זאַלבעדריט, צוזאַמען מיט דעם אומבאַ־דינגטן איבערגעגעבענעם דינעזאָן, האָבן מיר אָנגעהויבן פירן מיט די אַרויסגעבער פון דער צייטונג „אונטערהאַנדלונגען". דאָ איז עס אָבער געגאַנגען ניט אַזוי לייכט, ווי מיט דעם אייגענעם, לייבלעך־קרובישן, שריפטשטעלעריש־חברשן מרדכי ספּעקטאָר. מיר האָבן זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ האַרטער וואַנט ערגעץ אין אַ פרעמדן, אומבאַקאַנטן געסל. אויף אונדזער צד איז נאָר געווען דער פאַרוואַלטער פון דער צייטונג, דער ווילנעריש־אָרנטלעכער טאַרטאַצקי (ער האָט געשטאַמט פון אַ קליינ־שטעטל אין ווילנער גובערניע), וועלכער האָט אויסגעזען זייער דער־שלאָגן דערפון, וואָס מע באַציט זיך אין אַ יידישער צייטונג מיט אַזוי ווייניק פּיעטעט צו שלום־עליכמען. די נייע שותפים פון דער צייטונג, ווי נייטראַלע מענטשן, האָבן געוואָלט מאַכן אַ פשרה. נאָר די אַלטע באַלעבאַטים, די וואָס האָבן געהאַט צו זאָגן דאָס לעצטע, גילטיקע וואָרט, האָבן געזוכט דורך העפלעך־זיסער דיפּלאָמאַטיע פאַרפלאָנטען דעם זייער איינפאַכן ענין. דינעזאָן איז געווען בייז: מענטשן זאָלן האָבן די עזה צו מיינען, אַז מע קאָן אים אין ציפער אָפּנאַרן! איך בין גלייך צוריקגעפאָרן קיין ווילנע, צו מיין אַרבעט אינעם „העולם". און פרוי שלום־עליכם איז געקומען קיין ווילנע ערשט אין דריי וואָכן אַרום אָפּרוען זיך עטלעכע טעג פון די דאָזיקע אומזיסטע „אונטערהאַנדלונגען". דער רעזולטאַט איז געווען: שלום־עליכם איז ווידער געבליבן אָן אַ צייטונג, און די „בלאָנזענדע שטערן" — אָן אַ היים.

שלום־עליכם אַליין איז דעמאָלט געזעסן אין באַדענוויילער, ווהין

ער איז אַריבערגעפאָרן פון נערווי מיטן הויזגעזינד אויף נאָך אַ זומער, און האָט דורך בריוו נערוועז נאָכגעפאָלגט, ווי אַזוי דאָרט אין וואַרשע וואַרפט מען זיך צום צווייטן מאָל מיט זיין ראָמאַן, וועלכן ער האָט שוין געהאַלטן ביי פאַרענדיקן. האָט גאָט געהאָלפן, קיין באַדענווייילער איז אין דער זעלבער צייט געקומען אויף אַ קורצן זומערדיקן אָפּרו דער רעדאַקטאָר פון „היינט", ש. י. יאַצקאַן. צי יאַצקאַנס וויזיט אין באַדענווייילער איז געווען אַ צופאַל, צי מיט אַ באַזונדער כוונה, — נאָר שלום־עליכם האָט יאַצקאַנען אויפגענומען, ווי אַ געווינטשטן, אָנגעלייגטן גאַסט, און עס האָבן זיך ביי זיי פאַרבונדן שמועסן וועגן שלום־עליכמס אַריינטרעטן אינעם „היינט". דער „היינט", וואָס האָט שוין געהאַט דער־גרייכט אַ פעסטן מעמד אַלס די פאַרשפרייטסטע יידישע צייטונג אין רוסלאַנד, האָט באַקומען די אַמביציע צוצוציען צו זיך איינציקווייז די בעסטע יידישע שרייבער. צו פרישמאַנען איז לעצטנס צוגעקומען נאָמ־בערג, און איצט האָט מען באַדאַרפט איבערנעמען פונעם „מאָמענט" שלום־עליכמען (שפּעטער האָט אויך פרץ אַ קורצע צייט מיטגעאַרבעט אינעם „היינט"). יאַצקאַן האָט שלום־עליכמען דערקלערט, אַז די „בלאָנ־זענדע שטערן" נעמט ער ניט, און אַז ער וועט אויך ניט צאָלן אַזאַ אָנזעצערישן פרייז, — פינף־און־צוואַנציק קאָפּיקעס פון דער שורה, — ווי ספּעקטאָר האָט אים געצאָלט. נאָך לאַנגע געשפּרעכן אין פאַרלויף פון עטלעכע וואָכן, און נאָך אַ ישוב־הדעת דורך בריוו מיט פרוי שלום־עליכם, איז מען זיך צונויפגעגאַנגען אויף צוועלף קאָפּיקעס פון דער שורה, מיט אַ גאַראַנטירטן מינימום פון צוויי הונדערט רובל מאָנאַטלעך. שלום־עליכמען האָט אַזאַ האָנאָראַר אויסגעזען ווי אַ שטיקל ירידה. ער איז אָבער געווען צופרידן, וואָס ער האָט ענדלעך געפונען אַ צייטונג, פון וועלכער ער וועט כאָטש ניט האָבן קיין יסורים פון דער מאַטער־יעלער זייט. נאָך מער צופרידן איז ער געווען, וואָס דורך דעם „היינט" וועט ער אַצינד קאָנען גרייכן דעם ברייטסטן עולם לעזער אין רוסלאַנד.

אונטערן אַיינדרוק פון די איבערגעלעבטע ערגערנישן, וואָס ער איז אויסגעשטאַנען פונעם „מאָמענט" ביז דער לעצטער מינוט, און אפשר אויך אונטערן אַיינפלוס פון יאַצקאַנען, האָט שלום־עליכם צוגע־

שיקט קיין וואַרשע צום „פריינד" אַ טעלעגראַפישע דערקלערונג, אַז ער איז אַרויסגעטראָטן פונעם „מאָמענט". די דערקלערונג איז געשריבן געוואָרן אין זייער אַ שאַרפן טאָן. ווי ס'איז צו זען פון דינעזאָנס בריוו צו שלום־עליכמען, האָט די רעדאַקציע פונעם „פריינד" אָנגעפרעגט ביי דינעזאָנען, צי מעג זי עס דרוקן. האָט דינעזאָן געענטפערט, אַז ווי שאַרף די דערקלערונג זאָל ניט זיין, דאַרף זי געדרוקט ווערן, וואָרעם שלום־עליכם איז דאָ גאָר דער גערעכטער.

איך האָב ניט פאַר זיך דעם טעקסט פון יענעם קורצן בריוול, וואָס איז געווען געדרוקט אינעם „פריינד". איך געדענק אָבער, אַז עס האָט געמאַכט ניט קיין גינסטיקן אַיינדרוק. איך בין דערפון געווען פשוט באַטריבט. שלום־עליכם האָט מאָטיווירט זיין אַוועקגיין פונעם „מאָמענט" ניט דערמיט, וואָס ער איז דאָרט שלעכט באַהאַנדלט געוואָרן אין אַלע הינזיכטן, נאָר אומגעפּער דערמיט, וואָס ער קאָן ניט בלייבן אין אַ צייטונג, וועלכע טראָגט־אונטער דעם לעזער, אַנשטאָט ליטעראַטור — דעם שאַנטאַזש פון פּרעמיעס מיט „נחלות". עס איז אויסגעקומען, אַז שלום־עליכם האָט זיך דאָ געלאָזט אַריינפּלאָנטען אין דער קאָנקורענץ־רייסעניש, וואָס גייט־אָן צווישן דעם „היינט" מיטן „מאָמענט". איך האָב געשריבן קיין באַדענווייַלער, אַז קיין כבוד וועט שלום־עליכמען דערפון ניט צוקומען.

און כך הוה. דער „מאָמענט" האָט דערפון געמאַכט אַ „פּאָלעמיק" אויף זיין שטייגער, מיט דער גאַנצער ברייטמויליקייט פון דער ביליקער וואַרשעווער פּרעסע אין יענע טעג. דערהויפּט איז דער גוואַלד דאָרט געוואָרן גרויס, נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט אָפּגעדרוקט אינעם „היינט" אַ הומאָריסטישן מאָנאָלאָג אונטערן טיטל „אויפן הימל אַ יאַריד", ווו ער האָט אויסגעלאַכט דעם צייטונגס־מסחר מיט „קרקע". דער „מאָמענט" האָט קעגן שלום־עליכמען מאָביליזירט זיינע אייגענע הומאָריסטישע קרעפטן, וועלכע האָבן אָבער — אויס מורא פאַרן גרויסן הומאָריסטישן רבי — זיך באַהאַלטן אונטער פּינצטער־פאַרשלייערטע פּסעוודאָנימען. איינער האָט זיך טאַקע אונטערגעשריבן מיטן נאָמען „חושך".

שלום־עליכם האָט דערמאָלט אויפגעפאָדערט אין אַ בריוו דינע־

זאָגען, ער זאָל אַרויסטרעטען אין דער עפנטלעכקייט און דערציילן, אַלס דער סאַמע נאָענטער עדות, ווי אַזוי מען איז זיך מיט אים באַגאַנגען אינעם „מאָמענט“. דינעזאָן האָט זיך דערשראָקן: ער האָט מורא אָנצו־הייבן זיך מיט די היינטיקע צייטונגען. מע זעט דען ניט, וואָס פאַר אַ לשון עס גייט איצט אין דער פרעסע?... ער האָט געראָטן שלום־עליכמען, ער זאָל דאָס אַליין טאָן דורך אַ בריוו אין די צייטונגען, ווי ער זאָל דערציילן נאָר די הוילע פאַקטן.

אַזאַ בריוו איז אָפּגעדרוקט געוואָרן — ניט פון שלום־עליכמען אַליין, נאָר פון פרוי שלום־עליכם. דער בריוו איז געווען געשריבן אין אייַנגע־האַלטענעם טאַקטישן טאָן, און דערציילט האָט זיך דאָרט נאָר דאָס, וואָס ס׳איז פאָרגעקומען — ווי אַזוי שלום־עליכם איז אַרויסגעשטויסן געוואָרן פונעם „מאָמענט“. דערביי זענען גערופן געוואָרן אַלס עדות דווקא נאָענטע מענטשן צו דער צייטונג, די וואָס האָבן זיך אומזיסט געמיט, אַז שלום־עליכם זאָל ניט געקריוודעט ווערן.

דער בריוו האָט געווירקט: די אָנפאַלן אויף שלום־עליכמען זענען גלייך אָפּגעשטעלט געוואָרן.

דערפאַר האָט דער „היינט“ געגעבן שלום־עליכמען אַזאַ ברייטן קבלת־פנים, וואָס מע האָט יענע יאָרן ניט געזען אַפילו אין די אַמע־ריקאַנער צייטונגען. לכבוד שלום־עליכמס אַרייַנטריט אין דער צייטונג מיט זיין ערשטער זאַך איז אַוועקגעגעבן געוואָרן די גאַנצע פראָנט־זייט, מיט גרויסע קידוש־לבנה־אותיות. שלום־עליכמס ערשטע זאַך אינעם „היינט“ האָט געהייסן „גיטל פורישקעוויטש“ און איז אויפגענומען גע־וואָרן פונעם עולם, ווי איינער פון זיינע בעסטע מאָנאָלאָגן. פורישקע־וויטש — דער באַרימטער יידנפרעסער און שוואַרץ־מאהדיקער דעפּוטאַט פון דער רוסישער דומע — איז דעמאָלט געווען אין רוסלאַנד דער פּאָפּולערסטער נאָמען, און „גיטל פורישקעוויטש“ איז ביים יידישן לעזער יענעם זומער געווען שלום־עליכמס פּאָפּולערסטער פאַרשוין.

אין דעם דאָזיקן מאָנאָלאָג דערציילט אַ יידענע אַן אַלמנה, אַ גרויסע אשת־חיל, וואָס טראָגט איבער די הייזער פאַרקויפן וויסאָצקיס טיי און האַלט אין איין דאַנקען און לויבן „פריער גאָט, דערנאָך וויסאָצקין“.

ווי אַזוי מע האָט אָפּגעגעבן אין סאָלדאַטן איר איין־און־איינציקן זון, איר „קאָרמאַק אויף דער עלטער״, ווי אַזוי זי האָט ניט פאַרשוויגן אַזאַ הימל־שרייענדיקן פאַרברעך און איז אַרויס אויף דער וועלט מיט אַ הויכן פּראָטעסט, זיך געלאָזט קיין פּעטערבורג זוכן גערעכטיקייט, זיך דערשלאָגן צו די מיניסטאָרן, צום „מיניסטער וונוטרעניך דיעל״ (אינערן־מיניסטער) און צום „מיניסטער וואָיעננײַך דיעל״ (קריגס־מיניסטער), אַפילו צום סינאָד, געוואָרן אַן אָפּטע איינגייערין אין דער „גאָסודאַרסטווענע דומע״, זיך דאָרט באַקענט מיט די יידישע דעפּוטאַטן, באַקומען אַ פּלאַץ אויבן אויף דער גאַליאָרקע, און דערהערט איינמאָל, ווי אַזוי דער שונא־ישראל פּורישקעוויטש רעדט אין דומע וועגן דעם, אַז מע דאַרף יידן ניט צולאָזן צו מיליטער־דינסט, ווייל אַלע יידן באַהאַלטן זיך אויס פונעם פּריזיוו, ניטאָ קיין איין ייד אין דער רוסישער אַרמיי, — האָט עס איר פאַרבאַקט ביים האַרצן און זי האָט מיט אַלע כוחות אַ געשריי געטאָן פון דער הויכער גאַליאָרקע איבערן גאַנצן דומע־זאַל: „און מיין משה?!״...

די פּאָפּולאַריטעט פון „גיטל פּורישקעוויטש״ איז געווען אַזוי גרויס, אַז מענטשן פלעגן קומען פרעגן שלום־עליכמען: וויפיל האָט אים וויסאָצקיס רייכע טיי־פירמע באַצאָלט פאַר אַזאַ טייער ווערטל, ווי „פריער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי״, וואָס האָט אָנגעהויבן אומגיין איבער יידישע שטעט און שטעטלעך?...

אַגב, איז מיט „גיטל פּורישקעוויטש״ ביי מיר אין זכרון פאַרבונדן אויך אָט די קוריאָזע געשיכטע:

איינמאָל אַרום יענער צייט, אַריינקומענדיק אינדערפרי אין דער רעדאַקציע פונעם „העולם״, האָב איך דאָרט געטראָפן וואַרטנדיק אויף מיר אַ יונגנמאַן מיט אַ פּאָרטפעל. דער יונגערמאַן איז מיר געווען קענטלעך. איך האָב געוווסט, אַז ער איז פון דער ציוניסטישער יונג־וואַרג און אַרבעט ביי באָריס גאָלדבערג אַלס פּריוואַט־סעקרעטאַר, קלייבט מאַטעריאַל פאַר זיינע סטאַטיסטישע פאָרשונגען. איצט האָבן די רע־דאַקציע־לייט אים פאָרגעשטעלט פאַר מיר מיט אַ שמייכל, אַז דאָס איז גיטל פּורישקעוויטשעס איינציקער זון, דער „קאָרמאַק״. איך האָב דאָס

אָנגענומען פאַר אַ וויץ, נאָר דער יונגערמאַן האָט זיך גלייך אויפגע־שטעלט, געוואָרן מאָדנע רויט און דערקלערט, אַז ער וועט שלום־עליכמען אַרויסרופן אויף אַן עפנטלעכן געריכט אין דער פּרעסע, דערפאַר וואָס ער האָט אַזוי באַליידיקט זיין אַלטע מוטער, זי אָנגערופן „גיטל פורישקעוויטש".

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז אַליין אַ באַרדיטשעווער און מיט אים האָט פּאַסירט פונקט אַזאַ געשיכטע, און זיין מוטער איז פונקט אַזאַ אשת־חיל, ווי שלום־עליכם ברענגט־אַרויס אין זיין מאָנאָלאָג. מע האָט אים געהאַט אָפּגעגעבן קעגן געזעץ אין סאָלדאַטן — האָט זיין מוטער, אַ פּראָסטע יידענע, זיך געלאָזט אויף קידוש־השם קיין פּעטער־בורג, אָפּגעשלאָגן די טירן ביי אַלע מיניסטאָרן, זיך באַקענט מיט די גרעסטע שררות, שיר ניט דערגאַנגען ביז צום קייסער — און האָט אויסגעפירט אירס: זי האָט אים אויסגעלייזט פון גוישע הענט... אָט איז אַ פולער פּאָרטפעל מיט דאָקומענטן פון דער „דיעלאָ" — אַ גאַנצער אַרכיוו...

און דער יונגערמאַן האָט געעפנט דעם פּאָרטפעל און באַוויזן: בריוו פונעם אויסערן־מיניסטער, בריוו פונעם קריגס־מיניסטער, בריוו פון באַרימטע דומע־דעפּוטאַטן... ס'איז ניט קיין אויסגעטראַכטע מעשה, ניט קיין פעליעטאָן — ס'איז אַ פאַקט!...

— מיין מאַמע — האָט דער יונגערמאַן גערעדט מיט טרערן אין די אויגן — איז אַ זעלטענע פרוי, איינע אין רוסלאַנד, מע האָט פון איר אַפילו געשריבן אַ קאָרעספּאָנדענץ אין אַ צייטונג... האָט שלום־עליכם גענומען די קאָרעספּאָנדענץ און געמאַכט דערפון זיינע אַ מעשה... איצט שרייבט מיר די מאַמע, אַז שלום־עליכם האָט זי דערהרגעט: זי קאָן אַ גאַס ניט דורכגיין אין באַרדיטשעוו. אַלע טייטן אויף איר מיט די פינגער: „אָט גייט גיטל פורישקעוויטש!"...

— אייער מוטער הייסט דען גיטל?

— און אַז ניט גיטל?

— זי האַנדלט מיט וויסאָצקיס טיי?

— און אַז ניט מיט טיי? דאָס האָט שלום־עליכם אומיסטן פאַרדרייט, מע זאָל צו אים קיין טענות ניט האָבן...

— וואָס פאַר טענות קאָנט איר דען צו אים האָבן?

— איר דאַרפט אים שרייבן, ער זאָל כאָטש איבערבייטן דעם נאָמען — ניט פורישקעוויטש... מיין מאַמע איז ניט סתם אַ יידענע, וואָס מע מעג פון איר חוזק מאַכן. זי איז אַ געניאַלע פרוי. ווען זי זאָל ניט זיין קיין פרוי, וואָלט פון איר אפשר אויסגעוואַקסן אַ גרויסער דיפּלאָמאַט, אַ צווייטער דיזראַעלי...

— ווילט איר, אַז שלום־עליכם זאָל איבערבייטן דעם נאָמען אויף „גיטל דיזראַעלי"?

דעם יונגנמאַן זענען אָבער ניט געקראָכן אין קאָפּ קיין וויצן. ער האָט דאָס געמיינט ערנסט. ער האָט אָנגעהויבן גיין מיטן פּאָרטפעל צו מיר אַהיים. ער איז אַזוי לאַנג געגאַנגען, ביז ער האָט באַקומען דורך מיר אַ בריוו פון שלום־עליכמען. אין דעם בריוו, ווי ווייט איך געדענק, האָט אים שלום־עליכם באַרואיקט, אַז ער האָט חלילה ניט געמיינט דווקא זיין מוטער, נאָר אַ סך אַזעלכע געטרייע יידישע מוטערס. אַדרבה, ער, דער זון, דאַרף זיין שטאָלץ דערמיט, וואָרעם דאָס באַווייזט, אַז זיין מוטער איזווירקלעך אַ זעלטענע יידענע, אויב אַן ענלעך בילד פון איר האָט געקאָנט אָנרעגן די פאַנטאַזיע פון אַ שרייבער...

איך ווייס ניט, צי שלום־עליכם האָט געבויט זיין „גיטל פורישקעוויטש" אויפן גרונט פון יענער צייטונגס־קאָרעספּאָנדענץ, אָדער ער האָט עס גענומען פון אַן אַנדער קוואַל, נאָר דער בחור איז מיט זיין בריוו געבליבן צופרידן. ער האָט זיך לאַנג אין אים געשפּיגלט. דערנאָך האָט ער אים פאַרזיכטיק אַריינגעלייגט צו זיך אין פּאָרטפעל, צווישן די בריוו פון די רוסישע מיניסטאָרן — ס'איז אים צוגעקומען נאָך איין וויכטיקער דאָקומענט צום היסטאָרישן אַרכיוו פון זיין זעלטענער מוטער.

כ

# דער צווייטער זומער אין באַדענווײַלער

דעם צווייטן זומער אין באַדענווײַלער (1911) האָט שלום־עליכם פאַרבראַכט, לויט דעם אײַנגעשטעלטן מנהג פון פאַראַיאָרן, ווידער צו־זאַמען מיט אַלע זײַנע קינדער. ער איז אַהינגעקומען פאַרפרי, נאָך אין די קילע, רעגנדיקע פרילינג־מאָנאַטן, און האָט גלײַך אָנגעהויבן רופן צו זיך מײַן פרוי מיט מײַן טעכטערל. „איר זענט די ערשטע שוועל־בעלעך", — האָט ער געשריבן. דערהויפּט האָט ער געגאַרט צו זען זײַן אייניקל. זי איז שוין אונטערגעוואַקסן, אַרײַן אין פינפטן יאָר, שוין געלערנט זיך לייענען, און דאָס האָט בײַ אים אַרויסגערופן אַ נײַעם קוואַל פון צערטלעכקייט און פאָטערלעכער צוגעבונדנקייט: ער האָט זײַן אייניקל, זײַן קינדס קינד, שוין געקאָנט שרײַבן בריוו, געקאָנט רירן איר האַרץ און איר קינדערשע פאַנטאַזיע מיט זײַן פרײַלעכער שפּילעוודיקייט און קינסטלערישער עלעגאַנץ. ער האָט איר געשריבן אין קינדערשן סטיל גרוסן פונעם באַדענווײַלער וואַלד, פון די שכנישע דײַטשע קינדער, פון די צוויי הינטלעך אויף דער ווילע, וואָס איינעם פון זיי האָט ער נאָך פאַראַיאָרן געגעבן אַ יידישן נאָמען: „שלומפּערל". עס איז געווען צו באַוווּנדערן, ווי אַזוי אין דעם דאָזיקן אָנגעבראָ־כענעם, קראַנקן, געפּײַניקטן גוף בליט נאָך אַלץ פריש אַן אייביק־יונגע קינדערשע נשמה, וואָס גיט־אָפּ פון זיך מיט אײדעלע, צאַרטע קינדערשע אַראָמאַטן. אין איינעם פון זײַנע בריוו יענעם יאָר האָט ער אונדז גע־שריבן: „עס האָט זיך מיר געחלומט הײַנטיקע נאַכט טאַמאַרקע. מע האָט זי יאַקבי אַוועקגענבעט. אַך, האָב איך געוויינט! די מאַמע האָט מיך אויפגעוועקט פונעם שלאָף — אַזוי שטאַרק האָב איך געוויינט. גיט איר אַ קוש פאַר מיר"...

נאָך מער איז דער וווּנדער געווען, וואָס מיטן וווּקס פון דער משפּחה איז בײַ אים אויך געוואַקסן זײַן משפּחהדיקע ברייטהאַרציקייט.

עס האָט ביי אים אין האַרצן געקלעקט פלאַץ פאַר אַלעמען, קיינעם איז דאָרט ניט ענג געוואָרן. יענעם אָנהייב זומער איז זיין פאַמיליע באַרייכערט געוואָרן מיט נאָך אַ נפש: די צווייטע טאָכטער, ליאַלי, אין בערלין, האָט געבוירן איר ערשט קינד, בעלאַ — און שלום־עליכמען איז צוגעקומען אַ נייער אינטערעס אין לעבן. אונדז האָט ער אָנגעזאָגט די פריילעכע בשורה אין זיין היימיש־הומאָריסטישן טאָן: „האָט איר געהערט, וואָס סע האָט זיך פאַרלאָפן מיט ליאַלין? זי האָט זיך געקליבן, ווי געוויינלעך, צו ווערטהיימען [אַ באַוווסטע דעפּאַרטמענט־סטאָר אין בערלין — י. ד. ב.], און פלוצעם האָט זי געבוירן אַ מיידעלע!" און צו די יונגע עלטערן האָט ער געשריבן פון באַדענווײַלער אַזוי:

טייערע מיינע!

אייער אַלגעמיינעם בריוו, — ליאַליס, מיכאלס און בעלאַס — האָב איך באַקומען. יאָ, ליאַלקאַ איז אַ מענטש, גאָרניט קיין צעקראָכענע, טאַקע גאָר געראָטן אין מיר. ליאַלי, איך בין דיר אַ בעל־חוב אינצווייען: ערשטנס, ביסטו ערשט נעכטן געווען אַן אימעניניצע. צווייטנס, ביסטו אַן ערשטלינג־מוטער. ס'איז אַיינגעפירט, אַז אַ געווינערין שיקט מען מתנות. איז אָט וואָס: דאָ האָט זיך געעפנט לעם דער אַפּטייק אַ קלייט, אויסשליסלעך פון מאָדישע דאַמען־זאַכן. בעלאַס ביידע מומעס [עמאַ און מאַרוסי] ווענלן דיר באַשטעטיקן, אַז מע קאָן אַראָפּ פונעם זינען פון דעם דאָזיקן קלייטל! אַלצדינג איז דאָרט איבערנאַטירלעך; וועל איך אַריינגיין מיט דיר, און דו אַליין וועסט זיך אויסקלייבן אַלץ, וואָס דיר וועט זיך פאַרגלוסטן. קיין אָפּזאָג וועט ניט זיין. און אויך פאַר בעלאַן וועט זיך דאָרט עפּעס געפינען. איך שפּאַס ניט. דו זע נאָר געזונט צו ווערן און קום צו פאָרן וואָס גיכער מיט דיין „אומשולדיקער קראַסאַוויצע מיטן אויסערגעוויינלעכן שכל". און וואָס ס'איז שייך דיר, איז ליבשאַפט צום קינד מאַכט אַ יונגע מוטער טויזנט מאָל שענער. איך קוש אַייך דרייען און פיל אַ געוויסע סימפּאַטיע צו אַ געוויסן קליינעם נפשל, וואָס האָט נאָך ניט צייט געהאַט צו באַטראַכטן די דאָזיקע שיינע וועלט פון גאָט.

דעם יונגן פּאַטער מיכאל קויפמאַן, דעם סטודענט־מעדיקער, וואָס האָט אין זיינע פרייע שטונדן אַמאָל אַ שפּיל געטאָן אין פערז אונטערן נאָמען „מיקאַעלאַ”, האָט שלום־עליכם מהנה געווען מיט עפּעס אַנדערש: ער האָט זיך מיט אים פאַרהערט אין שרייבן פערזן לכבוד דעם נייגע־בוירענעם נפשל. ער האָט יענע טעג צוגעשיקט דער טאָכטער אַזאַ בריוו:

טייערע ליאַלקאַ!

דו שרייבסט, אַז דיין מיקאַעלאַ האָט זיך באַגייסטערט לכבוד דער געבורט פון דער שיינהייט („בעלאַ”). איך האָב זיך אויך באַגייסטערט. איך שרייב יידישע פערזן מיט רוסישער שריפט:

דאָס וואָס אונדזער מיקאַעלאָ
זינגט: ער האָט אַ טאָכטער בעלאַ —
בין איך אים מוחל.
בעלאַ איז אויף איטאַליעניש שיין —
לאָז זי אייך וואַקסן, זיין מלא חן,
און טאַקע האָבן שכל.
נאָר דאָס וואָס איר האָט מיך געמאַכט
(צום צווייטן מאָל שוין!) פאַר אַ זיידן —
האָב איך זיך שטאַרק פאַרטראַכט:
איך קאָן ניט מוחל זיין אייך ביידן...

פאַרפאַסט ביים פרימאָרגנדיקן קאָפע, אין כאַלאַט, אַיילנדיק.

איך קוש אַייך דרייען. זייט מוחל פאַר דער אָפּגעלאָזנקייט פונעם פערז און פונעם בריוו. [אָפּגעלאָזנקייט אין רוסיש הייסט כאַלאַטנאָסט; דאָ איז אַרויסגעקומען אַ וואָרט־שפּיל: זייט מוחל, וואָס די פערזן און דער בריוו זענען געשריבן אין כאַלאַט. — י. ד. ב.].

פּאַפּאַ.

איצט האָט שלום־עליכם שוין דערוואַרט אויפן זומער צוויי אייניק־לעך, און מע האָט זיי טאַקע געבראַכט צו פירן ביידן מיט אַ מאָל: מיין פרוי האָט אויסגעמאַרקירט איר נסיעה קיין באַדענווייילער צוזאַמען מיט דער שוועסטער. שלום־עליכם האָט געגעבן דעם ניי־געבוירענעם אייניקל אַ גרויסאַרטיקן קבלת־פּנים. אום עס זאָל אויסקומען מער יום־טובדיק ווי אַלע מאָל, האָט ער באַגעגנט די געסט ניט אויף דעם קליינעם

באַדענווײַלער באַנהויפּל, נאָר ער איז אַרויסגעפאָרן מיט אַלע קינדער צו דער נאָענטער גרויסער באַן־סטאַנציע. מיר האָט ער געשריבן קיין ווילנע אין געהויבענעם טאָן: „תמרה איז אַ באַגייסטערונג. בעלאַ — צוויי באַגייסטערונגען..." און קויפמאַנען קיין בערלין האָט ער געשיקט פולע באַריכטן, מיט אינטים־שפּאַסיקע איינצלהייטן, ווי אַזוי זיין קינד וואַקסט פון טאָג צו טאָג.

און פון דעסטוועגן איז דער צווייטער זומער אין באַדענווײַלער ניט געווען אַזאַ געלונגענער, ווי דער ערשטער. איבערן שטוב איז איצט געהאָנגען אַ שטענדיקע כמאַרע — די קראַנקייט פון דעם עלטערן זון, וועמען מע האָט געהאַלטן אין אַ סאַנאַטאָריע ערגעץ ניט ווייט אין שוואַרצוואַלד און יעדן טאָג אָפּגענומען פון אים אַ באַריכט דורכן טע־לעפאָן. דערצו האָבן כמעט אַלע קינדער, איינס נאָכן אַנדערן, דורכגע־קרענקט יענעם זומער. אויך פרוי שלום־עליכם, די שטענדיקע אויפ־פּאַסערין איבער אַלעמען, די פּאַרזאָרגערין פון דער פּאַמיליע, איז צוריקגעקומען פון וואַרשע אַן ערנסט קראַנקע פון אַ שווערער פּאַרקילונג. אין דער דאָזיקער קראַנקער, נערוועזער לופט האָט שלום־עליכם, אַליין אַ קראַנקער, אַ העכסט־נערוועזער, נאָר אַן איינגעצאַמטער און אַ באַ־הערשטער פון אינערלעך־רואיקער שאַפונגס־קראַפט, געשריבן יעדן טאָג אַ טאָפּעלע פּאָרציע: ער האָט זיך געאײַלט צו פּאַרענדיקן די „בלאָנזשענדע שטערן", געלאָפן מיט גיכן טעמפּאָ צום סוף ראָמאַן, און צו דער זעלבער צייט אויך צוגעשטעלט זיין פּאַרפליכטונג צום „היינט". נאָך די הונדערט און זעכציק קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן, אַחוץ עטלעכע צענדליק גרעסערע און קלענערע דערציילונגען, וואָס ער האָט אָנגעשריבן קראַנקערהייט פּאַר די לעצטע צוויי יאָר, האָט ער זיך געגייטיקט אין אַ היפּשן אָפּרו. ער איז אָבער ערשט אַרייַנגעטראָטן אין אַ נייער צייטונג, און ער האָט אויף זיין פלייסיקן, אומדערמידלעכן שטייגער געוואָלט צופרידנשטעלן די צייטונג מער ווי עס האָט זיך פון אים געפאָדערט. פון מיין פרויס בריוו האָב איך געוווּסט, אַז ער זעט־אויס שלעכט, ערגער ווי פאַראַיאָרן, נאָר ער שרייבט אָן אויפהער. ער כאַפּט זיך אויף פּאַרטאָג און שרייבט ליגנדיק, זיצט ביי זיין פרויס קראַנקנבעט און שרייבט, גייט אַוועק מיט

די קליינע קינדער אין וואַלד און שרייבט... פאַר מיר אַ גוט־באַקאַנט בילד!

מיט זיין אַרבעט אינעם „היינט" איז אים געגאַנגען ניט אינגאַנצן גלאַט. ער איז דאָ געווען זיכער נאָר פון דער מאַטעריעלער זייט. דער „היינט" האָט יענע יאָרן געהאַט אַ נאָמען, ווי אַ גוטער, פּינקטלעכער צאָלער. דערויף האָט אַכטונג געגעבן דער געשעפטלעכער שותף פון דער צייטונג, נח פינקעלשטיין. מיטן רעדאַקטאָר איז אָבער קיין זיכערקייט ניט געווען. יענער האָט זיך גענומען די שטאַרקייט צו דיקטירן זיין געשמאַק אַפילו אַזאַ אויסגעפורעמטן קינסטלער, ווי שלום־עליכם. נאָך ביי זייערע אונטערהאַנדלונגען אין באַדענוויילער האָט יאַצקאַן אויס־געדריקט זיין אַלטן ווונטש, אַז שלום־עליכם זאָל צושטעלן דער צייטונג „קליינע בילדלעך" — וואָס שלום־עליכם האָט אינגאַנצן אָפּגעוואָרפן. דאָס וואָרט „בילדל" אַליין האָט ביי אים אַרויסגערופן אַ פיזישן עקל. האָט יאַצקאַן פאָרגעשלאָגן אַן אַנדער אידייע — אויך זיינעם אַן אַלטן ווונטש: שלום־עליכם זאָל אַראָפּברענגען קיין וואַרשע מנחם־מענדלען מיט שיינה־שיינדלען זיין ווייב, און ביידע זאָלן „אַרבעטן מעשים" צווישן די וואַרשעווער יידן און ווייבער. דאָס איז שלום־עליכמען נאָך ווייניקער געפעלן. מנחם־מענדל איז ביי אים געווען אַ פאַרענדיקטע פיגור, און ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ קינסטלערישן פאַרברעכן, מע זאָל אים פאַרשלעפּן קיין וואַרשע און צווינגען צו טאָן זאַכן, וואָס וועלן פאַרביליקן זיין ווערט. (שפּעטער מיט צוויי יאָר האָט דאָס יאַצקאַן ביי אים פאָרט אויסגעפירט). אַנשטאָט דעם האָט שלום־עליכם פאַרטראַכט צו געבן דעם „היינט" אַ הומאָריסטישע סעריע בריוו, אין וועלכער עס זאָל אַרויס־געבראַכט ווערן דאָס זומער־לעבן פון יידישע גבירים מיט זייערע ווייבער אין די וואַרעמבעדער. אַזאַ שטאָף איז אים שוין געווען באַקאַנט פון זיינע באַאָבאַכטונגען פאַר די לעצטע יאָרן אין די אויסלענדישע קור־ערטער, וווּ ער האָט זיך אָפט באַגעגנט מיט פאַרשיידענע פאַרשוינען פון דעם מין. די דאָזיקע סעריע האָט ער געוואָלט באַטיטלען „מאַריענ־באַד". האָט זיך אויך דאָ אַריינגעמישט יאַצקאַן און געפאָדערט, אַז די סעריע זאָל טראָגן דעם נאָמען „פון נאַלעווקיס ביז מאַריענבאַד", און

אַז שלום־עליכם זאָל געבן דווקא „וואַרשעווער טיפּן". קיין ספּעציעל וואַרשעווער „טיפּן" האָט שלום־עליכם ניט געקענט — ער איז ניט געווען אין וואַרשע קיין היימישער מענטש. האָט ער די סעריע געשריבן אַזוי ווי ער פאַרשטייט, און פון די וואַרשעווער טיפּן זענען אַרויס־געקומען, ווי עס איז געווען צו דערוואַרטן, יעהופּעצער פאַרשוינען, צו וועלכע דער טיטל „פון נאַלעווקעס ביז מאַריענבאַד" האָט זיך ווינציק געקלעפּט. די סעריע האָט זיך געלייענט לייכט און אײַנגענעם, ווי יעדע זאַך, וואָס שלום־עליכם האָט געשריבן אין דער פאָרם פון בריוו אָדער מאָנאָלאָג; נאָר שלום־עליכם האָט פון דעם פרעמדן היטל, וואָס יאַצקאַן האָט אים אָנגעטאָן, זיך געפילט אומבאַקוועם, אָפּטמאָל פּשוט געשטערט.

נאָך אַן ענין האָט דעמאָלט שלום־עליכמען פאַרשאַפט פאַרבאָרגענע אויפרודערונג. דער ענין איז געווען אַנטפּלעקט נאָר פאַר מיר אַליין, ווייל איך בין געווען דער גורם דערצו, הגם ניט דער שולדיקער. יענעם זומער איז דערשינען אין בוכפאָרם „טוביה החולב" (טביה דער מיל־כיקער) אין מיין העברעאישער איבערזעצונג, און עס האָט זיך געגרייט אין דרוק אויך דער צווייטער באַנד „כתריאלים" (כתרילעווקער „קליינע מענטשעלעך"). אַזוי ווי איך האָב מיין נאָמען ניט אַרויסגעשטעלט אויף דער איבערזעצונג, האָט שלום־עליכם די הקדמה צו דער העברעאישער אויסגאַבע געשריבן אין אַזאַ נוסח, אַז דער לעזער האָט געקאָנט באַקומען דעם אײַנדרוק, אַז ער אַליין איבערזעצט זיינע ווערק אין העברעאיש. אייגנטלעך, איז אויך די הקדמה געשריבן געוואָרן ניט אינגאַנצן פון אים אַליין. ער האָט מיר נאָר דורך בריוו קיין ווילנע, אויף יידיש און אויף רוסיש, דיקטירט דעם תמצית, און איך האָב עס פאָרמירט אין העברעאיש. אין דער הקדמה האָט ער גערעדט, הויפּטזעכלעך, וועגן אונדזער „צווילינג", העברעאיש און יידיש, אַז ביי אים אין בויך שטויסן זיי זיך ניט, ווי ביי אַנדערע יידישע שרייבער, נאָר זיי לעבן צווישן זיך בשלום. אויב יידיש שרייבן איז ביי אים אַ פרייד, איז העברעאיש פאַר אים אַ יום־טובדיקער פאַרגעניגן. און אויסגעלאָזט האָט ער דערמיט, אַז ביי אָט דעם פּרינציפּ וועט ער זיך שטענדיק האַלטן: ער וועט שרייבן און מאָלן בילדער פאַרן פאָלק אויף זיין שפּראַך, און וועט עס דערנאָך

איבערזעצן אויף אונדזער אַלטער שפּראַך, וואָס לעבט פון אייביק ביז אייביק. און אויב ער אַליין וועט דאָס ניט זוכה זיין צו טאָן, וועלן קומען אַנדערע און פאַרענדיקן זיין אַרבעט.

אַז יידישע שרייבער, די וואָס באַהערשן אויך העברעאיש, זאָלן אַרויסגעבן זייערע ווערק, וואָס זענען איבערגעזעצט דורך אַנדערע אויף העברעאיש, ווי אייגענע אַרבעט, — דאָס איז יענע יאָרן געווען אַ געווייגלעכע זאַך. אַזוי האָט געטאָן אויך פּרץ, וועמעס געדרוקטע העברעאישע שריפטן זענען טיילווייז געווען איבערגעזעצט דורך פרעמדע הענט. שלום־עליכם האָט דאָ אָבער געהאַט פאַר זיך אַלס מוסטער מענדעלען. עס איז אים ליב געווען דער געדאַנק, אַז אויך אין העברעאיש וועט ער זיין געקניפּט און געבונדן מיטן „זיידן" (איך האָב דאָס געפילט — האָב איך אים נאָכגעגעבן דעם פאַרגעניגן פון אַזאַ אילוזיע און פאַרמירט זיין הקדמה אין אַזאַ נוסח). דאָס, וואָס מענדעלע זעצט אַליין איבער זיינע ווערק אין העברעאיש, און פאַר אים זעצט איבער אַן אַנדערער — האָט אים ניט געשטערט. ווייל דער אַנדערער איז געווען אַ נאָענטער — ניט דווקא אַ נאָענטער דורך פאַמיליען־בונד, נאָר אַזאַ, וואָס האָט אים נאָענט דערקענט. ער האָט געגלויבט, אַז ווען ער אַליין וואָלט זיינע ווערק געשריבן אין העברעאיש, וואָלט ער זיי געשריבן ניט אַנדערש, נאָר אין דעם גייסט פון מיין איבערזעצונג. יענעם ווינטער זענען צוויי קאַפּיטלען פון זיינע זכרונות לכבוד מענדעלעס יובילעי איבערגעזעצט געוואָרן אויף העברעאיש דורך צווייען: „ווי שיין איז דער בוים" („מה נאה אילן זה") דורך מיר אין „העולם", און „אויטאָדאַ־פע" דורך אַן אַנדערן אין „הצפירה". האָט ער מיר וועגן דעם געשריבן: „אַך, וואָס פאַר אַן אונטערשייד צווישן „אילן זה" ביז „אויטאָדאַ־פע" אין „הצפירה"! ווי פון טאָג צו נאַכט! ניין, איבערזעצן מיך, אויסער אייך, קאָן קיינער ניט, און דאַרף קיינער ניט, און איך וועל קיינעם ניט לאָזן! איר אַליין ווייסט שוין, וואָסערע הוספות איך וואָלט געמאַכט, און איר שטעלט זיי אַריין. איר האָט מיך אויסגעשטודירט גרונטלעך. איר קענט מיך אויף אַ 5 מיט אַ פּלוס. ניין, איך וועל מער קיינעם ניט לאָזן מיך איבערזעצן!"

נאָר אָט איז דערשינען דער ערשטער העברעאישער באַנד, און די קריטיקער, ניט געקוקט אויף שלום־עליכמס הקדמה, האָבן גערעדט פון אַן איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון אַנדערע הענט. אייניקע האָבן אַרויסגעגעבן דעם סוד און אָנגערופן מיין נאָמען. שלום־עליכם האָט זיך דערפון דערפילט מאָדנע אומבאַקוועם און האָט מיר גלייך געשריבן. און אויך טעלעגראַפירט דעם פאַרלעגער אין וואַרשע, מע זאָל אויסשניידן די הקדמה פון דעם באַנד. ס'איז שוין אָבער געווען שפעט — אַ היפשער טייל פון דער אויסגאַבע איז געווען צעשיקט צו די בוכהענדלער אויף דער פּראָווינץ. דערהויפּט האָט שלום־עליכמען אויפגערודערט אַן אַר־טיקל אינעם „השילוח", געשריבן פון זלמן עפּשטיין, ווו עס האָט זיך גערעדט וועגן שלום־עליכמס „אַרויסהעלפער" און וועגן „אַן אַרבעט וואָס ווערט געטאָן דורך אַנדערע". שלום־עליכם האָט דאָס אויפגענומען ווי אַ באַליידיקונג פאַר אונדז ביידן. ער האָט אָנגעהויבן פאָדערן, איך זאָל אויפן צווייטן באַנד אַרויסשטעלן מיין נאָמען און אָנשרייבן פאַר אים אַ צווייטע הקדמה, אין וועלכער עס זאָל דערקלערט ווערן, אַז איך בין זיין העברעאישער איבערזעצער. איך האָב אים געפּרוווט באַרואיקן, אַז די קריטיק האָט זיין הקדמה דירעקט ניט באַרירט, און אַדרבה — אַ צווייטע הקדמה, וואָס וועט אָפּלייקענען די ערשטע, וועט ניט מאַכן דעם געוווּנטשטן איינדרוק. שלום־עליכמען האָט דאָס אָבער ניט באַ־רואיקט. ער האָט מיר צוגעשיקט אין יידיש אַ נוסח פאַר אַ צווייטער הקדמה, און אַזוי ווי איך האָב מיך אַלץ געהאַלטן ביי מיינס, אַז איך וועל מיין נאָמען ניט אַרויסשטעלן, האָט ער מיר פאָרגעלייגט אַ פּסעוודאָנים פאַר די איבערזעצונגען, דערביי מיר געשריבן אין רוסיש אַזוי:

„מיין טייערער בער!

„איך בעט אייך זייער, איר זאָלט אומבאַדינגט אין אָט דעם גייסט אָנשרייבן אַ הקדמה און צושיקן זי מיר שוין אין דער קאָרעקטור. און אויך אומבאַדינגט אַרויסשטעלן אויפן שער־בלאַט אייער נייעם פּסעוו־דאָנים יוד בית. קוקט דערויף, ווי אויף אַ צוואַנג־טאַט פון מיין זייט, נאָר איך פאָדער דאָס בגזירת כיבוד אָב. — — —. אין דער הקדמה

גאָרנישט ניט פאַרקירצן און ניט אַרויסוואַרפן, און ניט פּראַוון קיין באַשיידנקייט! צוגעבן קאָנט איר".

שלום־עליכם האָט מיך אומזיסט חושד געווען אין „פּראַוון באַשיידנקייט". אויב איך האָב צום אָנהייב ניט אַרויסגעשטעלט מיין נאָמען מיט דער כוונה אַרויסצורופן ביים העברעאישן לעזער מער אינטערעס צו דער איבערזעצונג, איז איצט מיין מאָטיוו געווען שוין גאָר אַן אַנדערער. צוזאַמען מיט די לויב־געזאַנגען וועגן מיין אַרבעט האָב איך אויסגעהערט פון מיינע נאָענטע חברים אויך ביטערע ווערטער. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיך געמוסרט, למאי איך גיב אַוועק שלום־עליכמען אַלע מיינע פעאיקייטן, און האָבן נביאות געזאָגט, אַז מיין ער־פאָלג מיט דער שלום־עליכם־איבערזעצונג וועט מיך סוף־כל־סוף אינגאַנצן איינשלינגען. איך האָב אין די ווערטער געפילט אַ קערנדל אמת, וואָס האָט מיך ניט געלאָזט רוען. איך האָב דעריבער באַשלאָסן ניט אָנצו־געבן מיין נאָמען אויף דער איבערזעצונג — און זאָלן מיינע מוסר־זאָגער ניט מיינען, אַז ביי אָט דעם בלייב איך שוין. ס'איז געווען אַ קאַפּריז פון די יונגע יאָרן (איך האָב דעמאָלט נאָך אַלץ געהאַלטן ביי מיין זעקס־און־צוואַנציקסטן יאָר).

שלום־עליכמען האָב איך דעם אמתן מאָטיוו ניט אַנטפּלעקט, ווייסנ־דיק, אַז דאָס וועט אים מצער זיין. איך האָב אָבער זיין צווייטע הקדמה אָפּגעלייגט אָן אַ זייט. אויסער שבחים צו דער „באַשיידנקייט" פון דעם יונגן שרייבער, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דעם פּסעוודאָנים יוד בית, און צו זיין אַרבעט, וואָס איז ניט אַן איבערזעצונג, נאָר אַן איבערדיכטונג, איז דאָרט גאָרנישט געווען אַזעלכעס, וואָס זאָל ענדערן דעם איינדרוק פון דער ערשטער הקדמה. אַנשטאָט דעם האָב איך אין דעם צווייטן באַנד, אינעם נאָמען פונעם מחבר, געגעבן אָט די עטלעכע שורות:

„פאַר די לעזער און קריטיקער, וואָס פרעגן זיך נאָך אויכן נאָמען פון דעם העברעאישן איבערזעצער פון מיינע ווערק, לאָז איך דאָ וויסן, אַז די איבערזעצונג פון די דאָזיקע בענדער (אויסער דעם ערשטן באַנד, וואָס איז געשריבן געוואָרן מיט מ״ין באַטייליקונג) ווערט געמאַכט, דורך איבערגעבן מיין פען (דאָס הייסט: דורך דערלויבן די פרייהייט

פון טעקסט. — י. ד. ב.), אונטער מיין השגחה און קאָרעקטור, פון אַ יונגן העברעאישן שרייבער, וואָס וויל באַהאַלטן זיין נאָמען".

דאָס האָט שלום־עליכמען באַרואיקט, אָבער ניט באַפרידיקט. ביים פערטן באַנד, וואָס איז דערשינען אין ביאַליק און ראַווניצקיס פאַרלאַג „מוריה", איז ער דורכאויס באַשטאַנען, איך זאָל אַרויסשטעלן מיין נאָמען אַלס איבערזעצער. ער האָט געזאָגט: „שוין צייט אַרויסלאָזן אַייך פון באַהעלטעניש"...

## כא
# געסט

סוף זומער 1911 האָב איך גענומען וואַקאַציע פונעם „העולם" און בין געפאָרן אויף אַ חודש קיין באַדענווײַלער. איך בין געווען דער לעצטער, וואָס האָט באַדאַרפט פול מאַכן דעם זומערדיקן משפחה־צו־זאַמענפאָר ביי שלום־עליכמען אין הויז. אַגב, האָט זיך יענע טעג געגרייט אין באַזעל דער צענטער ציוניסטישער קאָנגרעס, און אַזוי ווי באַזעל ליגט נאָענט ביי באַדענווײַלער, האָב איך געהאַט די כוונה פאַראייניוועגס באַזוכן דעם קאָנגרעס — אַ זאַך, וואָס האָט געצויגן מײַן האַרץ שוין פון יאָרן.

איך האָב געטראָפן שלום־עליכמען אין אַ פיל בעסערער שטימונג, ווי איך האָב דערוואַרט לויט די בריוו, וואָס מע האָט מיר געשריבן. די הימלען האָבן זיך אויסגעלייטערט. ניט נאָר איז אין באַדענווײַלער געשטאַנען אַ שיינער ליכטיקער אינדרויסן נאָך די זומערדיקע רעגנס — אויך אין שלום־עליכמס הויז איז געוואָרן זומערדיק־ליכטיק און פריילעך. די קראַנקע זענען געזונט געוואָרן. אַפילו דער טובערקולאָז־קראַנקער מישאַ, וואָס איז געקומען פון דער סאַנאַטאָריע אַהיים צוגאַסט אין אַ פאַר־בעסערטן צושטאַנד, האָט מיט זײַן אויסערלעכן בילדשיינעם אויסזען געמאַכט דעם אײַנדרוק פון אַ יונגן בליענדיקן סטודענט. שלום־עליכמען איז אויסגעפאַלן אַ גוטער חודש, און ער האָט ווידער אויסגעקוקט פריש און מונטער. אויך די אַרבעט איז ביי אים גוט געגאַנגען. ער האָט שוין פאַרענדיקט די „בלאָנזענדע שטערן" און האָט אַצינד אינגאַנצן זיך גע־קאָנט קאָנצענטרירן אויף זײַן נייער סעריע, וואָס ער האָט געשריבן פאַרן „היינט": „פון נאַלעווקיס ביז מאַריענבאַד". יאַצקאַן, קעגן אַלע דערוואַרטונגען, האָט אים אָנגעהויבן וואַרעמען מיט בריוו און אַפילו מיט טעלעגראַמעס, ער זאָל צושיקן וואָס מער „מאַטעריאַל" — דער

בעסטער סימן, אַז „מאַריענבאַד״ האָט אָנגעצויגן דעם לעזער. שלום־עליכם, וואָס האָט שוין געהאַט אין זיין לעבן גענוג ערפאָלג ביים יידישן עולם, איז דאָ געווען באַזונדער שטאָלץ מיט זיין נצחון: ער האָט ביי־געקומען די שטאַרקסטע פעסטונג פון דער פאַרשונדעוועטער וואַרשע־ווער פרעסע.

דערצו האָט זיך אין שלום־עליכמס הויז יענע טעג שוין געלאָזט פילן דער פריילעכער טומל פונעם פאָרשטייענדיקן ציוניסטישן קאָנגרעס. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן פריע קאָנגרעס־געסט, באַקאַנטע ציוניסטן, יידישע שרייבער און סתם באַלעבאַטישע יידן, וואָס פאָרנדיק צום קאָנגרעס קיין באַזעל האָבן זיי דערווייל פאַרקערעוועט קיין באַדענ־ווילער כאַפּן אַ קוק, וואָס מאַכט שלום־עליכם. (ה. ד. נאָמבערג האָט דעמאָלט באַזוכט שלום־עליכמען, פאַרבראַכט מיט אים עטלעכע טעג און אָנגעשריבן אַן אַרטיקל אינעם „היינט״ וועגן דעם דאָזיקן באַזוך). שלום־עליכם אַליין האָט זיך געגרייט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, ווי צו אַ יום־טובדיקער געשעעניש. אַחוץ וואָס דער קאָנגרעס בכלל, אַלס אַ יערלעכער „קיבוץ גלויות״, האָט ביי אים שטענדיק געוועקט געהויבענע געפילן, האָט דער איצטיקער קאָנגרעס געהאַט ביי אים אַ באַזונדערן פערזענלעכן אינטערעס: ער וועט ענדלעך האָבן די מעגלעכקייט צו טרעפן זיך מיט פאַרשיידענע יידן פון פאַרשיידענע לענדער, נאָכדעם ווי ער איז פון דער יידישער וועלט געווען אָפּגעריסן עטלעכע יאָר אין קראַנקער אומעטיקער איינזאַמקייט.

פון די אַמעריקאַנער ציוניסטן איז געקומען צו שלום־עליכמען צו־גאַסט אברהם אליהו לובאַרסקי, וואָס איז שוין איצט געווען ניט נאָר דער אַמעריקאַנער פאָרשטייער פון וויסאָצקיס טיי־פירמע, נאָר אַליין אַן „ערב־מיליאָנער״ (ווי ער האָט זיך אַליין הומאָריסטיש רעקלאַמירט), אַן אייגנטימער פון צוקער־פּלאַנטאַציעס אין וועסט־אינדיעס, בשותפות מיט זיין זון און מיט לעאָן קאָמאַיקע, דעם אַרויסגעבער פונעם ניו־יאָר־קער „טאָגעבלאַט״. ווי אַ מענטש אַן אויפגעלייגטער, וואָס ס׳איז אים גוט פון אַלע זייטן: גוטע געשעפטן, אַ לוסט־רייזע איבער אייראָפּע, אַ פיינער דעלעגאַט צום ציוניסטישן קאָנגרעס, און פאָרט אויף עטלעכע טעג גע־

ניסן שלום־עליכמען, — איז ער אַריינגעפאַלן אין באַדענווייִלער מיט אַ פריילעכן קנאַק, געשיקט פאָראויס וועגן זיין קומען אַ טעלעגראַמע אין יידיש: „אָט. שוין. טאַקע. באַלד"... דאָס איז געווען אין שלום־עליכמס גייסט. שלום־עליכם האָט ליב געהאַט אַזעלכע גוט־אויפגעלייגטע נאַטורן. צו דעם לעבנסלוסטיקן לובאַרסקי, פונקט ווי צו דעם עולם־הזהדיקן מרדכי ספעקטאָר, האָט ער געפילט אַ באַזונדערע שוואַכקייט — ער האָט אים גערן געהאַט מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות. פאַר די חסרונות נאָך אפשר מער ווי פאַר די מעלות — ווייל לובאַרסקיס חסרונות האָבן אים געגעבן דעם בעסטן שטאָף פאַר הומאָריסטישע אַנאַליזן, וועלכע ער פלעגט אָפט מאַכן טאַקע פאַר לובאַרסקין אין די אויגן.

לובאַרסקי איז געקומען צו שלום־עליכמען ניט מיט ליידיקע הענט. קודם כל האָט ער אים געבראַכט פעק מיט גרוסן פון אַמעריקע, נאָך וועלכע שלום־עליכם האָט אין דער שטיל געבענקט און האָט נאָך גע־האָפט דאָרט אַמאָל זיין ווידער צוגאַסט. ער האָט אים דערציילט וועגן דעם ערפאָלג פון זיינע „בלאָנזשענדע שטערן", וואָס האָבן זיך נאָר־וואָס געענדיקט דרוקן אינעם ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל". דער ראָמאַן איז אַן אַנטיקל — „מבינים" האָבן פון אים געלעקט די פינגער. אַפילו אין דער „קיבעצאַרניע" האָט מען זיך מיט אים געקוויקט. מע האָט צווישן די „בלאָנזשענדע שטערן" דערקענט אַ סך לעבעדיקע געשטאַלטן פון דער יידישער טעאַטראַלישער וועלט. דערהויפּט איז אים אַליין שווער געווען אָפּצורייסן זיך פון די קאַפּיטלען, אין וועלכע עס איז געצייכנט געוואָרן מייסטערהאַפט, מיט אַלע קנייטשעלעך, אַן אַלטגעזעסענער באַזוכער פון דער ניו־יאָרקער שרייבערשער „קיבעצאַרניע" — דער פאָטער פון דעם באַרימטן פידל־שפּילער מישאַ עלמאַן. באַשערט אַ יידן אַ מלמד אַזאַ גדולה — פאַראייביקט צו ווערן אין דער ליטעראַטור דורך שלום־עליכמס גאָלדענער פעדער. לייט האָבן מזל!...

אויסער דעם, איז לובאַרסקי געקומען מיט אַ שליחות פון זיין שותף קאָמאַיקע. צוריק מיט אַ יאָר האָט קאָמאַיקע, אויף זיין רייזע אין די אייראָפּעאישע וואַרעמבעדער, געהאַט געקויפט ביי שלום־עליכמען אַ ספּע־ציעלע אויפלאַגע פון זיינע געדרוקטע ווערק צו געבן זי אַלס פּרעמיע

פאַר די לעזער פונעם „טאָגעבלאַט". שפּעטער, אַז ער איז צוריקגע־קומען קיין ניו־יאָרק, האָט די פאַרוואַלטונג פונעם „טאָגעבלאַט" זיך אַרומגעזען, אַז שלום־עליכם וועט פונעם עסק האָבן צופיל געלט, האָט מען זיך אָנגעהויבן מיט אים פונדאָסניי דינגען, געוואָלט אַראָפּדינגען אַ היפּשע סומע פון דעם אָפּגעמאַכטן פּרייז. איך האָב זיך דעמאָלט געווענדט צו לובאַרסקין, ער זאָל זיך איינשטעלן פאַר שלום־עליכמען. איז לובאַרסקין געוואָרן שלעכט: פון איין זייט האָט אים ניט געפּאַסט צו רעדן האַרבע ווערטער מיט זיין שותף קאַמאַיקע; פון דער אַנדערער זייט האָט אים אָבער דאָס האַרץ געשראָקן, טאָמער וועט זיך אין ניו־יאָרק געפינען אַן אַנדערער, וואָס וועט וועלן באַשיצן שלום־עליכמס אינטערעסן און וועט דערמיט אַוועקנעמען ביי אים זיין ברויט אַלס ליטעראַרישער פאַרזאָרגער. גובר געווען האָט דער צווייטער מאָטיוו, לובאַרסקי האָט זיך פאָרט אַריינגעמישט, און איצט איז ער געקומען מיט אַ פולמאַכט פון קאָמאַיקען צו „סעטלען" (פאַרענדיקן) די חזירשע ביזנעס".

נאָר דאָס איז געווען פון די קליינע זאַכן. דער עיקר איז לובאַרסקי געקומען צו שלום־עליכמען מיט אַ גרויסאַרטיקן ליטעראַרישן פּלאַן. פאָרנדיק אויפן שיף צום ציוניסטישן קאָנגרעס, איז אים איינגעפאַלן אַ געניאַלע אידייע: אָט האָט שלום־עליכם אַוועקגעגעבן צוויי יאָר פון זיין לעבן צו שאַפן אַ ראָמאַן — אמת, אַ טייערן, אַ גאָלדענעם ראָמאַן, אויף אים אַזאַ יאָר; אָבער פון וואָס פאַר אַ שטאָף? משטיינס געזאָגט, פון וואַנדערנדיקע יידישע אַקטעיורשטשיקעס, פון אָפּגעריסענע „בלאָנ־זענדע שטערן", פון אַ „האָצמאַך" מיט אַ „בריינדעלע קאָזאַק"... פאַרוואָס, אַשטייגער, זאָל אַזאַ שלום־עליכם ניט האָבן די „נאַכאַלסטווע" צו געבן דעם יידישן פאָלק דעם אמתן גרויסן ראָמאַן, אויף וועלכן מיר אַלע קוקן אַרויס, אַ ראָמאַן פון אונדזער גרויסער נאַציאָנאַלער עפּאָכע, אַ מין יידישן „וואָינאַ אי מיר" („מלחמה און פרידן" פון טאָלסטאָי) — בקיצור, אַ ראָמאַן, אין וועלכן עס זאָל פאַראייביקט ווערן די באַוועגונג פון די „חובבי ציון"? וואָסי, קליין איז ער דערויף? ווער נאָך, ווי שלום־עליכם מיט זיין לעבעדיקן טאַלאַנט, קאָן אונדז מאָלן די ליכטיקע

פּאָרטרעטן פון אַ לעאָן פּינסקער, אַ רב שמואל מאָהלעווער, פון אַן אחד העם, אַ ליליענבלום, אַן אוסישקין? פון די קלענערע פישלעך, די „דגי הרקק”, די פּראָסטע פּלאַטוויצעס — פון די שמועסט מען ניט. אַפילו אַזאַ טויגעניכטס, אַזאַ גאָרנישט שבנישט, אַזאַ מין אַמעריקאַנער קנאַקער, ווי ער, אברהם אליהו לובאַרסקי, גייט אויך ניט באָרוועס — ער קאָן צוניץ קומען אויף צו פאַרשטעקן מיט אים אַ לאָך אין אַזאַ ציוניסטישן ראָמאַן... האַ? אַיאָ, אַ גאָלדענע אידייע?...

אויסגעהערט לובאַרסקיס גאָלדענע אידייע, האָט שלום־עליכם נאָר צעפּירט מיט די הענט: ווער דאַרף היינטיקע צייטן גרויסע יידישע ראָמאַנען? אין דער וואַרשעווער פּרעסע גייען „בלוטיקע פּרויען”, „פאַר־שלייערטע דאַמען” — דאָס איז איצט אַ סחורה. אָט האָט ער זיך אָפּגע־מוטשעט צוויי יאָר מיט די „בלאָנזענדע שטערן”, זיך אומגעטראָגן מיט זיי איבער די צייטונגען, ווי, להבדיל, דער רבונו־של־עולם מיט דער תורה — אומעטום האָט ער געהאַט אַ מיאוסן אָפּשניט, נאָר האַרצווייטאָג מיט יסורים. יאַצקאַן וויל פון קיין ליטעראַרישן ראָמאַן ניט הערן. ער פּאָדערט פון אים דורכאויס „פעליעטאָנדלעך”, קליינע „בילדלעך”...

האָט זיך לובאַרסקי אַ ווײַלע פאַרטראַכט און זיך באַלד אַ פּאַטש געטאָן אין שטערן: ער האָט אויך דערויף אַ פּלאַן, אָבער גאָר־גאָר אַ וואַזשנעם פּלאַן! דהיינו? אַזוי ווי אין דעם חובבי־ציוניסטישן ראָמאַן דאַרף פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט דער פאַרשטאָרבענער קלונימוס זאב וויסאָצקי, דער גרינדער פון דער באַרימטער טיי־פירמע, וואָס איז געווען איינער פון די ערשטע און בעסטע חובבי־ציון, און ניט נאָר ער אַליין, נאָר צוזאַמען מיט אים זיין גאַנצע פאַמיליע, וואָס באַשטייט פון לויטער אָריגינעלע טיפּן, תלמידי־חכמים, פילאָזאָפן און באַרימטע רעוואָליוציאָנערן; און אַזוי ווי דעם אַלטן וויסאָצקיס זון, דער איצטיקער קאָפּ פון דער פירמע, וועט מירצעשעם קומען קיין באַזעל אויפן ציוניס־טישן קאָנגרעס, — וועט ער מיט אים דאָרט מאַכן אַ שמועס מכוח דעם דאָזיקן גרויסן פּלאַן, רעדן מיט אים אָפענע דיבורים, ברחל בתך הנאַ־קעטע, ער זאָל פּראָסט אַוועקזעצן שלום־עליכמען אויף זיינע הוצאות שרייבן דעם ראָמאַן. די צרה איז נאָר, וואָס וויסאָצקי האַלט ניט פון

„זשאַרגאָן" — ער האַלט מער פון דער „גבירטע", פון העברעאיש, הגם ביי דער „גבירטע" איז ער אויך אַ זעלטענער אַריינגייער, אַפּילו ניט שבת און יום־טוב... איז דערויף פאַראַן ווידער אַן עצה: שלום־עליכם וועט דעם ראָמאַן שרייבן, ווי דער שטייגער איז, אויף יידיש, און דער „געניידעם", דער „חתניה דבי נשיאָה" (דער איידעם פונעם נשיא), טאַקע בערקאָוויטש אונדזערער, וועט אים גלייך, מיד ליד, איבערזעצן אויף העברעאיש — וועט דאָס הייסן, אַז דער ראָמאַן ווערט אין איין צייט געשריבן אויףביידע שפּראַכן. נישקשה, וויסאָצקין מעג אָנשטיין צו צאָלןביידן אַ רעכטן האָנאָראַר — זיין טאַטע, דער אַלטער רב קלונימוס זאב, זכרונו לברכה, האָט דאָס ביי אים כשר פאַרדינט...

שלום־עליכמען האָט לובאַרסקיס אידייע וועגן אַ ציוניסטישן ראָמאַן ניט געפעלן. ער האָט געהאַט זיינע אַן אייגענע אידייע: אָט וויל ער שוין לאַנג שרייבן אַן אַנדער מין ראָמאַן, זיין אייגענע לעבנסגעשיכטע. דאָרט וועט ער אויסטיילן אַ היפּשן פּלאַץ אויך פאַר די חובבי־ציון, מיט וועלכע ער האָט זיך אָפּט באַגעגנט אין די יונגע יאָרן. אַדרבה, זאָל זיך וויסאָצקי בעסער פאַראינטערעסירן מיט אַזאַ ווערק!... לובאַרסקי האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס: שלום־עליכמס לעבנסגעשיכטע איז טאַקע זייער אַ אינטערעסאַנטע זאַך פאַר זיך, און מיר וועלן זיך צו דעם נאָך אומקערן; נאָר דערווייל מוזן מיר האָבן נייטיק ווי לעבן אַ גרויסן נאַציאָנאַלן ראָמאַן, אַ יידישן „וואָינאַ אי מיר"!...

איך האָב געהערט וועגן דעם פּלאַן פוןביידן, סיי פון לובאַרסקין, סיי פון שלום־עליכמען, וועלכער האָט דאָס איבערגעגעבן אין איראָנישער באַלייכטונג. שלום־עליכם האָט גערעדט דערפון, ווי פון מנחם־מענדלס אַ חלום. מנחם־מענדלס חלומות האָבן אָבער פאַר שלום־עליכמען אויך געהאַט זייער באַזונדערן רייץ, און ער האָט מיט אומגעדולד געוואַרט אויפן קאָנגרעס, זען וואָס פון דעם שפּיל וועט זיך אויסשפּילן.

ביי מיין קומען קיין באַדענווייילער האָב איך אין שלום־עליכמס הויז אויך געטראָפן אַן אומבאַקאַנטן גאַסט, מיט וועמען שלום־עליכם האָט זיך געהאַלטן זייער באָענט, גערעדט אויף „דו" און אים אַרויסבאַוויזן זעלטענע צערטלעכקייט, ווי צו אַ לייבלעכן ברודער. געהייסן האָט דער

גאַסט אליהו באַרכאַש און איז געווען שלום־עליכמס יוגנט־חבר, מיט וועמען ער איז זיך איצט צוזאַמענגעקומען נאָך אַ לאַנגער צעשיידונג פון פינף־און־דרייסיק יאָר.

די געשיכטע האָט געקלונגען כמעט ראָמאַנטיש:

אליהו באַרכאַש, אָדער ווי ער האָט שפּעטער געהייסן אין שלום־עליכמס אויטאָביאָגראַפיע: עליע דאָדיס, איז געווען שלום־עליכמס ליבסטער שול־חבר פון די יינגלשע יאָרן. ביידע האָבן דורכגעמאַכט אין זייער געבורט־שטאָט פּערעיאַסלאַוו די רוסישע „אויעזדנאָיע אוטשילישטשע" (קרייז־שול), זיך אויסגעצייכנט אַלס די בעסטע תלמידים צווישן קריסטלעכע חברים, באַקומען פון דער רעגירונג אַ „פּענסיע" (סטיפּענדיע) און אין איין צייט געענדיקט די שול. ביידע האָבן געשטיפט צוזאַמען, זיך אויסגעצייכנט אין שטאָט ווי גרויסע קונדסים און אָפּלאַכער פון דער וועלט, און ביידע האָבן אויך געלייענט צוזאַמען די רוסישע קלאַסיקער און געחלומט זייערע יוגנט־חלומות. נאָר מיטן ענדיקן די קרייז־שול האָבן זיי איינער דעם אַנדערן פאַרלאָרן: עליע דאָדיס איז געפאָרן שטודירן אינעם זשיטאָמירער לערער־אינסטיטוט, און שלום־עליכם איז אַוועק זיין וועג. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט שלום־עליכם, ווי ווייט מיר איז באַקאַנט, זיין חבר קיינמאָל ניט דערמאָנט: אין זיין פאַמיליען־קרייז איז דאָס געווען אַ פרעמדער נאָמען. נאָר אין זיין זכרון האָט דער דאָזיקער נאָמען מסתמא געגליט, ווי אַ ליכטיקע געדעכעניש פון דער ווייטער קינדהייט. ערשט העט שפּעט, אין 1910, האָט שלום־עליכם דורך אַ צופאַל זיך דערוווסט, אַז זיין יוגנט־חבר געפינט זיך אין בעסאַראַביע און איז ערגעץ אַ דירעקטאָר אין אַ רוסישער רעגירונג־שול פאַר יידישע קינדער. ער האָט אָנגעהויבן זיך נאָכפרעגן וועגן אים דורך בריוו, ביז ער האָט אים געפונען. אליהו באַרכאַש איז דערפון געווען איבערראַשט נאָך מער פון שלום־עליכמען: ער האָט צענדליקער יאָרן קיין השגה ניט געהאַט, אַז דער באַרימטער שלום־עליכם איז זיין אַמאָליקער חבר שלום ראַבינאָוויטש פון פּערעיאַסלאַוו. צווישן ביידע חברים האָט זיך פאַרבונדן אַ הייסע קאָרעספּאָנדענץ, אין וועלכער שלום־עליכם האָט ברייט געעפנט זיין סענטימענטאַל־צערטלעך האַרץ. די קאָ־

רעספּאָנדענץ איז געגאַנגען, ווי געוויינלעך, אויף רוסיש. נאָר איין מאָל האָט דער חבר געוואָלט צוליב טאָן שלום־עליכמען און אים אָנגעשריבן אַ יידיש בריוול — האָט אים דערויף שלום־עליכם געענטפערט אויף יידיש אַזוי:

„אלי, האַרצעניו! ליובעניו! זאָג מיר דעם אמת, ווי פאַר אַן אייגע־נעם ברודער: ווער האָט אָנגעשריבן פאַר דיר אָט דאָס יידישע בריוול? וועסט מיר ניט אַיינריידן, אַז דאָס האָסטו אַליין, מיט דיין האַנט און פון דיין קאָפּ, געשריבן! ובפרט דו אַליין שווערסט, כאַפּסט די ערד, אַז דרייסיק יאָר האָסטו קיין יידישע פּען ניט געהאַלטן — היינט ווער'ט דיר גלייבן אויף נאמנות? און אַז ס'האָט זיך יאָ געטראָפן אַזאַ זאַך, איז דאָך עס טאַקע אַ נס מן השמים, און מע מעג דיך אַרויספירן אויף דער וועלט און באַווייזן אויף בילעטן:

„— 20 קאָפּיקעס!!! —"

„קוקט, אידען, אַ פענאָמען — 30 יאָר געוועזן
אַ גוי און פּלוצים געוואָרן אַ איד, שרייבט
אידיש ווי אַ משומד! 20 קאָפּיקעס אַ קוק!!!"

„איך וואַרט אויף דיין ענטפער, אויף דיין יידישן ענטפער.

שלום־עליכם".

אין זייערע בריוו האָבןביידע חברים זיך געצויגן איינער צום אַנדערן, געגאַרט טרעפן זיך, זען זיך פּנים אל פּנים. און ענדלעך איז אליהו באַרכאַש, אויף שלום־עליכמס אַיינלאַדונג, אַרויסגעפאָרן קיין באַדענווייַלער.

אין שטוב האָט מען מיר דערציילט, אַז דעם טאָג, ווען שלום־עליכם האָט דערוואַרט דאָס אָנקומען פון זיין חבר, האָט ער זיך אויפ־געפירט ווי אַ חתן־בחור, וואָס דערוואַרט זיין כלה. ער האָט פון סאַמע פרימאָרגן זיך אויסגעפוצט אין זיין בעסטן עלעגאַנטן אָנטאָן און איז אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג אין גרויסע אַנגסטן: ער האָט אַלץ אַרויס־געקוקט אין דרויסן, ווען קומט ער שוין?... ווי אויף צר־להכעיס, איז

דער חבר ניט געקומען, און שלום־עליכם האָט געמוזט גיין שלאָפן אַ באַטריבטער. ערשט שפּעט ביינאַכט איז אין שטוב געוואָרן אַ טומל: דער חבר איז געקומען! שלום־עליכם האָט בשום אופן ניט געוואָלט ווייזן זיך פאַרן גאַסט אין כאַלאַט; האָט ער זיך אײַנגעוואַשן, זיך פאַר־קעמט, ווידער זיך אויסגעפּוצט אין די שענסטע קליידער, און אַ יונגער, אַ פרישער, אַ ליכטיקער, איז ער אַרויס באַגעגענען דעם לאַנג־געגאַרטן ליבהאַרציקן חבר.

אַז איך בין געקומען קיין באַדענווײַלער, האָב איך שוין געטראָפן די חברים נאָך דער ערשטער באַרוישונג פון די האָניק־טעג — נאָכ־דעם ווי ביידע האָבן זיך זאַט אָנגערעדט, אָנגעשפּאַצירט און אויס־געשעפּט איינער פאַרן אַנדערן די זכרונות פון דער ווייטער יוגנט. איצט איז אָנגעשטאַנען די אויסניכטערונג, און דער חבר האָט אויסגעזען — לכל הפחות, אין מיינע אויגן — עפּעס מאָדנע פרעמד אין זיין צו־זאַמענשטיין מיט שלום־עליכמען, ווי אַראָפּגעפאַלן פון אַן אַנדער פּלאַ־נעטע. אַ טיפער ברונעט, מיט שטאַרקע וואַגיקע וואָנצעס, מיט אַ שפּאַ־נישן בערדל און מיט געדיכטע קורץ־געשוירענע דורכגעזילבערטע האָר, מיט אַ ציכטיקן נאָר האַרטלעכן פּנים, מיט שטרענגע, אָרדענונג־היטנ־דיקע שוואַרצע אויגן פון אַן ערלעכן, באַגרענעצטן, יידיש־רוסיפיצירטן פּעדאַגאָג — האָט ער זיך אַזוי ווייניק געפּאַסט אין חברשאַפט צו שלום־עליכמס בלאָנד־שמייכלענדיקער, חנעוודיק־רירעוודיקער, ליכטיק־פרייער נאַטור. ביידע האָבן גערעדט צווישן זיך אַ גוטן רוסיש; נאָר שלום־עליכמס רוסיש איז געווען אייגנאַרטיק, וויציק, מיט פרייע קינסטלערישע אײַנפאַלן אינעם וואָרטשפּיל, מיט אַן אייגענעם לעבעדיקן ריטם, מיט אַן אייגענעם איראָניש־יידישן טראָפּ, — און פון דעם חברס שפּראַך האָט מער פון אַלץ זיך געלאָזט פילן די גוט־אָפּגעהיטע רוסישע גראַ־מאַטיק, און די וויצן האָבן געקלונגען סטערעאָטיפּיש־אַלט, טיף־פּראָ־ווינציעל, פונקט ווי זיי וואָלטן געבליבן אומבאַרירט פון די אַלטע גוטע צייטן אין דער פּערעיאַסלעווער קרייז־שול. און אַזוי ווי די שפּראַך, אַזוי אויך די פּראָווינציעלע השגות פון דעם רוסיפיצירטן יידישן השכלה־פּעדאַגאָג האָבן זיך ווייניק געפּאָרט מיט די ברייטע און געלייטערטע

וועלטלעך־יידישע באַגריפן פון שלום־עליכמען. שלום־עליכם האָט מיט קיין איין מינע ניט אַרויסגעגעבן, אַז ער איז פון דעם „חבר פון זיין קינדהייט" (ווי ער האָט אים גערופן) אַנטוישט. ער איז אָפט אין זיין געשפּרעך מיט אים אַריבער פון רוסיש אויף יידיש, ווו ער האָט פרייער געקאָנט אַרויסווייזן אַלט־חברשע צוגעלאָזטקייט, דערביי גערופן אים „עליע" אַנשטאָט „איליאַ"; עס האָט אָבער געקלונגען מאָדנע פרעמד און קאָמיש, ווען דער האַרטלעכער ברונעטער ייד האָט געוואָלט אַריינפאַלן אין שלום־עליכמס טאָן און אים צוריקגערופן „שלום׳אַני"...

ליאַלי, די איינציקע צווישן די קינדער, וואָס פלעגט זיך אַמאָל דער־לויבן אַ שפּאַס טאָן איבערן פאָטער, האָט זיין חבר געקרוינט מיטן ברייטלעך־משפחהדיקן נאָמען: „דער חבר פון אונדזער קינדהייט" („דרוג נאַשעוואָ דיעטסטוואַ").

די גרעסטע אַנטוישונג האָט שלום־עליכם געהאַט פון זיין חבר, ווען יענער האָט זיך אָפּגעזאָגט פאָרן מיט אים קיין באַזעל צום ציוניסטישן קאָנגרעס, ווייל ס׳איז אַ שאָד די טרחה — ער זעט ניט אין דעם קיין שום „אויסלענדישע" פאַרוויילונג.

— און דו ביסט דען אַזאַ הייסער ציוניסט, שלום׳אַני? — האָט דער חבר געפרעגט.

— ניט יעדער ייד מוז זיין דווקא אַ ציוניסט, עליע, — ער דאַרף נאָר זיין אַ מענטש! — האָט אים שלום־עליכם געענטפערט מיט אַ ווייכן שמייכל, נאָר מיט אַ באַהאַלטענעם פאַרדראָס, וואָס דער חבר האָט זיך אַרויסבאַוויזן פאַר זיינע קינדער אין אַזאַ אָפּגעשטאַנענער טרוקנקייט.

פון דעסטוועגן האָט זיך שלום־עליכם צעזעגנט מיט זיין יוגנט־פריינד זייער האַרציק, און יענער איז אַוועקגעפאָרן אַ צופרידענער, וואָס ער האָט אויף די עלטערע יאָרן צוריקגעפונען אַ חבר אין דער פּערזאָן פון אַזאַ באַרימטן מענטשן. קוקנדיק אָבער אויף שלום־עליכמען, האָב איך אים חושד געווען, אַז דווקא איצט האָט ער פאַרלאָרן אַ חבר...

שפּעטער, אַז עס פלעגט קומען צו־רייד וועגן באַרכאַשן, האָט שלום־עליכם אים שוין גערופן מיט אַ לייכטן שמייכל אַזוי, ווי ליאַלי האָט אים אַ נאָמען געגעבן: „דער חבר פון אונדזער קינדהייט".

## כב
# אויפן צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס

צום ציוניסטישן קאָנגרעס קיין באַזעל איז שלום־עליכם אַרויסגע־פאָרן מיט דער גאַנצער פאַמיליע, ווי אויף אַן אייגענעם גרויסן יום־טוב, צו וועלכן מע האָט זיך געגרייט עטלעכע וואָכן פריער. הגם ניט ער אַליין, ניט זיינע דערוואַקסענע קינדער האָבן זיך געפילט ווי אייגענע מענטשן אין שייכות צום ציוניזם.

אמתע ציוניסטישע מאָמענטן האָט שלום־עליכם געהאַט פאַר זיין לעבן נאָר צוויי: אין די אַכציקער יאָרן, ביים ראָמאַנטישן באַגינען פון „חיבת־ציון" (ווי ס'איז צו זען פון זיינעם אַן אַלטן בריוו צו י. ח. ראַוור־ניצקין, ווי אויך פון זיין דערציילונג „אויף ישוב ארץ־ישראל", וואָס ער האָט שפּעטער געביטן זיין נאָמען אויף „זעליג מעכאַניק"), און שפּעטער, אינעם סוף פון די ניינציקער יאָרן, ביים באַרוישנדיקן אויפ־שווונג פונעם פּאָליטישן ציוניזם, מיט הערצלס דערשיינען אַלס מאָ־דערנער משיח. דער צווייטער שטאַרקערער מאָמענט האָט שלום־עליכמען אָנגעוואַרעמט צו שרייבן זיינע צוויי ציוניסטישע דערציילונגען „משיחס צייטן" און „משוגעים" — וועלכע ער האָט אָבער ניט פאַרענדיקט. (אַגב, „משוגעים", אַ ציוניסטישע אוטאָפּיע, האָט זיך געדרוקט אין דעם אָפּי־ציעלן ציוניסטישן אָרגאַן אויף יידיש „די וועלט", און ס'איז דאָ אַ השערה, אַז דאָס האָט הערצלען אַרויפגעבראַכט אויפן געדאַנק צו שרייבן שפּע־טער זיין אוטאָפּיע „אַלטניילאַנד"). ער האָט דעמאָלט אויך פאַר־עפנטלעכט זיינע ציוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע־העפטן: „דער ציוניסטישער קאָנגרעס אין באַזעל", „אויף וואָס באַדאַרפן יידן אַ לאַנד?" און „צו מיינע שוועסטער אין ציון". אום צו באַטאָנען דעם פּערזענלעכן סענ־טימענט פון זיינע ציוניסטישע סימפּאַטיעס, האָט ער דאָס לעצטע העפט געווידמעט זיינע קינדער: „לזכרון מיינע ליבע קליינע טעכטער: אסתר,

שרה, נעמי און מרים" (די העברעאישע נעמען פון די טעכטער טיסי, ליאַלי, עמאַ און מאַרוסי זענען דאָ אויך געצייכנט געוואָרן מיט אַ נאַציאָנאַל־פּאַטריאָטישער כוונה).

די לעצטע יאָרן, מיט דער ירידה פונעם פּאָליטישן ציוניזם נאָך הערצלס טויט, איז שלום־עליכם אָפּגעקילט געוואָרן צו די ציוניסטישע האָפענונגען. דער גרויסער חלום פון אויסלייזונג, פון ווערן צוריק אַ פאָלק מיט לייטן גלייך, איז באַגרענעצט געוואָרן מיט קליינע פּראַקטישע טוּאונגען אין ארץ־ישראל — און דאָס האָט שוין מער ניט גערייצט די פאַנטאַזיע. עטלעכע צענדליק יידישע קאָלאָניעס, אַ העברעאישע גימנאַזיע פאַר אויסדערוויילטע באַלעבאַטישע קינדער, אַ העברעאיש גאָרטן־שטעטל אויפן ברעג ים־התיכון פאַר פאַרמעגלעכע העברעער אויף דער עלטער, וווּ אייגענע מענטשן קאָנען זיך אַמאָל דורכפאָרן אויף אַ לוסטרייזע, — מאַכטייסע, ס'איז אַ גאַנץ שיינער אויפטו פאַר יידן. כתרילעווקע און יעהופּעץ וועלן אָבער דערפון אַנדערש ניט ווערן, מנחם־מענדל בלייבט נאָך אַלץ הענגען אין דער לופטן מיט זיינע לופט־געשעפטן. נאָך מער: שלום־עליכם האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער איבערגעצייגט, אַז די כתרילעווקער און יעהופּעצער לייט ווילן ניט וויסן פון ארץ־ישראל, קוקן אויף די ציוניסטן ווי אויף ספּאָדעק־דרייער, — און אַלס איינער פונעם פאָלק, וואָס האָט אויסער די גרענעצן פון זיין קינסטלערישער הערשאַפט ניט געהאַט די אַמביציע אויפצוהייבן זיך העכער איבערן פאָלק און אויסצוזען שענער און קליגער פון אים, איז ער אויך דערפון ניט־ווילנדיק באַאיינפלוסט געוואָרן.

ניט געקוקט דערויף, האָט מען אים אין די ציוניסטישע ספערן נאָך אַלץ געהאַלטן פאַר אַן אייגענעם און אַ נאָענטן. די אַמעריקאַנער ציוניסטן האָבן אים אין יאָר 1907 אַפילו געוויילט צווישן זייערע דעלעגאַטן צום קאָנגרעס. „די וועלט", דער אָפיציעלער ציוניסטישער אָרגאַן אויף דייטש, פלעגט ביי אים נעמען אַ קאָפּיע פון זיינע נייע יום־טובדיקע דערציילונגען פאַר אַ דייטשער איבערזעצונג, און ביי אַ נייער ציוניסטישער אַקציע פלעגט מען ביי אים אָפט באַשטעלן פאַרן יידיש־לייענענדיקן עולם אַ פּראָפּאַגאַנדע־אַרטיקל, וואָס פלעגט געוויינלעך גיין אַנאָ־

נים, אָן זיין נאָמען. אַזוי האָט דאָס ציוניסטישע הויפּט־ביוראָ אויך איצט, פאַרן צענטן קאָנגרעס, אים געבעטן אָנשרייבן אַן אויפרוף וועגן דעם הערצל־וואַלד, וואָס מע האָט דעמאָלט געפלאַנצט אין ארץ־ישראל (אויב איך האָב קיין טעות ניט, האָט ער דעם האָנאָראַר דערפון אַוועק־געגעבן אויפן זעלבן הערצל־וואַלד). שלום־עליכם פלעגט דאָס טאָן זייער גערן און פלעגט געפינען דעם וואַרעמען אויפריכטיקן פאָלקסטאָן פאַר אַזעלכע אויפרופן. מע קאָן אפשר אין דעם זוכן די אייגנשאַפט פונעם גוטן אַרטיסט, וואָס צינדט זיך אָן מיט אויפריכטיקייט פון יעדער גוטער, כאָטש פרעמדער ראָל. אין דער אמתן, איז אָבער די ראָל דאָ געווען ניט אינגאַנצן קיין פרעמדע פאַר שלום־עליכמען: דער ציוניזם האָט זיך שוין געהאַט אַיינגעבירגערט אין דעם וואָכעדיק־געוואָרענעם יידישן לעבן, ווי אַ שטיק יידישע יום־טובדיקייט, ווי אַ נייע „נשמה יתירה" פאַרן אָפּגעשוואַכטן מאָדערנעם יידנטום, און אַלע ווענן, וואָס האָבן געפירט צו יום־טובדיקער געהויבנקייט ביי יידן, זענען געווען ליב שלום־עליכמס מילדן, איינפאַכן, ניט־געקליגלטן האַרצן. די אייגענע באַציאונג צו פייער־לעכע מאָמענטן אינעם יידישן לעבן, הגם אין אַ שוואַכערער, ווייניקער אינטימער פאָרם, האָבן פון אים איבערגענומען אויך די קינדער — אויס קינדערשער ליבשאַפט און פאַרערונג צום פאָטערס סענטימענטן. און אַז מען איז איצטער געפאָרן צוזאַמען מיטן פאָטער צום ציוניסטישן קאָנג־רעס, האָט מען זיך געפילט אין דער זעלבער פריילעך־געהויבענער יום־טובדיקער שטימונג, ווי אַשטייגער ערב פסח פאַרן סדר.

דער צענטער ציוניסטישער קאָנגרעס האָט זיך טאַקע אַרויסבאַוויזן ווי אַ גרויסער, געהויבענער, באַרוישנדיקער יידישער יום־טוב. ס'איז געווען אַ יובילעי־קאָנגרעס, און כאָטש מע האָט שוין מער ניט געוואַרט אויף פּאָליטישע ישועות און איבעררעאַשונגען, ווי אין הערצלס טעג, זענען אָבער די מענטשן געווען גליקלעך דערמיט, וואָס נאָך אַלע שטרויכ־לונגען און צווייפלונגען האָט מען שוין דערלעבט, גאָט צו דאַנקען, אַ קאָנגרעס צום צענטן מאָל — אַ סימן, אַז דער ציוניזם איז געקומען אויף דער וועלט צו פאַרבלייבן. לכבוד דעם יובילעי זענען זיך צוזאַמענ־געפאָרן פון פאַרשיידענעווינקלען פון דער ערד דעלעגאַטן, ציוניסטישע

געסט און סתם יידן, יונגע און אַלטע, רייכע און אָרעמע, פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע, פון דעם ציוניסטישן סאָציאַליזם און פון דער אינטעליגענץ — און די אָפענע זומערדיקע וועראַנדעס פונעם גרויסן קאַפע־רעסטאָראַן ביי דעם באַזעלער „קאַזינאָ" האָט פריילעך־פאַרטויבנד געהודיעט פון אַ טויזנט־קעפּיקן יום־טובדיקן יידישן עולם.

די הויפּט־שמחה איז געווען ערב דעם קאָנגרעס, בעת צום שוין־געפּאַקטן, רוישנדיקן קאַזינאָ־קאַפע זענען געלאָפן נאָכאַנאַנד דראָזשקעס, געבראַכט פונעם באַנהויף, מיט די פעקלעך און וואַליזעס, אַלץ נייע און נייע געסט, וועלכע זענען באַגעגנט געוואָרן פון זייערע באַקאַנטע מיט פריידיקע אויסגעשרייען. רוסישע באָרדיקע ציוניסטן זענען געפאַלן איינע די אַנדערע אויף די העלדזער, זיך געשמאַק געקושט צו צוויי מאָל, אויפן עכט־רוסישן שטייגער, אין ביידע באַקן. אַ באַזונדערן קבלת־פּנים האָט באַקומען די קליינע ארץ־ישראלדיקע דעלעגאַציע, צום מיינסטן לערער און שריפטשטעלער, אַלע מיט שוואַרץ־אָפּגעברענטע פּנימער, אויסגעגליטע אויף די הייסע זאַמדן פון דעם נאָר־וואָס אויפגעשפּראָצטן שטעטל תל־אָביב. עס האָבן זיך באַוויזן אויך גרופּעס העברעאישע און יידישע שרייבער, אַזעלכע וואָס האָבן אַ שייכות צום ציוניזם, און אַזעלכע וואָס האַלטן זיך פון וויטן, צווישן זיי — נאָמבערג, שניאור, ניגער... בן־עמי, אַ פאַרעלטערטער פאַר די עטלעכע יאָר, וואָס מיר האָבן אים ניט געזען, אין גאַנצן ווייס, אין אָרעמער קליידונג, איז אַרומגעגאַנגען אַ באַרוישטער, אַ פאַררויטלטער, ווי פריילעך־דערשלאָגן פון דעם, וואָס ער האָט פלוצעם דערזען אַזויפיל יידן נאָך זיין איינזאַם־טרויעריקן לעבן צווישן גויים אין זשענעווע. די סענסאַציע פונעם קאָנגרעס איז געווען, וואָס אחד־העם איז אויך דאָ. פערצן יאָר נאָכאַנאַנד, זינט דעם ערשטן קאָנגרעס, האָט אחד־העם שאַרף באַקעמפט דעם פּאָליטישן ציוניזם, קעגנעריש אויסגעמיידט די ציוניסטישע קאָנגרעסן, און איצט איז ער געקומען. אמת, געקומען איז ער ניט ווי אַן אָנטיילנעמער, נאָר ווי אַ באַאָבאַכטער, אָבער פאָרט געקומען! דער בעסטער באַווייז, אַז דער ציוניזם הייבט זיך אָן דערנעענטערן צו זיין שיטה — די שיטה פון אַ באַגרענעצטן „גייסטיקן צענטער" אין ארץ־ישראל. דערווייל האָט

נאָך קיינער אחד־העמען ניט געזען, נאָר אברהם אליהו לובאַרסקי, אַ גליקלעך־פאַרשמאַיעטער, אַ ליכטיק־פאַרשוויצטער, מיטן שטעקן אַרויפ־געהאַנגען אויף דער האַנט און מיטן פאַנאַמע־הוט אַראָפּגערוקט אויף איין אויער, איז אַרומגעלאָפן פון איין טיש צום אַנדערן און אָנגע־זאָגט זיינע גוטע פריינד די פריילעכע בשורה: ער איז דאָ, דער רבי איז דאָ, ער האָט אים מיט גאָטס הילף אַהער געבראַכט!

אויף מאָרגן פרי איז דער קאָנגרעס געעפנט געוואָרן ביי אַ פול־געפאַקטן גרויסן זאַל, באַזעצט קאָפּ אויף קאָפּ, פון אונטן ביז אויבן, מיט אַ פייערלעך־געשטימטן שוואַרץ־געקליידטן עולם. די אָרדענונג און די שטילקייט האָבן פאַרטיפט דעם פייערלעכן מאָמענט — דערויף האָבן אַכטונג געגעבן ערנסטע און פינקטלעכע אָרדענונג־היטער, יידיש־דייטשע סטודענטן. פאַר דעם, וואָס האָט בייגעוווינט אַ ציוניסטישן קאָנגרעס צום ערשטן מאָל, איז דאָס געווען אַ זעלטענער יידישער ספּעקטאַקל. כאָטש ס'איז געווען פרימאָרגן, האָט אין דער פאַראייניקטער שטילקייט פאַרן געדאַנק געשוועבט דער טיפער פחד פון די אַמאָליקע כל־נדרי־נעכט אין דער ווייטער קינדהייט: קינדער פון אַ צעזייטן געיאָגטן פאָלק האָבן זיך אויף אַ מאָמענט פאַראייניקט אין איינס. אויף דער ברייטער, רחבותדיקער, באַצירטער טריבונע, איבער וועלכער עס האָט טראַגיש אַראָפּגעקוקט הערצלס גרויסער פאָרטרעט מיטן טיף־טרויעריקן חלום אין די אויגן, זענען אַרויפגעקומען איינער נאָכן אַנדערן די מיטל־יעריקע ציוניסטישע פירער, מיטן גרייז־גרויען מאַקס נאָרדוי פאָראויס, אַלע מיט שטילן, איינגעהאַלטענעם, פייערלעכן טראָט, ווי עס קומען־אַרויף צום אָרון־קודש די אויסדערוויילטע פון דער געמיינדע אַרויסנעמען די ריינינקייטן פאַר כל־נדרי. מיט אונדז צוזאַמען איז געזעסן וויקטאָר מאַנ־דעלבערג, שלום־עליכמס דאָקטאָר פון נערווי, דער געוועזענער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער דעפּוטאַט פון סיביר אין דער צווייטער רוסישער דומע. ער איז געקומען מיט שלום־עליכמען אויפן קאָנגרעס, ווי אַ גר, געוואָלט זיך באַקענען מיט מאָדערנע יידישע פּראָבלעמען, און איז געזעסן, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אַ פאַרגאַפטער, אַ דורכגענומענער פון אַ נייעם ציטער — דער בירושהדיקער ציטער פון אַלטע דורות.

נאָך די פייערלעכע רעדעס פון דוד וואָלפסאָן, דעם פּרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, און פון מאַקס נאָרדוי, און דער־הויפּט אויפן צווייטן טאָג, נאָך נחום סאָקאָלאָווס העברעאישער רעדע, ביי וועלכער די ציוניסטישע עם־הארצים — העכער דריי פערטל פונעם קאָנגרעס — האָבן זיך שטילערהייט אַרויסגעגנבעט אין דרויסן, איז די כל־נדרי־שטימונג געפאַלן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די געשעפטלעכע זיצונגען מיט די נודנע דרשות פון די פּראָווינציעלע דעלעגאַטן מיט די טענות פון די מזרחיסטישע רבנים קעגן „קולטור״, — און אונטן אין זאַל האָט אָנגעהויבן ווערן וואָס ווייטער אַלץ שיטערער, ווי יום־כיפּור אין שול נאָך „ונתנה־תוקף״, בשעת „פּיוט״ זאָגן, ווען דער יינגער־רער פרייער עולם אין די נייע טליתים לאָזט זיך אין פאָליש אַריין אָפּכאַפּן דעם אָטעם. איצט איז דער גאַנצער אינטערעס פונעם קאָנג־רעס אַריבערגעגאַנגען אין דעם קאַזינאָ־קאַפע, ווו עס האָט זיך שטאַרק געררודערט, ווי אויף אַ יידישן יאַריד. ביי די געדיכט־באַזעצטע טישלעך האָט שעמערירט פאַר די אויגן אַ פאַרשיידנפאַרביקער געמיש פון אַלערליי פאַרשוינען — ביז רייכע יעהופּעצער און וואַרשעווער דאַמען, וואָס זענען אַראָפּגעקומען מיט זייערע טעכטער פון די וואַרעמבעדער כאַפּן אַ קוק ־אויפן בייז ווונדער, וואָס הייסט „ציוניסטישער קאָנגרעס״, און ביז ניימאָדישע לאַנד־שדכנים, וואָס האָבן דאָ געזוכט חתנים פאַר די טעכטער פון די דאָזיקע רייכע דאַמען. (שלום־עליכם, אין זיין סעריע „מאַריענבאַד״, וואָס ער האָט דעמאָלט געשריבן פאַרן „היינט״, האָט דאָס פאַרצייכנט. איינער אַ שדכן באַקלאָגט זיך דאָרט פאַר זיין קליענטין, אַ מוטער פון אַ דערוואַקסענער טאָכטער, אויף דייטשמערישן לשון, אַז „דער גרעסטער טייל געסטע צום צענטן ציוניסטן־קאָנגרעס באַשטייט פון מענער, וועלכע ליידער שוין לאַנג פאַרהייראַטעט זינד, דען אונ־פאַרהייראַטעטע גיעבט עס ליידער ניכט אונטער דען ציוניסטען״...)

דאָ, ביי די קאַפע־טישלעך, איז דער צענטער פון אויפמערקזאַמקייט געווען שלום־עליכם. די גאַנצע צייט איז ער געזעסן אַרומגערינגלט פון אַ היפשן געזעמל — שריפטשטעלער, קיעווער פריינד און סתם יידן,

באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע. יעדער פאַרבייגייער האָט געהאַלטן פאַר זיין פליכט זיך צוזעצן צו שלום־עליכמס טישל אַ ביסל שמועסן, אָדער, צום ווייניקסטנס, שטייענדיק צולייגן אַן אויער, טאָמער וועט גאָט העלפן, מע וועט כאַפּן פון אים עפּעס אַ „שלום־עליכמדיק" ווערטל. נאָך אַ טישל איז דאָ געווען, וואָס האָט צו זיך געצויגן אַ סך הערצער פונעם עולם — דאָס טישל, ווו אחד־העם איז געזעסן אין די אַנטראַקטן, בשעת דער קאָנגרעס האָט ניט געאַרבעט. צו אחד־העמען האָט אָבער ניט יעדערער געוואַגט צוגיין — אים האָט מען מערסטנס באַוווּנדערט פון דער ווייטן. און מיט די אויסדערוויילטע, וואָס האָבן זוכה געווען מיט אים צו זיצן, האָט ער אויך ווייניק גערעדט. ער האָט געקוקט אויף זיי דורך דעם פּענסנע מיט אַ קוים־מערקבאַרן אומצוטרוילעכן שמייכל, אויפן שטרענג־קלוגן אַסקעטישן פּנים האָט געשפּילט אַ לייכטע נערוועזע פאַרב, און ער האָט מער געהאָרכט ווי גערעדט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז נאָך אַלע זאַכן פילט ער זיך אויפן קאָנגרעס דאָך ווי אויף אַ פרעמדער חתונה.

מיט שלום־עליכמען האָט זיך אחד־העם באַגריסט העפלעך־צוריק־געצויגן, אַזוי אַז מע האָט געקאָנט מיינען, אַז דאָס טרעפן זיי זיך צום ערשטן מאָל אין לעבן. און ס'איז זייער מעגלעך, אַז ביז דעמאָלט האָבן זיי טאַקע ניט געהאַט דעם ווילן, אָדער די געלעגנהייט, נאָענט צוצוקומען איינער צום אַנדערן, הגםביידע זענען אַ צייט געזעסן אין איין שטאָט — אין אָדעס. שלום־עליכמס נאָענטע אָדעסער פריינד, וואָס זענען אויך געווען אינטימע פריינד פון אחד־העמען, געדענקען ניט, אַז צווישן ביידן זאָל געווען זיין אַ וועלכע־עס־איז קאָלעגיאַלע שייכות. דאָס זענען געווען צוויי באַזונדערע וועלטן, וואָס האָבן ניט געהאַט צווישן זיך קיין שום באַריר־פּונקט. אחד־העמס אַריסטאָקראַטישער, אויבער־יידישער העברעאיזם האָט אויסגעשלאָסן יעדע הויך־ליטעראַרישע דערשיינונג אויף „זשאַרגאָן" — ער האָט זיך מיט אַזעלכע דערשיינונגען ניט געוואָלט אינטערעסירן. און שלום־עליכמס ברייטע פאָלקסטימלעכקייט האָט בטבע ניט געקאָנט פאַרטראָגן אַזאַ פּריצישן, אַנטי־פאָלקישן, כמעט גוישן אַריס־טאָקראַטיזם. אַזעלכע באַציאונגען האָבן געמוזט ברענגען דערצו, אַז יעדערער פון זיי ביידן האָט ניט געוווּסט די אמתע גרויסע אייגנשאַפטן

פון דעם אַנדערן. איך האָב געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז שלום־עליכם האָט אחד־העמען כמעט ניט געלייענט; אויב ער האָט יאָ עפּעס געלייענט פון אים, איז דאָס געווען מסתמא פון זיינע ערשטע אַרטיקלען, וואָס האָבן אויפגערודערט די „חובבי־ציון" פון יענער צייט. דאָס אייגענע האָט פּאַסירט מיט אחד־העמען: ער האָט פון שלום־עליכמס שרייבן געהאַט זייער אַ שוואַכן באַגריף — ביז עטלעכע יאָר פאַר זיין טויט. אויב ער האָט אין די מיטעלע יאָרן עפּעס געלייענט פון שלום־עליכמען, איז דאָס נאָר געווען דורך אַ צופאַל. און דער צופאַל האָט אים מערסטנס געבראַכט צו לייענען אַזעלכע זאַכן, וואָס זענען געשטאַנען נידעריקער פון שלום־עליכמס קינסטלערישער ווערדע. פון אחד־העמס פּובליקירטע בריוו איז צו זען, אַז אַלס גייסטיקער משגיח איבערן וואַרשעווער פאַרלאַג „אחיאסף" האָט ער געהאַט שאַרפע טענות צו די פאַרוואַלטער, למאי זיי האָבן געדרוקט שלום־עליכמס אויבנדערמאָנטע ציוניסטישע העפטן, וואָס זענען געשריבן „פאַר קעכינס". דערביי האָט ער געהאַט פאַרדראָס, וואָס דאָס העברעאישע העפט וועגן דעם ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, וועלכעס איז געווען געשריבן פון הערצלען אַליין (אויף דייטש, פאַר אַ העברעאישער איבערזעצונג), איז פאַרקויפט געוואָרן נאָר אין דריי טויזנט עקזעמפּלאַרן, און שלום־עליכמס יידיש העפט אויף דערזעלבער טעמע איז זיך צעגאַנגען אין זיבן און צוואַנציק טויזנט עקזעמפּלאַרן... עס איז ביי מיר כמעט ווי זיכער, אַז אויסער יענע העפטן און נאָך עטלעכע זאַכן אינעם „יוד" (ווי עס איז דייטלעך פון אחד־העמס אַ בריוו צו ראַווניצקין), האָט אחד־העם פון שלום־עליכמען גאָרנישט ניט געלייענט. ערשט אויף דער עלטער, אויסלעבנדיק זיינע לעצטע יאָרן אין תל־אביב, האָט ער זיך פלוצעם פאַראינטערעסירט מיט שלום־עליכמען און אָנגעהויבן לייענען זיינע ווערק אויף יידיש — און האָט זיך שוין פון זיי ניט געקאָנט אָפּרייסן. אויף דער עלטער האָט אחד־העם אָנגעהויבן לאַכן מיט שלום־עליכמס געלעכטער, פילן דעם גרויסן גענוס פון לייענען שלום־עליכמען אין דער פאָלקס־שפּראַך!... ער האָט זיך מודה געווען פאַר זיין אינטימען פריינד י. ח. ראַווניצקי, וועלכער איז געווען זיין טעגלעכער פאַרלייענער פון

שלום־עליכמס ווערק, אַז ער האָט זיין גאַנץ לעבן גאָרניט געוווסט, וואָס פאַר אַ קראַפט עס שטעקט אין שלום־עליכמען!

איצט אויפן קאָנגרעס, אין דעם קאַזינאָ־קאַפע, האָב איך שוין איינמאָל דערזען ביי איין טישל אחד־העמען צוזאַמען מיט שלום־עליכמען, און אַ דריטן צו זיי — דעם הויפט פון דער פירמע וויסאָצקי. די ראָל פון אַ פאַרמיטלער האָט דאָ, פאַרשטייט זיך, געשפילט אברהם אליהו לובאַרסקי, וועלכער איז געווען דער פערטער.

לובאַרסקי האָט אויפן קאָנגרעס, אַחוץ טויזנטער אַנדערע זאַכן, געטראָגן אויפן קאָפּ אויך זיין גרויסן פּלאַן, וואָס ער האָט געבראַכט פונעם שיף קיין באַדענוויילער: אַז שלום־עליכם זאָל זיך אַוועקזעצן שרייבן אַ חובב־ציוניסטישן ראָמאַן אויף וויסאָצקיס חשבון. ער האָט זיך דאָ אָבער אַרומגעזען, אַז עס דאַרף נאָך נעמען צייט, ביז מע וועט קאָנען צוטרעטן צום עניין. עס פּאַסט דאָך ניט פּלוצעם, אינמיטן דערינען, אַריינצופאַלן צו וויסאָצקין מיט אַ פאָדערונג: „באַהאַטעי זשיד, דאַוואַי הראָשי!" (רייכער ייד, גיב געלט!). מע מוז פריער פאַוואָלינקע, מיט דיפּלאָמאַטיע, צוגרייטן דעם באָדן. ראשית חכמה, דאַרף מען באַקענען וויסאָצקין מיט שלום־עליכמען — לאָז וויסאָצקי זען, אַז „שלום־עליכם" שטייט ניט נאָר אין סידור, נאָך קבלת שבת, נאָר אַז ס'איז אַ לעבעדיקער מענטש מיט ביינער. אַגב, האָט אים וויסאָצקי אַליין שוין געבעטן, ער זאָל אים באַקענען מיט שלום־עליכמען. מע האָט אים דאָ אויפן קאָנגרעס דערציילט, אַז שלום־עליכם האָט אים היינטיקן זומער פּאָפּולער געמאַכט ביי יידן דורך אַ ווערטל „פריער גאָט, דערנאָך וויסאָצקי" (אין דעם מאָנאָלאָג „גיטל פורישקעוויטש"), — וויל ער קענען פערזענלעך דעם דאָזיקן באַרימטן שלום־עליכם. וויבאַלד אַזוי, האָט שוין גאָט אַליין געהייסן, אַז אחד־העם, וואָס איז וויסאָצקיס פאַרטרעטער אין לאָנדאָן און זיין גייסטיקער בעל־השפעה, זאָל אויך זיין דערביי. זאָל דער קאָנגרעס זען אַזאַ זעלטענע באַגעגעניש פון דריי יידישע גדולים, יעדערער גרויס אין זיין פאַך, און זאָלן יידן הנאה האָבן!...

אויף מאָרגן נאָך דער באַגעגעניש איז לובאַרסקי געקומען מיט אַ וויכטיקן פאַרסודעטן פּנים: ס'איז אָלראַיט! שלום־עליכם האָט שטאַרק

אויסגענומען ביי וויסאָצקין, אַזוי אויסגענומען, אַז לכבוד דער באַקאַנט־שאַפט וויל וויסאָצקי מאַכן שלום־עליכמען אַ מתנה צום גוטן אָנדענק, און דורכצופירן די זאַך האָט ער איבערגעגעבן אים, לובאַרסקין אַליין, בסוד־סודות. נאָר אַזוי ווי לובאַרסקי איז אַן אָפּענער מענטש, וואָס האָט פיינט סודות, און אַחוץ דעם איז ער אין דעם ענין פון מתנות אַ גרויסער עם־הארץ, — על כן גיט ער שלום־עליכמען אַ האַלבע שעה צייט אויף צו טראַכטן: וואָס פאַר אַ מתנה, אַשטייגער, וועט ער זיך הייסן געבן?

שלום־עליכם האָט לאַנג ניט געטראַכט. ער האָט באַלד געזאָגט: „אַ זייגערל"...

מתנות האָט שלום־עליכם ליב געהאַט ניט נאָר צו געבן, נאָר אויך צו באַקומען — אַבי נאָר עפּעס רעכטס און אַבי נאָר פון אַ פאַרערער, אַלס ממשותדיקן אויסדרוק פון פאַרערונג צו אים. נאָר אַזוי ווי קיין סך פאַרערער, וואָס זאָלן געבן שרייבער מתנות, איז ביי יידן ניט פאַראַן, פלעגט זיך שלום־עליכם אַליין קויפן מתנות, פון זיין אייגענעם טאַשן־געלט, וואָס ער פלעגט זיך אַראָפּנעמען „מעשר" פון זיינע ליטעראַרישע פאַרדינסטן. ער האָט געהאַט אַ באַזונדערע שוואַכקייט צו פיינע יוועליר־זאַכן: צו גאָלדענע קייטעלעך, ברעלאָקלעך, אויסטערלישע זייגערלעך. ער פלעגט אָפּט מיטנעמען צו אַ יוועליר־געשעפט איינע פון זיינע טעכטער, צופירן צום שוי־פענצטער און אָנווייזן אויף עפּעס אַן אַנטיקל: אָט דאָס מוז ער קויפן, ווען עס וועט זיין געלט. ער פלעגט דערפון ביים טיש ריידן מיט דער טאָכטער פאַרשטעלט, ווי פון אַ מיסטעריעזער זאַך, וואָס נאָר זיי ביידע וויסן, דערביי באַצייכענען די זאַך אין סענטימענטאַל־הומאָריסטישן טאָן: „דער חלום פון מיין לעבן". גאַנץ אָפּט, אַז דער „חלום" פלעגט פאַרווירקלעכט ווערן, פלעגט ער זיך מיט אים אַ ביסל אָנשפּילן און אַוועקשענקען איינעם פון די קינדער.

אַזאַ „חלום פון זיין לעבן" האָט ער דאָ ניט לאַנג דערזען טאַקע ביי לובאַרסקין אַליין: אַ זעלטענעם שווייצאַרישן טאַשן־זייגער. דאָס איז אָבער געווען אַ צו טייערער חלום: ער האָט געקאָסט גאַנצע טויזנט פראַנק. מע האָט דאָס געמוזט אָפּלייגן אויף גאָר גוטע צייטן. האָט

אָבער דאָס מזל צוגעשפּילט אומגעריכט — לובאַרסקי איז געוואָרן דער שליח פון וויסאָצקין.

פון דעם צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס איז שלום־עליכם צוריקגע־קומען אַהיים אַן אָפּגעפרישטער פון אַזוי פיל באַגעגענישן מיט גוטע פריינד, אַן אָנגעלאָדענער מיט נייע אַיינדרוקן, דערצו נאָך מיט אַ פּרע־מיע — מיט אַ מאַסיוון גאָלדענעם זייגער אין קעשענע. דאָס איז געווען אַזאַ מין זייגער, וואָס האָט יעדע פערטל שעה און יעדע שעה ווונדערלעך אויסגעשפּילט אַ גאַנצע מעלאָדישע גאַמע.

אַז ביי שלום־עליכמען פלעגט דערנאָך זיצן אַ גאַסט — פלעגט יענער פלוצעם דערהערן, ווי אַזוי פון שלום־עליכמס וועסטל־קעשענע שפּילט־אַרויס אַ פיינע קאָמפּאָזיציע פון צאַרטע מוזיקאַלישע קלאַנגען. שלום־עליכם פלעגט דערביי זיך מאַכן ניט־הערנדיק, נאָר אומבאַמערקט וואַרפן אויפן גאַסט אַ נייגעריק־פאַרשנדיק שמייכל: אַנו, פון וואַנען, אַשטייגער, מיינט יענער, קומען אָט די קלאַנגען ?...

## כג
## די צייטונג „שלום־עליכם"

אויפן צענטן ציוניסטישן קאָנגרעס האָט געזאָלט באַשטימט ווערן דער גורל פונעם „העולם", וואָס איז זינט דעם „אָביסק" ביים רוסלענדישן צענטראַל־קאָמיטעט אין ווילנע געבליבן הענגען אין דער לופטן. עס האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז די לאַגע פון דעם העברעאישן וואָכנבלאַט איז גאָרניט קיין זיכערע. די רוסישע ציוניסטן האָבן פאַרלאַנגט, אַז מע זאָל דעם „העולם" אַריבערפירן צוריק קיין בערלין, וואָרעם ביי די פאַרשטאַרקטע פאַרפאָלגונגען, וואָס די ציוניסטישע באַוועגונג אין רוסלאַנד שטייט־אויס לעצטנס פון דער רעגירונג, איז געווען פאַר זיי אויסצוהאַלטן איין אָרגאַן — דעם „ראַזסוויעט" אין פעטערבורג. און די דייטשע ציוניסטן האָבן געטענהט, אַז אין דייטשלאַנד זענען נאָך דערווייל קיין העברעאישע לעזער ניטאָ — די אמתע העברעער זענען דאָך די „רוסן". פאַרמאַכן אָבער אין גאַנצן דעם „העולם", וועלכער האָט זיך די לעצטע יאָרן געשאַפן אַ גוטן נאָמען אין דער יידיש־ליטעראַרישער וועלט, האָבן סיי די „רוסן", סיי די „דייטשן" זיך געשעמט; איז ער דערווייל אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף די געדולדיקע פלייצעס פון די שטילע, ערלעכע ווילנער יידן, די ברידער גאָלדבערג, און מיר זענען צוריקגעפאָרן קיין ווילנע מיט קנאַפער זיכערקייט, אַז מיר וועלן דאָרטן קענען ווייטער בלייבן.

שלום־עליכם האָט שטאַרק חשק געהאַט אונדז צו פאַרהאַלטן ביי זיך אין אויסלאַנד. דערביי איז ביי אים געבוירן געוואָרן אַזאַ רייצנדער פּלאַן: אויב דער „העולם" וועט אַריבערגעפירט ווערן קיין בערלין, וועלן מיר אַלע זיך דאָרט באַזעצן, און אַזוי ווי די קויפמאַנס וווינען שוין אין בערלין פון פריער, וועט עס זיין „חדש ימינו כקדם" — די גאַנצע פאַמיליע ווידער אינאיינעם. אונדז האָט זיך אָבער ניט געגלוסט שטעלן

אין קאָן אונדזער זעלבסטשטענדיקע לאַגע צוליב דעם דאָזיקן פּלאַן, ווי ליכטיק ער האָט ניט אויסגעזען (בפרט פאַר מיר מיט מיין ניט־זיכערן פּאַספּאָרט אין רוסלאַנד). אויסער דעם, האָט שלום־עליכם אַליין נאָך ניט געוווסט פאַר קלאָר, וווהין ער וועט היינטיקן ווינטער מגולגל ווערן. זיך באַזעצן ווידער אַמאָל אין נערווי אויף אַ פערטן ווינטער־סעזאָן האָט זיך קיינעם פון דער פאַמיליע ניט געוואָלט. ס׳איז קיין תכלית ניט פאַר יונגע קינדער אייביק צו לעבן אין אַן אַטמאָספער פון צונויפגעפאָרענע קראַנקע געסט. דערצו איז דער מיזיניק נומאַ שוין אונטערגעוואַקסן, דערגרייכט שול־עלטער, און שלום־עליכמען איז אויס־געקומען משונה פרעמד, ער זאָל זיין זון שיקן אין אַ איטאַליענישער שול, דערציען אים ווי אַן איטאַליענער. אויך די דאָקטוירים האָבן גע־ראָטן, אַז שלום־עליכם דאַרף זיך ביסלעכווייז אָפּגעוויינען אין די ווינטער־חדשים פון דעם וואַרעמען איטאַליענישן קלימאַט, אויב ער האָט בדעה אַמאָל זיך אומקערן קיין רוסלאַנד. איז געבליבן, אַז דערווייל פאָרט מען איבער פון באַדענווייל ער קיין מאָנטרע — אין דעם מילדן ווינטער־קוראָרט אין דער פראַנצויזישער שווייץ, ווו דער קלימאַט איז געמעסיקט, באַשיצט פון קאַלטע ווינטן דורך די אַרומיקע הויכע אַלפּן־בערג.

אין דעם פּרעכטיקן מאָנטרע האָט שלום־עליכם אַרום זיך ניט געהאַט קיין יידישע קראַנקען־קאָלאָניע, ווי אין נערווי. מאָנטרע איז ניט קיין קוראָרט פאַר יידן, נאָר צום מייניסטן פאַר ענגלענדער און אַמעריקאַנער. פון דעסטוועגן פלעגט שלום־עליכם, אין זיין איינזאַמער טאָג־טעגלעכ־קייט, אָפּט דערפרישן דאָס האַרץ מיט אַ יידישן גאַסט, וואָס פלעגט קומען צו אים קיין מאָנטרע מיט אַ ספּעציעלן וויזיט. אַזוי האָט אים יענעם האַרבסט באַזוכט דער דעמאָלט־באַוווסטער ניסעלאָוויטש, דער יידישער דעפּוטאַט אין דער רוסישער דומע, וואָס איז ניט־ווילנדיק געוואָרן דער קרבן פונעם רוסישן יידנטום, דער „שעיר לעזאזל״ אויף אויסצוהערן אַלע טאָג פון די ווילד־צעיושעטע שוואַרץ־מאהדיקע דומע־דעפּוטאַטן גיפטיקע דרשות און מיאוסע זידלערייען קעגן יידן. ניסע־לאָוויטש האָט דערציילט שלום־עליכמען אַ סך אינטערעסאַנטע זאַכן פון זיין טרויעריקער פּראַקטיק מיט יידישע ענינים אין פּעטערבורג,

און האָט, אַגב, איינמאָל אַן אָוונט אָפּגעגעבן עקזאַמען פאַר אים מיט זיין הויזגעזינד אין „פאַרלייענען שלום־עליכמען". עס איז צו שלום־עליכמען אויך געקומען באַקענען זיך דער באַקוקער נאַפּט־מיליאָנער און באַקאַנטער טעריטאָריאַליסט שמואל שרירא, וואָס האָט דעמאָלט געוווינט מיט זיין פאַמיליע אין דער נאָענטער שטאָט לאָזאַן. מיט עטלעכע יאָר צוריק, ביי זיין יובילעי, האָט שלום־עליכם אָפּגעדאַנקט שריראַן פאַר צוגעשיקטע צוויי הונדערט פראַנק מיט אַ שאַרפן איראָנישן בריוו, געשריבן פאַר־שטעלט דורך „מנחם־מענדלען". איצט האָט שלום־עליכם באַוווּנדערט דעם דאָזיקן פעאיקן און צעטראָגענעם, איינפאַכן און פאַרפלאָנטעטן, לאָגיש־דענקענדיקן און צעדרייטן „ליטוואַק", דעם גרויס־קאָמערציעלן „עילוי" מיט עילויִש־משכיליש־גבירישע אַיינפאַלן און שגעונות, וואָס האָט באַוויזן דורכצומאַכן דעם אויסטערלישן וועג פון אַ קליינשטעטלדיקן ליטווישן בית־מדרשניק ביז צו איינעם פון די גרויסע נאַפּט־מאַגנאַטן אויף קאַווקאַז. שלום־עליכם האָט זיך מיט אים באַפריינדט און ליב באַ־קומען. ס'איז געווען אַ שאַרף־אויסגעדריקטער עקזעמפּליאַר, געקנאָטן פון זיין טייג — אַ „מנחם־מענדל" פון גאָר הויכן ראַנג.

צווישן שלום־עליכמס באַזוכער אין מאָנטרע איז אויך געווען דער פּאַריזער יידישער סקולפּטאָר נומאַ פּאַטלאַזשאַן, דעמאָלט נאָך אַ יונגער־מאַן. ער איז געקומען קיין מאָנטרע אויף דער אַיינלאַדונג פון זיינעם אַ פּראָטעזשירער, אַ רייכן אַמעריקאַנער. דערהערט, אַז שלום־עליכם איז דאָ, איז ער אַריינגעקומען זיך באַקענען און אים פאָרגעלייגט מאַכן זיין פּאָרטרעט. שלום־עליכם האָט גערן פּאַר אים פּאָזירט, און אין אַ צייט אַרום האָט ער אונדז צוגעשיקט קיין ווילנע אַ פאָטאָגראַפיע פון זיך מיט זיין פאַרענדיקטן ביוסט און מיטן יונגן סקולפּטאָר דערביי. אויפן בילד זענען געווען צוויי וווּנדערלעך־ענלעכע פיגורן פון שלום־עליכמען, איינע אַ לעבעדיקע און איינע אַ ליימענע. דער וווּנדער איז באַשטאַנען ניט אַזוי אין דעם, וואָס די ליימענע פיגור איז געווען ענלעך אויף דער לעבעדיקער, נאָר וואָס די לעבעדיקע פיגור האָט אויסגעזען פּונקט אַזוי שטאָפּיש־שטיינערדיק פאַרגליווערט, ווי די ליימענע. דאָס האָט שלום־עליכם אַזוי מייסטערהאַפט־אַרטיסטיש קאָפּירט זיין אייגענעם פּאָרטרעט!

(אַגב, דער דאָזיקער ביוסט איז דער איינציקער קינסטלערישער פאַר־טרעט, וואָס איז געמאַכט געוואָרן פון שלום־עליכמען ביי זיין לעבן).

שלום־עליכם האָט תמיד אַרויסבאַוויזן באַזונדערע סימפּאַטיע צו טאַלאַנטירטע יידישע מאָלער און סקולפּטאָרן, דערהויפּט צו אַזעלכע, וואָס קומען פונעם אָרעמען פאָלק. פון דעם יונגן פאַטלאַזשאַן איז ער אַריין גאָר אין הויכער התפעלות: יענער האָט געשטאַמט פון די קישינע־ווער פּאָגראָם־יתומים. ער האָט אין דעם געזען „אַ פינגער פון גאָט", ער האָט זיין באַגייסטערונג וועגן אים אויסגעדריקט אין אַן אַרטיקל, וואָס ער האָט יענע טעג פאַרעפנטלעכט אינעם וואַרשעווער „היינט" און אינעם ניו־יאָרקער „מאָרגען זשורנאַל", אונטערן טיטל: „אַ נייער אַנ־טאָקאָלסקי".

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דער יונגער סקולפּטאָר, אַחוץ וואָס ער קנעט אין ליים, זינדיקט אין דער שטיל אויך מיט דער פּען. דאָס איז שוין שלום־עליכמען ניט אַזוי געפעלן געוואָרן. אַ יונגער טאַ־לאַנט דאַרף זיך האַלטן ביי זיינס — ניט גיין אין פרעמדע גערטנער. ער האָט איבערגעלייענט דעם סקולפּטאָרס אַ דערציילונג, געשריבן אין יידיש, און זיך אָפּגעשטעלט נאָר אויף דער שפּראַך: ער האָט דאָרטן געפונען ווילד־פרעמדע בעסאַראַבישע ווערטער, צווישן זיי איינס אַ וואָרט „בונאַי", וואָס האָט אים אויסגעזען זייער האַמעטנע. פאַטלאַזשאַן האָט אים דערקלערט, אַז „בונאַי" אויף בעסאַראַבישער יידיש הייסט „זונדל"; עס נעמט זיך פון דעם העברעאישן „בן" מיט אַ מאָלדאַוואַנישער פאַר־ענדיקונג — אַשטייגער, ווי „בנאָק" אויף אונדזער לשון. שלום־עליכם האָט דאָס וואָרט פאַרצייכנט ביי זיך אין נאָטיץ־ביכעלע און דאָס ביכעלע דערלאַנגט זיין יונגן פריינד:

— אנו, נעמט דאָס אין האַנט. אַיאָ, ס'איז געוואָרן אַ סך שווערער?

— פאַרוואָס שווערער?

— פון דעם וואָרט „בונאַי"...

אַרום יענער צייט האָט שלום־עליכם דורכגעלעבט עטלעכע וואָכן אין גרויסער אויפרעגונג איבער אַ געשיכטע מיט אַ נייער צייטונג, וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסגיין אין אָדעס. דאָס איז געווען, אייגנטלעך,

ניט קיין צייטונג, נאָר אַ צייטונגל, אַרויסגעגעבן פון אומבאַקאַנטע לייט, ניי־געבאַקענע זשורנאַליסטן. אום דאָס צייטונגל זאָל גלייך אַ נעם טאָן דעם אָדעסער עולם, האָבן די אַרויסגעבער זיך געקליגט און פאַר דעם אויסגעקליבן דעם סאַמע פאָפּולערן נאָמען ביי יידישע לעזער: „שלום־עליכם". דאָס האָט געקאָנט מאַכן דעם איינדרוק, אַז די צייטונג געהערט צו שלום־עליכמען, אָדער, לכל הפחות, אַז שלום־עליכם וועט זיין איר שטענדיקער מיטאַרבעטער, און דאָס האָט אויך געקאָנט הייסן, אַז די צייטונג גיט־אָפּ אירע לעזער אַלע פרימאָרגן סתם אַ „שלום־עליכם".

שלום־עליכם איז אין אָדעס, צווישן די גוט־אויפגעלייגטע, לוסטיקע, ווערטל־זאָגנדיקע אָדעסיטן געווען באַזונדער פאָפּולער, אַזוי פאָפּולער, אַז פלינקע אָדעסער לייט פלעגן חשק האָבן מיט דעם זיך צו באַנוצן. בשעת עס האָבן אָנגעהויבן דערשיינען זיינע ווערק אין דער רוסישער איבערזעצונג, האָט זיך גלייך געפונען איינער אַן אָדעסער ווינקלדיקער פאַרלעגער, וואָס האָט אַן שלום־עליכמס וויסן אַרויסגעלאָזט זיינע דער־ציילונגען אויף רוסיש אין קליינע ביכעלעך, וועלכע זענען זיך צע־גאַנגען, לויט ווי מע האָט גערעדט אין אָדעס, אין צענדליקער טויזנט עקזעמפּליאַרן. שלום־עליכמען האָט אָבער ניט אַזוי פאַרדראָסן, וואָס אַן אָדעסער האָט באַגנבעט זיין ליטעראַרישן אייגנטום, ווי דאָס, וואָס מע האָט איצט באַרויבט זיין ליטעראַרישן נאָמען. דער נאָמען „שלום־עליכם" איז פאַר אים געווען ניט נאָר זיין שרייבערשער פסעוודאָנים, נאָר אַ טייערע שאַפונג — אפשר די טייערסטע פון אַלע זיינע שאַפונגען. דער דאָזיקער נאָמען האָט זיך אַזוי גליקלעך צוגעפּאַסט צו זיין לעבנס־אַרבעט און זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט זיין גאַנצן וועזן, אַזוי העל באַ־שטראַלט זיין וועלט און זיין וועג צווישן מענטשן, אַז אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער און זיין נאָמען זענען איינס, ווי צוזאַמען געבוירן. ער האָט דעם נאָמען „שלום־עליכם" ליב געהאַט, ווי זיין לעבנס־דעוויז, ווי זיין ליכטיקן לעבנס־באַגלייטער. ער האָט אים מיט אַ באַזונדערן געפיל עלעגאַנט אויסגעצירקלט אויף יעדן געשריפטס, אויף יעדן ספר זיינעם, אין די יינגערע יאָרן באַשטעלט פאַר אים געצאַצקעטע שטעמפּלען, גע־דרוקט אים אויבן־אָן אויף זיינע בריוו־בלאַנקען און קאָנווערטן. זיין

פאַמיליע־נאָמען ראַבינאָוויטש איז פאַר אים מיט דער צייט געוואָרן נאָר אַ פּאַספּאָרט־נאָמען, וואָס האָט מיט זיין לעבנס־אינהאַלט ניט געהאַט קיין שייכות. אָפט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז ער איז אַפילו ניט צופרידן, טאָמער רופט אים איינער מיט זיין פאַמיליע־נאָמען — ער פילט דערביי כמעט אַ באַליידיקונג, ווי יענער וואָלט פאַרקלענערט זיין ווערט, וואָס כּעדיק געמאַכט זיין אמתע, יום־טובדיקע באַדייטונג.

דערוווּסט זיך, אַז אַ נייע אָדעסער צייטונג האָט זיך אַ נאָמען געגעבן מיט זיין נאָמען, איז שלום־עליכם געוואָרן אויסער זיך. ער האָט אַוועקגעשריבן אַ העפטיקן פּראָטעסט צו די אומבאַקאַנטע אַרויס־געבער און זיך אויך געווענדט צו זיינע אָדעסער פריינד, זיי זאָלן זיך איינשטעלן פאַרן כבוד פון זיין נאָמען. די אָדעסער פריינד האָבן זיך דערצו באַצויגן קאַלטלעך: פון וואָס אַ מענטש גייט דאָ אַרויס פון די כלים, לייגט־איין וועלטן! האָט דאָס שלום־עליכמען מאָדנע פאַרדראָסן, און ער האָט מיר געשריבן, אַז אַזוי ווי איך שטיי אין פאַרבינדונג מיט ראַווניצקין און ביאַליקן וועגן אַרויסגעבן מיינע העברעאישע איבער־זעצונגען פון זיינע ווערק אין זייער פאַרלאַג „מוריה“ — זאָל איך זיי דערפאַר קיין איין שורה ניט שיקן. לסוף האָט ער זיך באַשלאָסן אויף אַ זאַך, וואָס ער וואָלט אין אַן אַנדער צייט ניט געטאָן: ער האָט צוליב דעם ענין מטריח געווען דעם אַלטן זיידן מענדעלע מוכר־ספרים. ער האָט אים געשריבן אַזוי:

מאָנטרע (שווייץ), גראַנד רי 93.

15טן אָקטאָבער, 1911.

איך קלייב מיך שוין, זיידע, עטלעכע טעג צו אייך שרייבן, און לייג אַלץ אָפּ פון טאָג אויף טאָג. ערשטנס, ווייל איך קאָן מיך ניט אַנטשליסן קומען צו אייך פלוצעם מיט אַ בקשה. איך האָב, דאַכט מיר, קיינמאָל צו אייך ניט געווענדט זיך מיט בקשות. און צווייטנס, בין איך קראַנק, ניט פון מיין קרענק, רחמנא לצלן, נאָר פון אויפרעגונג. נערוועז רופט מען דאָס. און געקרענקט בין איך פון אַ נאַרישקייט, נאָר אַזוי שטאַרק, אַז איך קאָן מיך צו קיין זאַך ניט נעמען. אַפילו שרייבן קאָן

איך שוין אויך ניט — און דאָס איז ביי מיר אַ נייס, ווי ביי אַ גוי, להבדיל, וואָס קאָן שוין אויף בראָנפן ניט קוקן — אַ שלעכטער סימן. נאָר לאָמיר אַקאָרשט אַריבערגיין צו די „ביזנעס".

ביי אייך אין אָדעס האָט זיך פאַרגלוסט איינעם אַרויסגעבן אַ יידיש בלעטל. מחכתיתי, לאָז זיין נאָך אַ בלעטל, וועמען אַרט עס? ניין, ווילט זיך אים דאָס בלעטל אַ נאָמען געבן דווקא „שלום־עליכם". דער־הערט אַזאַ מעשה, האָב איך באַלד אַוועקגעשריבן צו ראַווניצקין און צום רעדאַקטאָר אַליין, און האָב באַקומען פון זיי ביידן בריוו, וועלכע האָבן מיך נאָך מער אויפגערעגט. דער רעדאַקטאָר מאַכט נאָך חוזק. ער זאָגט, אַז נאָכדעם ווי ער האָט באַשלאָסן אַרויסצוגעבן דאָס בלעטל מיטן נאָמען שלום־עליכם, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ס'איז דאָ אַ שרייבער שלום־עליכם... אַ מין אַסאָציאַציע פון אידעיען, משטיינס געזאָגט. אַרויס־שרייבן אַייך די מאָטיוון, פאַרוואָס דאָס איז מיר ניט אַיינגענעמען — פאַרשפּאָר איך אַייך, איר ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט. איך זע אָבער, אַז אַלע מיינע השתדלות וועלן גאָרנישט פועל זיין, ביז איר, און נאָר איר, וועט זיין אַזוי גוט און מיר קומען צו־הילף. איר דאַרפט נאָר שיקן רופן צו זיך אָט דעם רעדאַקטאָר, ער הייסט יענקעלעוויטש, זיין אַדרעס איז: פּושקינסקאַיאַ 57. צען מינוט ווען איר שענקט אַוועק פון מיינט־וועגן און רעדט זיך דורך מיט אים — איז דאָס, איך בין זיכער, געמאַכט. איך שווער אַייך בהן שלי, אַז איך בין אַזוי דערהרגעט פון דעם נאַריש־קייט, אַז איך ווייס גאָרניט ווי אַזוי איך וועל עס איבערטראָגן! איך בעט אַייך, טוט עס מיר! אייערס אַ וואָרט וועט האָבן מער ווירקונג פון אַלע איבערשרייבענישן.

מיט ליבשאַפט צו אַייך,

אייער אייניקל

שלום־עליכם.

דער זיידע מענדעלע האָט זיך מרחם געווען אויפן אייניקל, געשיקט רופן צו זיך די אַרויסגעבער פון דער צייטונג, אַריינגעטענהט מיט זיי און געפּועלט, זיי זאָלן דעם נאָמען „שלום־עליכם" שניידן אויף האַלב:

אַראָפּוואַרפן דעם „עליכם” — און זאָל די צייטונג הייסן נאָר „שלום”. און אום צו באַרואיקן דעם אויפגערעגטן אייניקל, האָט דער אַלטער, עטלעכע־און־אַכציק יאָריקער זיידע (לויט זיינע אמתע יאָרן) אָנגעשריבן אָט דאָס בריוול מיט קליינינקע, קלאָרינקע, קיילעכדיקע פּיצעלעך־אותיות:

אוי, האָט איר מיך איבערגעשראָקן, ליבער אייניקל מיינער! שטעלט אייך פאָר, איך ליג קראַנק, פאַרדולט אין בעט, לא עליכם, פּלוצעם פאַלט איר אַריין מיט אַ געשריי, אַ געבעט: גוואַלד, ראַטעוועט! „איך בין אַזוי דערהרגעט (פון אַ נאַרעשקייט), אַז איך ווייס גאָרניט, ווי אַזוי איך וועל עס איבערטראָגן”. וואָס איז? איינעם, אין אָדעס, האָט זיך פאַרגלוסט אַרויסגעבן אַ ניי בלעטל מיט אַ נאָמען — „שלום־עליכם”! נו, בכן? — ראַטעוועט! שיקט אים רופן! רופא אים! — שריי איך, קרעכצנדיק אין בעט אויף אַ פאַרדומפּטן קול פון אונטער דער קאָלדרע אַרויס. — רופן אַ דאָקטאָר! — ווערט אין שטוב אַ קאָכעניש, אַ כאַפּעניש. — ניין, אים, קרעכץ איך, יאַנקעלעוויטשן פונעם „שלום־עליכם”־בלעטל. גיכער, גיכער, וואָרים „שלום־עליכם איז דערהרגעט!” — וואָס????!!!! איר קענט אייך שוין פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַ „וואָס” דאָס איז געווען, אַ כפול־שמונה — שמונה מאָל שמונהדיקער. בקיצור, גאָרנישט. מיר האָבן זיך באַרואיקט און אויסגעשפּיגן, דריי מאָל, צי זיבן מאָל — געדענק איך שוין ניט. מען לאָזט רופן צו מיר דעם הער יאַנקעלעוויטשן און ער קומט צו מיר מיט נאָך איינעם פון דער רעדאַקציע, הער בעקער, דאַכט זיך. איך הויב אָן אַזוי און אַזוי, בקיצור, עס לאָזט זיך אויס, יאַנקעלעוויטש איז אַ גאַנץ פיינער מאַן, ער פאַרשפּרעכט מיר אין אַ צייט פון צוויי וואָכן אויסווירקן ביי „נאַטשאַלסטוואָ” דאָס בלאַט זיינס זאָל הייסן „שלום”, ניט שלום־עליכם. איך קען אייך איצט אין זיין נאָמען פאַרזיכערן, אַז מיט דעם נאָמען „שלום־עליכם” איז ער חלילה קיין שום זאַך ניט אויסן געווען. ער שעצט אייך זייער, און פאַרלאַנגט פונעם גאַנצן האַרצן, איר זאָלט אין דעם בלאַט זיינעם מיט־אַרבעטן. איר דאַרפט עס, נאָך מיין מיינונג, טאָן. זאָל זיין „שלום”! מיט דער צייט קאָן דאָס בלאַט וואַקסן, וואַקסן און טראָגן גוטע פּירות.

נו, אַצינד, ליבער אייניקל, שטייט אויף תחית המתים און נעמט זיך צו דער פען. איך האָב שוין, דאַנקען גאָט ברוך הוא, אַביסל געשוויצט און וועל אויך בקרוב קומען צו די קרעפטן, וועל אַראָפּקריכן פונעם בעט און זיך זעצן ביים שרייבטיש.

שרייבט, וואָס מאַכט איר, וואָס מאַכט אייער ווייב און די קינדער. עפּעס שמעקן מיר פון צייט צו צייט אייערע בריוולעך מיט, מיט, מיט... ווייס איך מיט וואָס? ניט עפּעס דאָס, וואָס אַמאָל. האָט קיין פאַר־איבל ניט.

איך בין אייערער ווי תמיד פונעם גאַנצן האַרצן

ש. י. אַבראַמאָוויטש.

דערויף האָט שלום־עליכם מענדעלען אַזוי געענטפערט:

ליבער געטרייער האַרציקער זיידע!

מיט וואָס עס שמעקן אייך מיינע לעצטע בריוו — ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז אייער בריוו האָט מיר געשמעקט מיט „קונדעס". אַ זיידע אַ קונדעס — דאָס איז טאַקע, כלעבן, אַ חידוש. לאָז גאָט העלפן, אונדזער זיידע זאָל נאָך לאַנג קונדעסן, אַריבערקונדעסן די אייניקלעך זיינע — וואָס זאָג איך די אייניקלעך? — די אוראייניקלעך! אַי, זיידע, זיידע, האָבן מיר זיך אָנגעלאַכט פון אייער בריוול! געזעסן ביי מיר דעמאָלט אַ שרייבער, לעטשינסקי, האָב איך געמיינט, אָט פּלאַצט ער פאַר געלעכטער. דערזען אייער האַנטשריפט, האָט ער ניט געוואָלט גלויבן, אַז דאָס שרייבט אַ זיידע. הקיצור, נעמט צו מיין דאַנק פאַר אייער טרחה, און הלואי ס'זאָל שוין טאַקע זיין „שלום", ווי איר זאָגט. און אַז איר זאָגט, איך זאָל שרייבן אין זייער „שלום", וועל איך אייך פאָלגן. איצט בין איך נאָך אַלץ אינפלוענצעדיק. — — —. שאַט! איך האָב ערשט ניט לאַנג נאָך אַ מאָל איבערגעלייענט אַלע ווערק פון מענדעלע מוכר־ספרים. איך האָב זיי נאָך זומער באַקומען פון מיין לידסקי [שלום־עליכמס פאַרלעגער. — י. ד. ב.], און איך ווייס עד היום ניט, ווען איך זאָל געבן אַ יישר־כוח פאַר דער מתנה? — מיינע לייט האָבן זיך צעפּאַרן, ווער קיין ליסי, ווער קיין סטריסי. טיסי און בערקאָוויטש מיט זייער

טאָכטער זענען אין דער ווילנע. ליאַלי, די, וואָס איר האָט געבענטשט אין אַדעס פאַר דער חתונה, — זי דערמאָנט דאָס מיט שטאָלץ — איז אין בערלין מיט איר חצי־דאָקטאָר און מיט איר טאָכטער. די איבעריקע זענען אַלע מיט אונדז דאָ און שיקן אַייך אַ קאָלעקטיוון וואַרעמען גערוס מיט אייער הויזגעזינד.

אַייער נאַריש אייניקל, וואָס האָט באַדאַרפט הייסן מנחם־מענדל, נאָר על־פּי טעות הייסט ער

שלום־עליכם.

די פאַרלעגער פון דער אָדעסער צייטונג האָבן זיך, אַפּנים, געכאַפּט, אַז מיטן נאָמען „שלום" האָט דער אַלטער מענדעלע פון זיי אַ ביסל חוזק געמאַכט, האָבן זיי זייער צייטונג געקרוינט מיט אַן אַנדער נאָמען: „דער איד". שלום־עליכם האָט אָבער ניט באַוויזן דאָרט עפּעס צו דרוקן, וואָרעם „דער איד" האָט געהאַט קורצע טעג — ער האָט זיך גאָר אינ־גיכן אָפּגעשטעלט.

## כד
# „דער בלוטיקער שפּאַס"

אין יענער צייט, סוף יאָר 1911, בעת שלום־עליכם איז געזעסן אין מאָנטרע, איז אים אויסגעקומען אויסצושטיין אַ היפּשן קאַמף מיט יאַצ־קאַנען, דעם רעדאַקטאָר פונעם „היינט", איבער דער פראַגע, וואָס ער דאַרף שרייבן פאַר דער צייטונג. עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, ער זאָל צוליב דעם אינגאַנצן אַרויסטרעטן פונעם „היינט". נאָר געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס שלום־עליכם האָט אויסגעפירט זיינס.

פאָרגעקומען איז די זאַך אַזוי:

נאָכדעם ווי שלום־עליכם האָט פאַרענדיקט דרוקן אין „היינט" זיין גרויסע זומערדיקע סעריע „פון נאַלעווקיס ביז מאַריענבאַד", דערביי אויך געגעבן צוויי קלענערע סעריעס סקיצן אויף ימים נוראים און סוכות: „מען איז זיך מוחל" און „מע הוליעט" („טיפן וואָס שטאַרבן אָפּ"), — האָט ער ווידער פאַרטראַכט צו שרייבן אַ גרויסן ראָמאַן. נאָך אַכט־און־צוואַנציק יאָר אומאויפהערלעכן פּראָדוקטיוון שרייבן, איבערגעמידט פון הונדערטער אויסשעפּנדיקע סוזשעטן פאַר קלענערע און גרעסערע זאַכן, דערצו דערווייטערט, דורך זיין קראַנקייט, פון אַ לעבעדיקער יידישער סביבה, וואָס זאָל אים וועקן טאָג־טעגלעך צו נייע שעפערישע אײַנפאַלן, — האָט אים די לעצטע צייט אַלץ מער און מער געצויגן צו לאַנג־דויערנ־דיקער, קאָנצענטרירטער, באַרוטער אַרבעט, צו ברייט־צעוויקלטע לייוונטן, אויף וועלכע דער פאַרענדיקטער קינסטלער אין די עלטערע יאָרן קאָן מאַכן אַ פולן סך־הכל פון זיינע רייפע לעבנס־דערפאַרונגען און קלאָרע באַאָבאַכטונגען. אַזאַ דויערנדיקע אַרבעט, דורך באַשטענדיקער פאַרטיפונג אין איר, שאַפט פון זיך אַליין פאַרן שרייבער אי אַ מין אייגענע סביבה, אי אַן אייגענעם רעזערוואַר, פון וועלכן ער שעפּט יעדן מאָל באַנייטע באַגייסטערונג, — דאָס וואָס קליינע צופעליקע אַרבעטן זענען ניט בכוח

צו באַווייזן. דערצו האָט דער דיכטערישער אינסטינקט אונטערגעזאָגט שלום־עליכמען, אַז מיט שרייבן ווייטער קליינע זאַכן אויף פאַרשיידענע קליינע סוזשעטן וועט ער קיין נייס שוין מער ניט אויפטאָן. דאָס וועט אים נאָר פירן צו אומאינטערעסאַנטע — סיי פאַר זיך, סיי פאַרן לעזער — איבערחזרונגען פון דאָס שוין־אָפּגעזאָגטע, צו אַלטע וועגן, פון אים אַליין שוין לאַנג אויסגעטראָטענע, שוין לאַנג דורכגעגאַנגענע.

דער סוזשעט פאַרן ניי־פאַרטראַכטן ראָמאַן איז געווען אַ העכסט־אָריגינעלער, אַ גליקלעך־צוגעפּאַסטער צו שלום־עליכמס ליטעראַריש־הומאָריסטישן זשאַנער. דורך אַ שפּאַסיקן געוועט פון צוויי פּראָווינציעלע ערשט־געענדיקטע גימנאַזיסטן, אַ ייד מיט אַ מעדאַל און אַ גוי אָן אַ מע־דאַל, וועלכע בייטן זיך אויף אַ יאָר מיט זייערע פּאַספּאָרטן, וואַקסט אויס אַ גרויסער ערנסט, אַ גאַנצע טראַגי־קאָמעדיע: דער גוטער, נאַ־איווער, ערלעכער שייגעץ פאַלט־אַריין אין קיעוו, אין אַן עכט־יידישער סביבה, ווו ער שטייט־אויס אַלע תרי״ג יידישע צרות און פּלאָגענישן — פון ניט־צוגעלאָזט ווערן אין אוניווערסיטעט ביז באַשולדיקט ווערן אין באַנוצן קריסטלעך בלוט אויף פּסח, און דער קלוגער, פאַרזיכטיקער יידישער בחור ווערט מגולגל קיין מאָסקווע, דערשלאָגט זיך צו אַ פּריי־צישער רוסישער סביבה, פאַרפּלאָנטעט זיך אין אַ ליבע מיט אַן אַריס־טאָקראַטישער רוסישער פריילין און ווערט לויז פון דעם פּלאָנטער ערשט דעמאָלט, ווען מע רופט אים קיין קיעוו ראַטעווען זיין רוסישן חבר פונעם „עלילת דם".

ווי ס'איז צו זען פון שלום־עליכמס בריוו צו יאַצקאַנען, איז דער דאָזיקער סוזשעט ביי אים ניט געווען קיין נייער. „מער ווי צען יאָר — האָט ער געשריבן אין איינעם פון יענע בריוו — טראָג איך די אידעיע אין האַרצן. איצט איז זי צייטיק, רייף געוואָרן, און עס וועט אַרויס אַן אָריגינעלער ראָמאַן פון צוויי וועלטן: די יידישע און קריסטלעכע..."

צייטיק געוואָרן איז די אידעיע ביי שלום־עליכמען דורכן ענין בייליס אין קיעוו, וואָס איז יענעם יאָר צוגעטראַכט און אינסצענירט געוואָרן פון דער שוואַרצער רוסישער רעאַקציע אויף אַזאַ נאַרישן, נידערטרעכטיקן אופן, אַז דאָס האָט אויפגערירט ניט נאָר די בעסטע מענטשן אין רוסלאַנד,

נאָר די גאַנצע קולטורעלע וועלט. שלום־עליכם האָט איבערגעלעבט דעם ענין בייליס מאָדנע פיינלעך, ווי אַ טיפע פערזענלעכע באַליידיקונג. פונקט ווי ער אַליין וואָלט באַשמוצט געוואָרן פון פרעמדע גראָב־יונגישע, רשעותדיקע הענט. ער האָט געלייענט די ווילדע העצערישע רעדעס פון די שוואַרצע דומע־דעפּוטאַטן פורישקעוויטש און מאַרקאָוו אין שייכות מיטן דאָזיקן „ענין", און האָט זיך געערגערט, וואָס די ליבעראַלע רוסישע צייטונגען שעמען זיך ניט אַזעלכעס איבערצודרוקן. ער האָט געקאָנט אויפנעמען מיט דער רואיקייט פון אַ קלוגן קעגן נאַראָנים די נאַרישע אַנטיסעמיטישע שפּאַסן איבער יידן — דאָס האָט ביי אים אַרויסגערופן פאַראַכטנדיקן געלעכטער. ער האָט אָבער בשום אופן ניט געקאָנט בלייבן רואיק ביי אַזאַ ווילדן שקר־בלבול פון בלוטדאָרשטיקע חיות קעגן אַ פאָלק פון בלוט־האַסער און בלוט־שרעקעדיקע, וואָס עס עקלט זיי אָפּ בלויז פונעם וואָרט „בלוט" אַליין, — אַזאַ הימלשרייענדיקע עוולה האָט אים געבראַכט צו הילפלאָזן צאָרן, צו טיפער קינדערשער קרענקונג. ער האָט יענעם זומער געשריבן צו פרישמאַנען: „ביז אַהער האָב איך פון דעם עלילת־דם געוויינט, בנאמנות געוויינט. איך קאָן אייך קוים איבערגעבן די צרות מיט די שפיכות־דמים, וואָס איך האָב דערפון, פון דעם מיאוסן עסק..." ער האָט געפּרוּווט, דורך אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַטראָוו און מאַקסים גאָרקי, אָרגאַניזירן אַ קאָלעקטיוון פּראָטעסט פון די רוסישע שריפטשטעלער קעגן דעם ענין בייליס. ער האָט געשריבן צו אַמפיטעאַטראָוון: „איך שווער אייך בנאמנות, ווען עס טרעפט זיך אַזאַ מעשה פאַרקערט, דאָס הייסט, ווען יידן באַשולדיקן קריסטן אין אַזעלכע ריטואַל־מאָרדן, ווי מע באַשולדיקט אונדז, וואָלט איך פאַרברענט געוואָרן פון בזיון, ווען אַפילו די דאָזיקע יידן זאָלן זיין נאָך ערגער פון פורישקעוויטשן מיט מאַרקאָוון צוזאַמען". אויף שלום־עליכמס באַמיאונג האָט זיך אָפּגערופן נאָר איין אַמפיטעאַטראָוו מיט אַ פּראָטעסט־אַרטיקל אין דער ליבעראַלער רוסישער פּרעסע. גאָרקי האָט, ווי עס ווייזט אויס, געהאַלטן פאַר אומווירדיק, אָדער פאַר אומניצלעך, אַריינצוטרעטן אין אַ פּאָלעמיק מיט דער רוסישער שוואַרצער מאה. און אפשר האָט ער דערביי געהאַט אַנדערע מאָטיוון. דאָס האָט שלום־עליכמען אָנגעצונדן מיט

אַ פּלאַמענדיקן געדאַנק, אַז ער אַליין דאַרף שרייבן זיין אייגענעם פּראָטעסט אין דער פאָרם פון אַ סאַטירישן ראָמאַן. ער האָט דעם ראָמאַן געגרייט מער פאַר דער רוסישער וועלט, ווי פאַר דער יידישער. דער וועג צום רוסישן פּובליקום איז איצט געווען פאַר אים אָפן דורך זיינע מאָסקווער פאַרלעגער און דורכן מאָנאַטלעכן זשורנאַל „סאָוורעמענניק“, ווו עס האָבן זיך צו יענער צייט געדרוקט די „בלאָנזענדע שטערן“, — האָט ער באַשלאָסן דורך אַ שאַרפער, שניידנדיקער סאַטירע ביטער אויסצולאַכן דאָס פינצטערע גוייִשע רשעות, דערפירן עס ביז צום העכסטן אַבסורד פון באַשולדיקן אין יידישן „ריטואַל־מאָרד“ אַן עכטן, כשרן פּראַוואָסלאַוונעם סטודענט.

סטימולירנדיקן שטאָף פאַרן אָנהייב פון דעם פאַרטראַכטן ראָמאַן האָט שלום־עליכם געהאַט נאָענט אַרום זיך, טאַקע אין זיין אייגענעם הויז. די צרות און יסורים, וואָס יידישע סטודענטן, ניט־צוגעלאָזטע צו די אוניווערסיטעטן, זענען יענע יאָרן אויסגעשטאַנען אין רוסלאַנד, האָט ער גוט געוווסט פון זיין אייגענעם זון מישאַ, וועלכער איז געבליבן אינדרויסן מיט זיין מעדאַל, צווישן אַ סך אַנדערע יידישע „מעדאַליסטן“, און איז לסוף אַוועקגעפירט געוואָרן פון קיעוו מיט אַ לונגפעלער. אַפילו איצט, ביים צוטרעטן צום ראָמאַן, האָט שלום־עליכם געפילט די נאָכווייענישן פון יענער געשיכטע: דער קראַנקער זון האָט יענעם יאָר דערגרייכט מיליטער־עלטער, און וויבאַלד ער איז ניט געווען צו־געשריבן צו אַ רוסישער אוניווערסיטעט, האָט ער באַדאַרפט שטעלן זיך אין רוסלאַנד צו מיליטער־דינסט, אָדער פאַררעכנט ווערן דאָרט אַלס אַנטלאָפענער פונעם „פּריזיוו“. די עלטערן האָבן דערפון געהאַט גרויס האַרצווייטאָג. מע האָט געטאָן אַלצדינג, וואָס מעגלעך, אום ניט צו פאַרשאַפן קיין צער דעם אַזוי אויך געשטראָפטן ליידנדיקן זון: מע האָט אָנגעווענדט פּראָטעקציע, מטריח געווען די יידישע דומע־דעפּוטאַטן, טעלעגראַפירט צום באַרימטן יידישן פירער פון דער קאַדעטישער פּאַרטיי ווינאַווער... דאָס האָט שלום־עליכמען צוגעגעבן ברען־שטאָף צו זיין אָנגעהויבענער אַרבעט; ער האָט אַפילו אַ נאָמען פאַרן יידישן סטודענט אינעם ראָמאַן אויסגעקליבן אַ גאָר־נאָענטן — ראַבינאָוויטש, וואָס דאָס איז

געווען אַ באַהאַלטענער ווונק אויף די סטודענטישע איבערלעבונגען פון זיין אייגענעם זון. און אַזוי ווי ראַבינאָוויטש איז אַ פּאָפּולערער יידיש־רבנישער נאָמען, האָט ער דעם רוסישן סטודענט געגעבן אַ פּאָפּולערן רוסיש־גלחישן נאָמען: פּאָפּאָוו. (שפּעטער מיט דריי יאָר, אַז ער האָט דעם ראָמאַן דראַמאַטיזירט אין זיין באַוווּסטער פּיעסע „שווער צו זיין אַ ייד", האָט ער דעם יידישן סטודענט, צוליב אַ דראַמאַטישער סיטואַציע, אָנגערופן מיטן חסידיש־צדיקישן נאָמען שניאורסאָן, און דעם רוסישן סטודענט, אַלס קאָנטראַסט, — מיטן עכט־רוסישן נאָמען איוואַנאָוו).

די פראַגע איז איצט נאָר געווען: וואָס טוט מען מיטן נייעם ראָמאַן — ווו דרוקט מען אים אינעם יידישן אָריגינאַל? (מיט דער רוסישער אויס־גאַבע, ווי אויבן געזאָגט, איז שלום־עליכם געווען פאַרזיכערט). וואָרעם יאַצקאַן האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו נעמען פון שלום־עליכמען אַ ראָמאַן. ער האָט אין שלום־עליכמס פאָרשלאָג געזען אַ מין אַטענטאַט אויף דעם אמתן ראָמאַן אינעם „היינט", אויפן שונד־ראָמאַן, וואָס האָט יענע טעג געטראָגן דעם רייצנדיקן טיטל: „די פאַרשלייערטע דאַמע". ער האָט אין זיין בריוו שלום־עליכמען גוט אויסגעמוסרט מיטן האַרבן וואָרט פון אַ שטרענגן באַלעבאָס און קליגערן מענטשן, למאַי ער טראָגט זיך גאָר אַרום מיט אַזאַ נאַרישער מחשבה.

יאַצקאַן האָט געהאַט אַ בעסערן פּלאַן — אַ בעסערן פאַר שלום־עליכמען און טאַקע אַ ניצלעכערן פאַר „היינט". גראָד דעמאָלט האָט זיך דער „היינט" געפילט ניט אין בעסטן מעמד: זיין יינגערער קאָנ־קורענט, „דער מאָמענט", האָט פלוצעם אָנגעהויבן וואַקסן, ווי אויף הייוון, אַזוי אַז ער האָט געשראָקן אַריבערצוּוואַקסן דעם ערפּאָלגרייכן „היינט" אַליין. און געוואַקסן איז „דער מאָמענט" פון אַ נאַרישקייט: צווישן די מיטאַרבעטער, וואָס ער האָט אַריבערגענומען פון דער אונ־טערגעגאַנגענער „נייער וועלט", האָט זיך אויך געפונען דער בלאָנדער חסידישער יונגערמאַן אין דער לאַנגער קאַפּאָטע, וואָס האָט זיך אונטער־געשריבן ב. יאושזאָן. האָט דער זעלבער יאושזאָן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אינעם „מאָמענט" אַלע ערב שבת מיט אַ מין פעליעטאָן, וואָס האָט געהייסן „איבערגענומענע פּאָליטישע בריוו", אין וועלכע חסידישע בית־

מדרשניקעס, הינטער־אויוון־זיצערס, האָבן זיך איבערגעשמועסט וועגן די פּאָליטישע געשעענישן פון דער וואָך אויף זייער לשון און לויט זייערע השגות — מיטן קוועטש און מיטן גאַנצן געשמאַק און ריח פון די באַקאַנטע „חכמי הלעזשאַנקע״. פאַר די פּוילישע שטיבל־יידן איז דאָס געווען אַן ערב־שבתדיקער צימעס, פון וועלכן יונג און אַלט האָבן געלעקט די פינגער. „דער מאָמענט״ האָט אַלע פרייטאָג באַקומען אַלץ מער לעזער, און יאַצקאַן איז געווען אויסער זיך: גוואַלד, וואָס טוט מען? ווו נעמט מען אַ צווייטן יאושזאָן? איז אים אַיינגעפאַלן אַ געניאַ־לער פּלאַן — טאַקע זיינער אַן אַלטער פּלאַן, נאָר מיט אַ נייער ווענדונג: סטייטש, ער האָט ביי זיך אינעם „היינט״ אַזאַ שלום־עליכם — און מע זעט פון אים קיין נוצן ניט! עס קריכן אים גאָר אין קאָפּ נאַריש־קייטן, שרייבן ראָמאַנען!... פאַרוואָס, אַשטייגער, זאָל שלום־עליכם ניט אַוועקזעצן זיין באַרימטן מנחם־מענדלען, ער זאָל מיט זיין מנחם־מענ־דעלשער שפּראַך אויך שרייבן אַלע פרייטאָג „איבערגענומענע פּאָלי־טישע בריוו״?... יאַצקאַן האָט אָנגעהויבן צושטיין צו שלום־עליכמען מיט בריוו, צורעדן אים צו זיין פּלאַן אי מיט גוטן, אי מיט בייזן — מער מיט גוטן ווי מיט בייזן. ער האָט אים געשריבן, אַז אויך פרישמאַן, דוד פרישמאַן אַליין, זאָגט בפירוש, אַז נאָר שלום־עליכם מיט זיין מנחם־מענדלען קאָן דערלאַנגען אַ טויט־קלאַפּ דעם יונגן פּוילישן בחורל יאושזאָן. נאָך מער: פרישמאַן זאָגט גאָר, אַז אָט דער יאושזאָן קרימט־נאָך שלום־עליכמס ערשטע פעליעטאָנען אינעם אַמאָליקן פּעטערבורגער „פאָלקסבלאַט״, וואָס האָבן געטראָגן כמעט דעמזעלבן נאָמען: „איבער־געכאַפּטע בריוו״. וויבאַלד אַזוי, איז דאָך עס פשוטע גזילה — טאָר דאָך שלום־עליכם אַוודאי ניט פאַרשוויגן אַזאַ סקאַנדאַל!...

די אַלע צורעדענישן האָבן שלום־עליכמען מאָדנע אויפגערעגט. ס'איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין זיין ליטעראַרישער קאַריערע, אַז אַ רעדאַקטאָר זאָל אים דיקטירן, וואָס ער דאַרף שרייבן. אַפילו אין אַמעריקע האָט ער אַזעלכעס ניט געהאַט. ער האָט פון יאַצקאַנס פּלאַן ניט געוואָלט הערן אַפילו. ער האָט יאַצקאַנען געזאָגט נאָך אין באַדענ־ווײַלער, אַז מנחם־מענדל איז אים צו טייער — ער וועט אים ניט

אַוועקגעבן פּאַר פּרעמדע אידעיעס. ער האָט מיר יעדן מאָל צוגעשיקט קיין ווילנע יאַצקאַנס בריוו, איך זאָל זען, צו וואָס מיר האָבן זיך דערלעבט היינטיקע צייטן. דערהויפּט האָט אים פאַרדראָסן אויף פּרישמאַנען, וועלכער איז ביי אים געווען פאַררעכנט צווישן זיינע בעסטע חברים. ער האָט חושד געווען, אַז דער גאַנצער פּלאַן וואַקסט פון פּרישמאַנס קאָפּ. „אויב איך האָב קיין טעות ניט, — האָט ער מיר געשריבן, — איז דאָס די איניציאַטיוו פון פּרישמאַנען: עצת אחיתופל..." אין אַ צווייטן בריוו האָט ער מיר געשריבן: „פון יאַצקאַנען איז היינט אָנגעקומען אַן ענטפער ווידער מיט דער עצה פון אחיתופל־פּרישמאַן: שרייבן פעל־יעטאָנען אַ לאַ יאושזאָן אין „מאָמענט"! איך שרייב זיי צוויי ווערטער: אָפּ זאָגן!" (אינעם רוסישן אָריגינאַל גייט עס אַזוי: „דוואַ סלאָוואַ — אָטקאַ—זאַט!").

צו פּרישמאַנען אַליין האָט שלום־עליכם דעמאָלט געשריבן אַזאַ בריוו:

מאָנטרע, 27טן דעצעמבער, 1911.

פּרישמאַן! פּרישמאַן!

ווייסט איר כאָטש, אַז איר האָט מיר בלא יודעים דערלאַנגט אַ מיאוסן קלאַפּ, וואָס דורך דעם וועט איבערגעריסן ווערן — אויב ס'איז שוין ניט איבערגעריסן — דער „האַנדלס־אָפּמאַך" צווישן די צוויי מעכטע: „היינט" און „שלום־עליכם"? — כאַ־כאַ־כאַ!

און דער קלאַפּ איז געקומען Bona fide דורך אַייער גוטער עצה, אַז שלום־עליכם איז דער איינציקער, וואָס קאָן גוט נאָכמאַכן דעם בעל־יאוש, וועלכער מאַכט נאָך שלום־עליכמען פון דעם „פאָלקסבלאַט", עליו השלום. כאַ־כאַ־כאַ!

און דער קלאַפּ איז געקומען דווקא ניט אין אַ פריילעכער צייט פאַר מיר... כאַ־כאַ־כאַ!

דריי זיצונגען זענען אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין דער רעדאַקציע „היינט", און אַלע מאָל האָט פּרישמאַן אונטערגעהאַלטן דעם גלענצנדן געדאַנק, אַז שלום־עליכם דער ממזר וועט הייסן זיין מנחם־מענדלען מיט שיינה־שיינדלען, זיי זאָלן זיך זען מיט טאַפּטן און מיט סאַזאָנאָוון

און מיט גוטשקאָוון און מיט קאָקאָווצעוון [דער ערשטער דער אַמערי־קאַנער פרעזידענט, די איבעריקע — רוסישע מיניסטאָרן און הויך־פּאָ־ליטיקער פון יענער צייט. — י. ד. ב.] און שרייבן בריוולעך אַזעלכע, אַז זיי זאָלן דערלאַנגען דעם בעל־יאוש אַ טויט־קלאַפּ, און דער פועל־יוצא איז דער, אַז שלום־עליכם איז אַרויס פון „היינט“, און דער באַגרענעצטער ביודזשעט איז קלענער געוואָרן מיט 200 רובל אַ חודש. און וואָס וועט זיין ווייטער? — כאַ־כאַ־כאַ!

בלשון קרילאָוו הייסט עס: „Медвѣжья услуга“. איך גריס אייך רעכט פריינדלעך.

שלום־עליכם.

שלום־עליכם איז פונעם „היינט“ נאָך ניט אַרויסגעטראָטן, נאָר עס האָט געהאַלטן נאָענט דערביי. דער אַלטער אָפּמאַך איז געווען גילטיק נאָר ביזן ערשטן יאַנואַר, 1912, און ביידע צדדים האָבן ניט געוואָלט נאָכגעבן איינער דעם אַנדערן: יאַצקאַן האָט געפאָדערט דורכאויס מנחם־מענדלס „פּאָליטישע בריוו“, און שלום־עליכם האָט פאָרגעלייגט דווקא זיין נייעם ראָמאַן. דערווייל האָב איך פון שלום־עליכמען אָנגעהויבן באַקומען די ערשטע קאַפּיטלען פונעם ראָמאַן פאַרן איבערשרייבער. דער אָנהייב האָט זיך געלייענט אַזוי ניי און פריש און די פאַבולע האָט צוגעזאָגט אַזאַ אינטערעסאַנטע אַנטוויקלונג, אַז איך האָב מיך ניט אײַנ־געהאַלטן און אָנגעשריבן וועגן דעם צו יאַצקאַנען אַ בריוו. איך האָב אים געשריבן, אַז לויט מיין איינדרוק פון די ערשטע קאַפּיטלען האַלט איך, אַז ער לאָזט אַרויס פון דער האַנט איינס פון שלום־עליכמס אָרי־גינעלסטע ווערק, אויף וואָס ער וועט שפּעטער חרטה האָבן.

איך ווייס ניט, צי מיין בריוו האָט אַזוי געווירקט, אָדער דער „היינט“ האָט פשוט מורא געהאַט צו פאַרלירן אַזאַ מיטאַרבעטער אין אַ צייט פון ביטערער קאָנקורענץ מיטן „מאָמענט“, — נאָר יאַצקאַן האָט נאָכ־געגעבן און גלייך געשריבן שלום־עליכמען, אַז ער איז מסכים צו דרוקן זיין ראָמאַן נאָר דערפאַר, ווייל ס'איז אַ „סעזאָן־ראָמאַן“. דאָס הייסט, ער איז צוגעפּאַסט צום „סעזאָן“ פון דעם אומגליקלעכן ענין בייליס.

ער האָט אָבער אויסגענומען אַ תּנאַי: דער ראָמאַן וועט גיין נאָר עטלעכע מאָל אין דער וואָך און טאָר זיך ניט ציִען מער ווי פיר חדשים.

איצט איז געבליבן נאָר איין זאַך: געבן דעם ראָמאַן אַ נאָמען. שלום־עליכם האָט פאָרגעלייגט אויף אויסוואַל צוויי נעמען: „דער גרויסער שפּאַס״, אָדער „די קיעווער טראַגי־קאָמעדיע״. דערביי האָט ער געשריבן יאַצקאַנען, ער זאָל אויסקלייבן נאָר איין נאָמען פון די צוויי, וואָרעם „אַוועקשטעלן ביידע נעמען מיט אַן „אָדער״ איז ניט שיין. סע שמעקט מיט שמ״ר און בלוישטיין...״ יאַצקאַן האָט פאַרוואָרפן ביידע נעמען און געגעבן שלום־עליכמס ראָמאַן זיינעם אַן אייגענעם נאָמען: „דער בלוטיקער שפּאַס״. שלום־עליכם האָט מיר וועגן דעם געשריבן: „ווי אַזוי געפעלט אייך דער טיטל ,דער בלוטיקער שפּאַס׳? מיר געפעלט ער זייער...״

מיר איז דער טיטל דווקא ניט געפעלן געוועזן. צו שלום־עליכמס אַ ראָמאַן האָט זיך אַ „בלוטיקער״ נאָמען עפּעס ניט געפּאַסט. דערצו האָט דאָס געבראַכט אויפן געדאַנק דעם פריערדיקן שונד־ראָמאַן אינעם זעלבן „היינט״, וואָס האָט געהייסן „די בלוטיקע פּרווי״... ס׳איז שוין אָבער געוועזן לאחר המעשה, האָב איך שלום־עליכמען דערפון ניט געשריבן. איך האָב אים ניט געוואָלט פאַרשטערן די שמחה, וואָס אים איז ענדלעך געלונגען, נאָך אַ צערודערונג פון היפּשע עטלעכע וואָכן, ווידער צו באַקומען אַ פּלאַץ אין דער צייטונג פאַר אייגענער, ניט־געצוווּנגענער אַרבעט.

„דער בלוטיקער שפּאַס״ האָט זיך אָנגעהויבן דרוקן אינעם „היינט״ אָנהייב יאָר 1912.

## כה
# „אונדזערע מעצענאַטן"

אויסגעקעמפט אַ פּלאַץ אינעם „היינט" פאַר זיין נייעם ראָמאַן „דער בלוטיקער שפּאַס", האָט זיך שלום־עליכם גענומען פאַר דער אַרבעט מיט אַ פרישן ברען. ער האָט דעם ערשטן חודש (יאַנואַר 1912) אַרויס־באַוויזן אַן אויסערגעוויינלעכן פלייס, געשריבן כמעט אַ קאַפּיטל אַ טאָג, ניט געקוקט דערויף, וואָס פונעם רעדאַקטאָר פון „היינט" האָט ער באַקומען ברוגזע בריוו, וואָס האָבן אים קיין גרויס חשק צו דער אַרבעט ניט געקאָנט צוגעבן. ער האָט זיך אָבער אין מאָנטרע ניט גוט געפילט. עס איז אָנגעשטאַנען דער ווינטער מיט אַ פאַרנעבלטן קאַלטן הימל, און שלום־עליכם האָט זיך אַרומגעזען, אַז ער האָט זיך צו פרי געאײַלט אָפּצוגעוויינען זיך פון איטאַליע — ער נייטיקט זיך נאָך אַלץ אין אַ וואַ־רעמען קלימאַט. ער האָט זיך אויפגעהויבן אין די אַלפּן־בערג איבער מאָנטרע, אין דעם קור־אָרט לעיזאַוואַן (לעיז אַוואַנטס), געלאָפן אַהין „זוכן זון", זיך באַזעצט אין אַ האָטעל צווישן לויטער אָנגעצויגענע ענג־לענדער און דייטשע פּריצים און דאָרט געשריבן זיין ראָמאַן וועגן „עלילת־דם". (ער האָט אונדז אין אַ שפּאַסיקן בריוו געשריבן, אַז זיין שכן, וואָס זיצט מיט אים אַ צימער לעם אַ צימער, איז איינער אַ באַראָן ראָטשילד, און אַזוי ווי ער האָט יסורים דערפון, וואָס ער האָט פאַרגעסן מיטנעמען מיט זיך אין באַגאַזש אַ קעמעלע, וועט ער מוזן אָנקלאַפּן צו זיין שכן אין טיר: „פּאַני ראָטשילד, האָט איר ניט אַ קעמל?"...).

ער איז אָבער אויך אין לעיזאַוואַן לאַנג ניט געזעסן. דער ווינטער־דיקער נעבל האָט זיך אויפגעהויבן הויך אין די אַלפּן־בערג, און די קעלט האָט אים פאַרפאָלגט. „קאַלט, קאַלט, קאַלט..." — האָט ער זיך געקלאָגט אין זיינע בריוו. אַן אויסגעוואַרעמטער דריי ווינטערן אין דער איטאַליענישער זון, אַ געפילוועטער און אָפּגעהיטער דורך דער צערט־

לעכער השגחה פון זיין פרוי און קינדער, דערצו פיזיש אָפּגעשוואַכט און נערוועז־אַנגעשפּיצט דורך זיין קראַנקייט, דורך אומאויפהערלעכן שרייבן און דורך אָפּטן עגמת־נפש פון די צייטונגען מיט זייערע רעדאַק־טאָרן, — איז ער די לעצטע צייט געוואָרן אומגעדולדיק מפונקדיק, פּילבאַר צו דער מינדסטער אויסערלעכער אומבאַקוועמלעכקייט. די קאַלטע כמאַרעדיקע ווינטער־טעג האָבן געדריקט זיין געמיט, און ער האָט געגומען זיך ציען און בענקען ווידער קיין נערווי.

האָט זיך אינמיטן באַוויזן עפּעס אַן אומבאַקאַנטער פּאַרשוין, ווייזט אויס אַ רייכער ייד, וואָס האָט זיך דורך בריוו אָנגעשלאָגן צו שלום־עליכמען, ווי זיינער אַן אַלטער הייסער פאַרערער. דער ייד האָט גע־וווינט אין דרום־פראַנקרייך, אין מאַרסעיל, נאָר געשטאַמט האָט ער פון רוסלאַנד, פון אַ קורלענדישן קליינשטעטל. ער האָט איבערגעלייענט אינעם „פריינד" שלום־עליכמס שווייצאַרישן אַדרעס, איז ער אַ בעלן געווען שטעלן זיך מיט אים אין פאַרבינדונג און פאַרפירן אַ גאַנצע קאָרעספּאָנדענץ. זיינע בריוו, געשריבן אויף פיינע געדרוקטע בלאַנקען, פון וועלכע עס איז געווען צו זען, אַז ער פאַרמאָגט אין מאַרסעיל אַן אייגענע ווילע מיטן נאָמען „מעמאַ", און אַפילו אַ באַזונדערן אַדרעס פאַר טעלעגראַמעס, זענען געגאַנגען אין אַ קורלענדישן דייטשמעריש, געמישט מיט לשון־קודש און גמרא־ווערטלעך. קודם־כל האָט דער בריוושרייבער אָנגעפרעגט ביי שלום־עליכמען, צי איז ער יענער שלום־עליכם, וואָס האָט אַמאָל חנוכה אין אַ רייכן סאַלאָן פאַרלאָרן אַ פינף־און־צוואַנציקער דורכדעם, וואָס קיינער פון די סאַלאָן־געסט האָט ניט געוווּסט די באַדייטונג פון חנוכה? (אַ ווונק אויף שלום־עליכמס דער־ציילונג „וואָס איז חנוכה?"), און צי איז ער דערזעלבער שלום־עליכם, וואָס איז אין די „באַרדיטשעווער האָטעלן" באַפאַלן געוואָרן פון דריי באַרדיטשעווער גזלנים, און אַז מע האָט זיך גענומען יאָגן נאָך די גזלנים, האָט מען אַנשטאָט זיי געכאַפּט דריי אינדיקעס? אויב דאָס איז דער־זעלבער שלום־עליכם, איז ער זיינער אַ פאַרברענטער חסיד פון כמה יאָרן. וויבאַלד אַזוי, ווער־זשע איז ער אַליין? זאָל שלום־עליכם נאָר האָבן אַ ביסעלע געדולד, וועט ער אים דערציילן זיין גאַנצע ביאָגראַפיע...

די ביאָגראַפיע האָט זיך אָנגעהויבן מיט דעם שרייבערס זיידן, וועלכער איז געווען אַ באַוווסטער גביר אין דער ליטע, געטריבן האַלץ און פלאַקס קיין דייטשלאַנד, צעטיילט יערלעך פופציק טויזנט מאַרק אויף צדקה, געפירט אַ קאַמף קעגן דער השכלה, „יעדאָך טאָלעראַנט", אויסגעהאַלטן פון זיין קעשענע צוואַנציק יאָר דעם באַרימטן גאון רב ישראל סאַלאַנטער... פון דעם זיידן איז די געשיכטע אַריבער צום פאָטער, וועלכער איז געווען גאָר אַ גרויסער עושר, אויך אַ סוחר פון האָלץ און פלאַקס, און געענדיקט האָט זי זיך מיטן אייניקל, מיטן בריוו־שרייבער אַליין, וואָס האָט פינף־און־צוואַנציק יאָר געפירט גרויסע געשעפטן אין פראַנקרייך און בעלגיע און איז איצט אַ צוריקגעצויגענער מענטש אויף דער עלטער, לעבט־אויס דאָס רעשט פון זיינע יאָרן אין דער וווּנדערשיינער שטאָט מאַרסעיל, אין אַן אייגענער ווילע מיט אַ פראַקטיקער ווערענדע, פאַרברענגט זיינע טעג אַ מאָל ביי דער גמרא און אַמאָל ביי „וואָלטערס ווערקע"... דערביי האָט ער זיך אַליין כאַראַקטע־ריזירט, שוין אין שלום־עליכמס סטיל, ווי אַ „פּראָסטער חי וקיים", „אַ זקן ששכח תלמודו" — אַן אַלטער מאַן, הייסט עס, וואָס האָט פאַר־געסן וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט. אַז ער האָטווירקלעך פאַרגעסן וואָס ער האָט אַמאָל געלערנט — דאָס האָט מען קלאָר געקאָנט זען פון זיין העברעאישן אויסלייג. ער האָט געשריבן ניט נאָר „נח" מיט זיבן גרייזן, נאָר אַפילו „שלום־עליכם" האָט ער אויסגעלייגט אַזוי: „שלום אלכים". דערפאַר אָבער איז דער סוף פונעם לאַנגן בריוו געווען זייער אינטערעסאַנט: דער אַלטער מאַן, דער צוריקגעצויגענער מאַג־נאַט, האָט פאַרבעטן שלום־עליכמען צו זיך קיין מאַרסעיל, ער זאָל זיך באַזעצן מיט אים אין דער פראַקטיקער ווילע „מעמאַ" אויף אַזוי לאַנג, וויפיל נאָר זיין האַרץ גלוסט, וואָרעם ער לעכצט זייער נאָך שלום־עליכמס געזעלשאַפט און וועט זיך שעצן גליקלעך אים צו „אומאַרמען און קושן"...

די דאָזיקע איינלאַדונג איז געווען זייער אַ רייצנדיקע: אַן אַלטער יידישער גביר אַ משכיל, אַ פראַנצויזישער ליטוואַק, וואָס שעפט גייסטיקן געניוס פון דער גמרא און פון „וואָלטערס ווערקע", לייענט דעם „פריינד"

און איז אַ הייס־פּאַרליבטער חסיד פון שלום־עליכמען... דערצו אַ פּראַכט־פולע ווילע אין דרום־פראַנקרייך מיט אַ גרויסער זוניקער וועראַנדע... דאָס האָט געגעבן געגוג שטאָף פאַר פאַנטאַסטישע פאָרשטעלונגען וועגן אַ ניי־אַנטפּלעקטן זעלטענעם טיפּ פון אַ יידישן „מעצענאַט", פון וועלכן שלום־עליכם האָט אין דער שטיל אָפט געחלומט. פון דער אַנדערער זייט איז אָבער שלום־עליכם שוין געווען אַ געפּרוווטער מיט דעם מין „יידישע מעצענאַטן", צו וועלכע ער האָט קיין באַזונדערן צוטרוי ניט געהאַט, און ער האָט ביי זיך ניט געקאָנט באַשליסן, צי זאָל ער די איינלאַדונג אָננעמען. אַרונטערגעלאָזט זיך פון לעיזאַוואַן צוריק קיין מאָנטרע, אַ געיאָגטער פון ווינטערדיקער קעלט, האָט ער אונדז אַזוי געשריבן: „איך בין ווידער אין קלאַראַן [קלאַראַן איז דער העכערער טייל פון מאָנטרע.— י. ד. ב.], וואָרעם אין לעיזאַוואַן איז אַ שרעקלעכער נעבל. — — —. ניט גוט. די בענקשאַפט נאָך זון איז ניט אַריבערצוטראָגן. איך קווינקל זיך אַלץ: פאָרן קיין מאַרסעיל, אָדער ניין? פאָרן גלוסט זיך ניט, אָבער דאָ איז שווער, איך פיל מיך עקלהאַפט. איך קאָן שרייבן נאָר דעמאָלט, ווען ס'איז דאָ זון. איטאַליע האָט מיך אָפּגעקוילעט!"

ענדלעך האָט שלום־עליכם ניט אויסגעהאַלטן און האָט, אין דער באַגלייטונג פון זיין פרוי, זיך געלאָזט פאָרן קיין מאַרסעיל, צו זיין אומבאַקאַנטן געהיימניספולן פאַרערער. ער האָט ביים מאַרסעילער יידישן מאַגנאַט פאַרבראַכט סך־הכל איין נאַכט, און דער רעזולטאַט פון דעם דאָזיקן אויסטערלישן באַזוך איז געווען — אַ לאַנגער בריוו, אין דער פאָרם פון אַ היפּשן ווערק, געשריבן אין צוויי קאָפּיעס, איינע צו אונדז אין ווילנע און די צווייטע צו די איבעריקע קינדער. דער בריוו איז געגאַנגען אין רוסיש, און דאָ גיב איך אים, ווי ווייט מעגלעך, אין אַ פּינקטלעכער יידישער איבערזעצונג:

## אונדזערע מעצענאַטן

ניצע, 8טן פעברואַר, 1912.

געקומען צו פאָרן זענען מיר אין מאַרסעיל שוין אַקעגן אָוונט. אויפן וואָקזאַל האָט אונדז אָפּגעוואַרט דער פאַרערער פון מיינע טאַ־

לאַנטן. נאָכן פּנים האָט מען באַלד געקאָנט אין אים דערקענען דעם מעצענאַט. פון העכסטן גראַד אַן איידל געזיכט, באַזילבערט מיט גרויקייט פון אַ געלערנטן מאַן. גלייך נאָך די ערשטע באַגריסונגען פון בײדע זייטן, האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין אַן אָטאָמאָביל, וואָס מע האָט פון אונדזערטוועגן צוגעגרייט, און לייכט, ווי אַ פויגל, זענען מיר דורכגעפלויגן די העל־באַלויכטענע גאַסן פון דער אויסערגעוויינלעך־שיינער שטאָט מיטן בלויען הימל פון דרום־פראַנקרייך. דורך צוויי שורות ציפּרעסן און פּאַלמעס זענען מיר צוגעפאָרן צו אַ גלעזערנער גאַלעריע, וואָס איז געווען בוכשטעבלעך פאַרפלייצט מיט עלעקטרישן ליכט. אונדז אַנטקעגן זענען אַרויסגעלאָפן צוויי באַדינער: אַ מולאַט, אַ מין גרום (לאַקעי), אָנגעטאָן אין אַ ליוורייע, און אַ שמייכלענדיק מיידל האָבן אונטערגעכאַפּט מיך מיט דער מאַמע (די זאַכן האָט צוגענומען איינער אַ מין הידאַלגאָ־שווייצאַר), אַריינגעפירט אונדז אין די אינוויייניקסטע אַפּאַרטאַמענטן פון דער ווילע „מעמאַ" (אויף עוועניו פּעדעלי), און דאָס ערשטע, וואָס האָט אונדז איבערראַשט, איז ניט געווען די קייזער־לעכע הויז־אויסשטאַטונג מיט די גראָטעס און מיט די וואַסערפאַל־פאָנטאַנען, נאָר די באַלעבאַטים אַליין, די באַזיצער פון דעם דאָזיקן כישוף־פּאַלאַץ. סך־הכל זענען זיי צוויי: מאַן און ווייב. ער — אַ בכבור־דיקער, אַ זעלטן נאָבעלער און שיינער זקן, אַ טיפּ, וואָס דערמאָנט אָן טורגעניעוון, אָדער אָן וויקטאָר הוגאָ. אָנגעטאָן איז ער לויטן קינסטלער־געשמאַק פון דער רענעסאַנס־עפּאָכע. אַלצדינג, וואָס ער טראָגט, איז אומגעוויינלעך זויבער, ווייס ווי געפּאַלענער שניי און, ניט געקוקט אויף זיין עלטער, אַפילו גראַציעז. זי ווידער איז ניט נאָר אַ געוועזענע שיינהייט, ניין — דאָס וואָלט געווען שאַבלאָנמעסיק, ניט יושרדיק, אַפילו אַ באַליידיקונג. פאַר אונדז איז דערשינען — אָדער בעסער גע־זאָגט: מיר זענען דערשינען פאַר אַ שפּאַנישער קעניגין, פאַר אַ מאַרקיזע דע פּאָמפּאַדור, מיט אַ מאַיעסטעטישן געזיכט פון אַ מאַדאָנע — אויף דער עלטער. די פּראַכט־שיינע גרויסע אויגן, וואָס האָבן אָפּגעהיט, צוזאַמען מיטן יוגנטלעכן גלאַנץ, אויך אַ געוויסע שעלמישקייט אינעם שמייכל, האָבן עדות געזאָגט וועגן דעם רירעוודיקן שכל און דער

ווייכער גוטמוטיקייט פון דער דאָזיקער נאָך־רייצנדיקער פרוי, ווען מען היינע און בייראָן און שעללי וואָלטן זיכער באַזונגען, ווען זיי באַגעגנען זי אויף זייער לעבנסוועג.

פאָרגעשטעלט פאַר אונדז זיין פרוי, האָט דער בכבודיקער זקן אונדז פאַרזיכערט, אַז זי שעצט זיך גליקלעך ניט ווייניקער פון אים אויפצונעמען אין זייער באַשיידענעם נעסט דעם, וועמען זיי ביידע רעכענען פאַרן נאַציאָנאַלן שטאָלץ פון ישראל, א. אַז. וו. א. אַז. וו. ס'איז געווען שווין צו שמייכלהאַפט און אַזש איבער דער טבע אויסצוהערן אָט די דאָזיקע אימפּראָוויזירטע און עטוואָס מליצהדיקע רעדע.

דערנאָך האָט מען אונדז אַריינגעפירט אין פיר גרויסע צימערן, וואָס מע האָט פאַר אונדז צוגעגרייט: אַ סאַלאָן, אַ קאַבינעט, אַ ביבליאָטעק און אַ שלאָפצימער (דאָס באָדצימער, דאָס וואַש־און־שפּריץ־צימער און נאָך זאַכן רעכן איך ניט), און גאָר אינגיכן האָט זיך געלאָזט הערן אַ קלונג, וואָס האָט גערופן צום טיש. צייט עסן מיטאָג אָדער אָוונטברויט.

איך וויל ניט פאַרמאַטערן אייער אויפמערקזאַמקייט מיט אַ באַ־שרייבונג פון דעם אָוונטברויט, וואָס איז באַשטאַנען פון צען געריכטן. מער אינטערעסאַנט פון דעם אָוונטברויט איז געווען דאָס געשפּרעך, וואָס די באַלעבאַטים האָבן געפירט ביים טיש, געפּלייסט זיך די גאַנצע צייט אונדז אונטערצוהאַלטן אַלץ מיט אַזעלכע ענינים, וואָס דרייען זיך אויסשליסלעך אַרום דער יידישער ליטעראַטור און אירע כהנים.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ביידע זענען, ווירקלעך, גוט באַ־האַוונט אין דער זאַך. נאָר מער פון אַלץ האָט אונדז איבערראַשט, וואָס אָט די ביידע עכטע אַריסטאָקראַטן קענען אונדזער פאָלקסלעבן, ווי מע זאָגט, דורך־און־דורך, און זיי שעמען זיך גאָרניט דערמיט, ווי עס טוען אַ סך אונדזערע קרעזוסן, וואָס קרימען פון זיך גאָט ווייסט וואָס פאַר געבוירענע לאָרדן און פּרינצן.

געבליבן אַליין אין אונדזערע אַפּאַרטאַמענטן נאָך אַזאַ אויסערגעוויינלעך־וואַרעמען קבלת־פּנים, איז אונדז געווען פאַר זיך אַליין זייער פריקרע. וואָרעם ניט אונדזערע קליידער, ניט אונדזערע אָרעמע טשעמאָ־דאַנעס מיטן קאָרב (וואָס האָט, אַגב, אויפן וועג פאַרלאָרן דעם דנאָ און

האָט אַרויסגעשטעלט פאַר דער וועלט גאָרניט קיין פּאָעטישע פּאָר גאָט־קעס) האָבן בשום אופן ניט געפּאַסט צו אָט דער גאַנצער פאַנטאַסטיש־לעגענדאַרישער אומגעבונג, אין וועלכער מיר זענען אַזוי אומגעריכט אַריינגעפאַלן. דערהויפּט אין פרימאָרגן, בשעת די פרי־אויפגעוואַכטע דרום־זון האָט באַגאָסן מיט אירע ערשטע גילדענע שטראַלן דעם פּראַכ־טיקן פּאַרק, וואָס רינגלט־אַרום די פּאַרכישופטע ווילע „מעמאַ״, האָבן מיר זיך דערפילט פונקט ווי פריטשמעליעטע פון דעם דאָזיקן רייכן בילד פון נאַטור און קונסט. און וואָס מער די פייגל האָבן געזונגען, און וואָס שטאַרקער די רויזן און די צעבליטע מאַנדלביימער האָבן געשמעקט, אַלץ מער אומאַיינגענעם האָבן מיר זיך געפילט, זייענדיק אַבסאָלוט ניט־צוגעגרייט צו אַזאַ זעלטן־רייכן לעבן און פּראַכטיקער אויסשטאַטונג. און דעריבער האָבן מיר, נאָכדעם ווי מע האָט פאַר אונדז סערווירט קאָפע אויף דער אָריענטאַלישער וועראַנדע אין אַראַבישן סטיל, זיך אָפּגעזעגנט מיט די גוטהאַרציקע באַלעבאַטים, באַדאַנקט פאַר זייער ליבער גאַסטפריינדלעכקייט, צוגעזאָגט, אַז צוריקוועגס כון ניצע וועלן מיר אומבאַדינגט פאַרברענגען ביי זיי לענגער, געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז עס רופן אונדז קיין ניצע זייער וויכטיקע ענינים, וואָס קאָנען ניט אָפּגעלייגט ווערן. אין פופצן מינוט אַרום האָט אונדז דער עלעק־טרישער אויטאָמאָביל שוין אַוועקגעפירט צוריק אויפן וואָקזאַל, און דעמזעלבן טאָג, פאַרנאַכט־צו, זענען מיר געווען אין ניצע, און אויפן צווייטן טאָג זענען מיר אַריינגעפאַלן קיין באָליע־סיור־מער, ווו מיר האָבן זיך איינגעאָרדנט אויף אַ וואָך צייט גאָר נישקשהדיק און ניט זייער טייער, כמעט אויפן סאַמע ברעג פונעם מיטללענדישן ים.

אַצינד וועט איר דערלויבן אויסצומאָלן פאַר אייך דאָס זעלבע בילד מיט אַ ביסל אַנדערע פאַרבן. עס וועלן אויף אַזאַ אופן אַרויסקומען צוויי וואַריאַנטן פון איין דערציילונג. קלייבט אייך אויס די, וואָס וועט זיך אייך באַווייזן מער וואָרהאַפטיק.

צוגעפאָרן זענען מיר צו מאַרסעיל אָקעגן אָוונט. אויפן וואָקזאַל האָט זיך קיינער ניט באַוויזן. נאָר ביים סאַמע אַרויסגאַנג האָבן מיר דערזען עפּעס אַן אַלטן תרח, אין אַ קורצן טולופּל, אַזאַ וואָס ביי אונדז

טראָגן עס וואַלד־פּריקאַזטשיקעס, און ביי אונדזביידן איז געבליבן, אַז דאָס באַדאַרף מסתמא זיין אונדזער מעצענאַט, דער פאַרברענטער חסיד פון מיינע טאַלאַנטן. דער ערשטער געדאַנק אונדזערער איז געווען — דורכגליטשן זיך פאַרביי און ניט ווערן; נאָר דער אַלטער תרח האָט שוין, אַפּנים, אונדז באַמערקט און האָט מיך הויך אויפן קול אַ רוף געטאָן. מילא, פאַרפאַלן. אָפּגעגעבן אים שלום־עליכם, האָב איך באַלד דערפילט אַ שאַרפן ריח פון פּראָסטן בראָנפן. שוין־זשע איז ער אַ טרינקער? עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז יאָ, אַ טרינקער, און דווקא אַ שטאַרקער טרינקער! נאָר צו דעם וועלן מיר קומען שפּעטער.

נאָך די ערשטע באַגריסונגען האָט אונדזער אַלטער תרח אַרויסגע־טשאַמקעט עפּעס זייער אַ גראָבן וויץ וועגן זיין יידענע, אַז זי איז אָדער אַנטלאָפן, אָדער אַיינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד. אַזוי צי אַזוי — גאָר קיין גרויס אומגליק, זאָגט ער, איז עס ניט. אין טולאַ קאָן מען שוין געפינען סאַמאָוואַרן.

אונדז ביידן איז געוואָרן זייער קאַלאַמוטנע. דערצו נאָך האָט זיך געזיפּט אַ רעגנדל און דער הימל האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן. אַ בלאָטע — זאָל גאָט היטן. די באַלייכטונג — אַן עכט־רוסישע. די אָרדענונג צווישן די איזוואָשטשיקעס — אויך אויפן רוסישן שטייגער. מע דאַרף זיך דינגען. און אַזוי ווי דער אַלטער תרח האָט זיך אַרויס־באַוויזן צו זיין זייער אַ שפּאָרעוודיקער מענטש, דאָס הייסט, פּשוט אַ קמצן, האָט ער אונדז בשום אופן ניט געלאָזט באַנוצן זיך מיט אַ טרעגער, נאָר אַליין גענומען אויף די פּלייצעס איין טשעמאָדאַן, דעם אַנדערן געגעבן אונדז שלעפּן איבער דער קויטיקער, קלעפּיקער בלאָטע, און אַזוי האָבן מיר זיך קוים דערשלעפּט צו אַן איזוואָזטשיק פון דעם ערגסטן סאָרט, אַזאַ וואָס מע קאָן טרעפן סיידן אין קיעוו, און אַפילו ניט אין קיעוו, נאָר אין אומאַן, צי אין בעלאָצערקאָוו.

באַזעצט זיך קוים מיט צרות אין דעם אומבאַקוועמען טרייסלענדיקן פאַטאָן, צוזאַמען מיטן האַלב־שיכורן אַלטן תרח, האָבן מיר גענומען זיך הערצקען איבער די בלאָטיקע גאַסן פון דער שלעכט־באַלויכטענער

האַפּן־שטאָט, וואָס איז געבליבן ווייט הינטערשטעליק אַפילו פון אונדזער גוט־באַקאַנטער איטאַליענישער גענואַ.

מיר ביידע זענען געוואָרן באַטריבט און האָבן אַראָפּגעלאָזט די נעזער. וואָס ווערט עס זיין? ווּהין זענען מיר אַריינגעפאַלן? און צוליב וואָס, אייגנטלעך? ניט געזאָרגט האָט נאָר דער אַלטער תרח. וועלנדיק זיך דורכאויס אַרויסשטעלן פאַר אַ שאַרפן וויצלינג, האָט ער וועגן דעם, וואָס איך פאָר מיט דער מאַמע, אונדז דערציילט זייער אַ לאַנגן און זייער אַ גראָבן און פלאַכן אַנעקדאָט וועגן עפּעס איינעם אַ פּרוש, פון וואָס אונדז ביידן איז ניט גוט געוואָרן און עס האָט זיך אונדז געגלוסט די מינוט אַראָפּשפּרינגען פונעם פּאַעטאָן און לויפן צוריק צום וואָקזאַל. און מיר וואָלטן אַזוי געטאָן, ווען ניט דער באַגאַזש און די פינצטערע רעגנדיקע נאַכט.

דערזען, אַז זיין העכסט־פּיקאַנטער אַנעקדאָט נעמט אונדז ניט, האָט ער אונדז באַלד מכבד געווען מיט נאָך אַ פּאָר אַנדערע, ניט ווייניקער פּיקאַנטע אַנעקדאָטן. נאָר אויך די זענען פאַרבליבן אָן קיין שום ווירקונג. ווי עס ווייזט אויס, איז ער געווען איבערראַשט דערפון, וואָס דער יידישער הומאָריסט האָט גאָר ניט ליב קיין אַנעקדאָטן!

דערווייל האָט דער קוטשער, וואָס האָט זיך אויך אַרויסבאַוויזן צו זיין רעכט פאַרקנאַקט, גענומען פרעגן דעם אַלטן תרח, ווּהין ער זאָל פאָרן. עס איז אויסגעבראָכן צווישן ביידן אַ זידלעריי, אויף פראַנצויזיש, פאַרשטייט זיך, פון וואָס מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער קוטשער הייבט ניט אָן צו וויסן פון אַזאַ מין ווילע, וואָס טראָגט דעם נאָמען „מעמאַ", און וואָס נאָר איין טייוול ווייסט עס!

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז צו אָט דער ווילע קאָן מען גאָר ניט צופאָרן, ווי, למשל, צו דער ווילע בריאַנד אין נערווי; נאָר דער חילוק איז, וואָס צו דער ווילע בריאַנד קאָן מען כאָטש צופאָרן אויף אַ שיפל פון דער זייט פונעם ים, אין דער צייט וואָס די ווילע „מעמאַ" האָט אַזאַ שייכות מיטן ים, פּונקט ווי די שטאָט מאַרסעיל האָט אַ שייכות מיט נערווי. ס'איז אויסגעקומען דערצאָלן דעם איזוואָזטשיק נאָך אַנדער־האַלבן פראַנק, און מע האָט אונדז אויסגעלאָדן אויפן עק פון אַוועניו

פעדעלי, און פון דאָרטן, שלעפנדיק אויף די הענט די טשעמאָדאַנעס און טיאָפקענדיק אין דער בלאָטע, האָבן מיר זיך אַראָפּגעלאָזט מיט סכנת־נפשות אַראָפּ אַ באַרג און דערזען פאַר זיך עפּעס אַ לאָך, וואָס מיין חסיד האָט זיך פאַרגונען אָנצורופן עס מיטן נאָמען „ווילע", און נאָך „מעמאַ" דערצו! אָנגעזאָגט אונדז פריער, אַז מע באַדאַרף דאָ גיין זייער פאָרזיכטיק, האָט אונדזער מעצענאַט אַריינגעפירט אונדז אין אַ מין הייזל, וואָס באַשטייט טאַקע באמת פון פיר צימערן, אָבער אַזעלכע, וואָס ס'איז געזינטער פאַר זיי, אַז מיר זאָלן זיי ניט אָנרופן מיט אַזאַ געהויבענעם נאָמען. אין פירהויז, וואָס מיין מעצענאַט האָט אין זיינע בריוו אַנדערש ניט גערופן נאָר „וועראַנדע", האָבן מיר געטראָפן אַן אַלטע קעכנע אַ מעגערע, וואָס האָט אונדז אַריינגעשטעקט אַ קאָריאַוועוואַטע האַנט און עפּעס אַ בורטשע געטאָן אויף אַ מין לשון, וואָס ס'איז שווער געווען צו כאַפּן, צי ס'איז פראַנצויזיש, צי ס'איז דייטשמעריש, וועלכעס די קורלענדער יידן רעדן, — און אָט די באַבע־יאַכנע איז עס געווען ניט קיין אַנדערע, נאָר טאַקע די באַלעבאָסטע אַליין, וואָס האָט אונדז גלייך אַריינגעפירט אין קיך אַריין, דאָרט ווו זי האָט געגרייט וועטשערע פאַר די טייערע געסט. באַזעצט אונדז אין עס־צימער, האָט דער אַלטער זיך גענומען עפענען אַ פלעשל בראָנפן און אַ פלעשל וויין, און גלייך אויפן אָרט אַליין איבערגעקערט דעם ערשטן קעלישעק און דעם אַנדערן אונטערגעטראָגן מיר, דערנאָך דער מאַמע, גאָרניט געקענט פאַרשטיין, פאַרוואָס מיר טרינקען ניט, דערביי האָט ער ניט פאַרפעלט אונטער־צוואַרעמען אונדז מיט אַ צוויי־דריי גראָב־שמאַלציקע — דערהויפּט פלאַכע און אַלטע, ווי די וועלט — אַנעקדאָטן. קאָמישער פון אַלץ איז געווען, וואָס יעדן אַנעקדאָט האָט ער דערציילט זייער לאַנג, שטאַרק געסמאַקעוועט יעדן וואָרט, ווי ער וואָלט דאָ געמאַכט גאַנצע אַנטפּלע־קונגען.

מע האָט דערלאַנגט בוליאָן באַזונדער און לאָקשן באַזונדער. די אַלטע מעגערע האָט אָנגעשטעלט אויף מיר די ברילן און האָט אַ האַווקע געטאָן:

— נעמט בוליאָן, אָדער נעמט לאָקשן. איר קאָנט עסן אי דאָס, אי יענעס, אויב איר ווילט.

און ווידער געבורטשעט עפּעס פּאַר זיך, ניט אָפּרייסנדיק פון מיר די אויגן. דערביי האָט זי פון צייט צו צייט געכאַפּט אַ קוק אויף איר ערשער, וועלכער איז, ווי עס ווייזט אויס, גאָר נישקשה פון אַ דעספּאָט. ער לאָזט קיינעם ניט ריידן, ער רעדט בעסער אַליין. גיט נאָך צו דעם אַן אויסערגעוויינלעך שמוציק אָנטאָן און אויסזען (אויפן קאָל־נער פונעם שרעקלעך ברודיקן העמד טראָגט ער אַ וואַרעמען שאַליק), און אויך דאָס, וואָס עס פעלן אים פון דער לינקער זייט די ציין און ער מוז עסן מיט די הענט — וועט איר שוין באַקומען אַ פאָרשטעלונג וועגן דער דאָזיקער וועטשערע.

נאָר שענער פון אַלץ איז געווען דער חדר, ווו מיר האָבן באַדאַרפט שלאָפן. אַ קעלער, אַ שיסל אויף דער ערד, אַ סטרינעווע ליכט אַריינ־געשטעקט אין אַן אַש־בעכער — אָט דאָס איז אונדזער נאַכט־צימער.

געבליבן אַליין, האָבן מירביידע, איך און די מאַמע, זיך איבער־געקוקט — און אויף אונדז איז אָנגעפאַלן אַזאַ געלעכטער, אַז מיר האָבן אָנגעהויבן מורא צו האָבן, עס זאָל ניט איבערגיין אין אַ היס־טערישן געוויין. עס זאָל ניט געווען זיין אַ פינצטערע נאַכט מיט אַ רעגן, וואָלטן מיר, פאַרשטייט זיך, דורכן פענצטער אַנטלאָפן פון אָט דער תפיסה. איך האָב פאַרגעסן איין אייניצעלהייט. איידער מיר זענען גע־גאַנגען שלאָפן, האָט אונדז דער אַלטער הינערכאַפּער אָנגעזאָגט, מיר זאָלן, למען השם, ניט פאַרשליסן די טיר פון אינוויינין, מחמת ס'איז אַזאַ טיר, וואָס אויב מע פאַרשליסט זי, וועט מען זי שוין קיינמאָל ניט קאָנען עפענען. דאָס דאָזיקע האָט נאָך פאַרשטאַרקט אונדזער געלעכטער.

באַלד האָט זיך געלאָזט הערן אַ גוואַלדיק כראָפּען פון אונדזער ליבן באַלעבאָס, פון וואָס מיר האָבן נאָך מער געלאַכט. פון שלאָפן האָבן מיר שוין ניט געטראַכט. אונדזערע געדאַנקען זענען געווען פאַרנומען מיט איין פראַגע: ווען וועט אַמאָל קומען פרימאָרגן, און ווי אַזוי וועלן מיר זיך אַרויסקלייבן פון אָט דעם לאָך?

ס'איז אַריבער די נאַכט, אַ פיינלעכע, אומענדלעכע נאַכט. אַ האָן האָט אונדז אָנגעזאָגט, אַז דער פרימאָרגן קומט, און פאַראיינוועגס האָט

ער אונדז שוין געגעבן צו וויסן, אַז אונדזער צימער געפינט זיך פונקט איבערן הינערשטייג. און ווי גרויס איז געווען אונדזער איבערראַשונג, ווען מיר האָבן זיך גענומען צו אונדזערע זאַכן און דערזען, אַז אַלצדינג איז מאָדנע פייכט, דאָס הייסט, פיטש־נאַס. דער קעלער האָט זיך אַרויס־באַוויזן צו זיין אַ פייכט פלאַץ, וואָס טויג זיך מער, מע זאָל דאָרטן האַלטן קאַרטאָפל, איידער אַ מענטשן, וואָס האָט אַוועקגעוואָרפן די שווייץ און איז געפאָרן אויפן דרום.

וואָס־זשע האָט אונדז געראַטעוועט? גאָרנישט. נאָר די פּאָסט. עס איז אָנגעקומען די פּאָסט — מאָלט אייך, נאָר צייטונגען — נאָר מיר האָבן שוין אַרויסגעשלעפּט פון דאָרטן כלומרשט אַ בריוו פון דער היים, אַז אונדזער ניכטע, די פּלימעניצע הייסט עס, איז געפערלעך קראַנק געוואָרן אין ניצע, און אַז מיר מוזן מיטן ערשטן צוג אַוועק־פאָרן קיין ניצע.

עס איז אוממעגלעך צו באַשרייבן דעם צער פון די באַלעבאַטים! שוין־זשע ווען מיר טאַקע נעמען און אָט אַזוי אַוועקפאָרן? נו, און מיטאָג? אָט האָט די אַלטיטשקע געקויפט — נאַט זעט — צוויי פונט רינדפליש, און אַן איי איז דאָ, וואָס די הון האָט געלייגט. ניין, זאָל זיך די מאַדאַם שלום־עליכם פאָרן צו איר ניכטע, און שלום־עליכם לאָז בעסער אָפּרוען. ווהיין ווועט ער פאָרן? ניצע — אַזאַ פּאַסקודנע שטאָט!... האָט מען שוין געמוזט צוטראַכטן אַ נייעם ליגן: אַז די ניכטע איז, אייגנטלעך, מיינע, ניט דער מאַמעס, און מע מאַכט איר זייער אַ קאָמ־פּליצירטע אָפּעראַציע, און אָן מיר וועט זי געוויס שטאַרבן. מיר האָבן אויסגעהאַלטן אַ שרעקלעכע אַטאַקע. מיר האָבן געגעבן דאָס וואָרט, אַז די מאַמע בלייבט אין ניצע אַליין, און איך קום צוריק אויף שבת קיין מאַרסעיל, צו זיי, פאַרשטייט זיך. און ניט לאַנג געטראַכט, האָבן מיר זיך גענומען צו די זאַכן, אַליין געשלעפּט די טשעמאָדאַנעס אין בלאָטע, אַרויף אַ באַרג, קוים דערשלעפּט זיך צום טראַם. עס איז אויסגעקומען אויסשטייגן צוויי מאָל. אַלע יסורים פון גיהנום זענען גאָרנישט אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס מיר זענען אויסגעשטאַנען אין דעם פרימאָרגן. וואָרעם אומעטום איז אונדז נאָכגעגאַנגען אָט דער אַלטער גאָט־פאַר־

דאָמטער ניבול־פּהניק, וואָס האָט זיך צו אונדז צוגעקלעפּט ווי אַ פּעך. קיין טרעגער האָט ער ניט צוגעלאָזט פאַר קיין פאַל אין דער וועלט. און דעם צוג האָבן מיר צוליב אים אויך פאַרשפּעטיקט. מיר האָבן קוים געפונען אַ רעסטאָראַן און זיך געזעצט פרישטיקן. און דער מעפּיסטאָ־פעל — מיט אונדז. פּלוצעם איז פאַר אונדזער פענצטער אויסגעוואַקסן די מעגערע. די אַלטע זיינע איז אויך געקומען באַגלייטן די טייערע געסט און האָט, אַגב, פאַרכאַפּט מיט זיך פּראָוויזיע, די צוויי פונט רינד־פלייש און אַ שטיק חלה מיט פּוטער.

כאַפּט נישט. אונדזערע יסורים האָבן זיך נאָך ווייט ניט געענדיקט. מע דאַרף פאָרן. ווי איר ווייסט, האָט דער מעצענאַט מיר געשריבן, אַז פון אים ביז ניצע איז ניט מער ווי דריי־פערטל שעה רייזע. לאָזט זיך אויס, אַז ס׳איז אַ ביסל מער, דהיינו: מיטן לוקסוס־צוג דריי שעה, און מיטן עקספּרעס פינף. ער אַליין האָט זיך דערפרעגט אויפן וואָקזאַל און האָט אונדז אַריינגעזעצט אין אַ צוג, וואָס האָט אונדז באַדאַרפט ברענגען קיין ניצע זעקס אַזייגער אין אָוונט. אויפן וועג אָבער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער צוג וועט אָנקומען ערשט צען אַזייגער ביינאַכט, און געקומען איז ער נאָך שפּעטער. דערביי האָבן מיר דורכ־געלאָזט צוויי אַנדערע, בעסערע צוגן. און דאָס אַלץ איז געווען צו פאַרדאַנקען אָט דעם אַלטן ליידיק־גייער, וואָס איז, דאַכט זיך, נאָך ניט געווען שיכור, וואָרעם מיר זענען אַרויס מיט אים צו פרי פון שטוב.

אין דער צייט, וואָס מיר האָבן געוואַרט אויף יענעם באַרימטן צוג, צו וועלכן ס׳איז שווער צו געפינען אַ גלייכן אַפילו אין רוסלאַנד, האָבן די דאָזיקע ליבע מענטשן זיך צעטיילט מיט אונדז צווישן זיך. די אַלטע האָט פאַרנומען אין אירע הענט די מאַמע און האָט איר עפּעס געטשאַמ־קעט וועגן איר ווייטער פאַרגאַנגענהייט א. אַ. וו. ער ווידער, דער אַלטער כל־בוניק, האָט מיך געהאַלטן פאַר אַ קנעפּל, אויסדערציילט מיר אַלע זיינע סודות, אָנגעהויבן פון זיין פּראַקטיקער יוגנט אין דעם ליבן קורלאַנד און... ער איז דערגאַנגען נאָר ביז צום צוואַנציקסטן יאָר פון זיין לעבנסגעשיכטע, איבערגעלאָזט דאָס ווייטערדיקע אויף שפּעטער, ווען איך וועל קומען צוריק פון ניצע.

מע האָט באַדאַרפט זען אונדזערע פּנימער, דאָס הייסט, ווי אַזוי איך מיט דער מאַמע האָבן זיך איבערגעקוקט אין אומענדלעכן האַרצקלע־מעניש. שוין־זשע וועט אַמאָל נעמען אַ סוף צו אונדזערע יסורים? און פאַרוואָס קומט עס אונדז, פאַר וועמעס זינד? אַזויפיל יידישע שרייבער פאַראַן — פאַרוואָס פּאַסירט מיט קיינעם ניט דאָס, וואָס קאָן פּאַסירן נאָר מיט מיר?!...

אָבער צו אַלצדינג קומט אַ סוף. דער צוג איז שוין דאָ. קוים שלעפּנדיק די פיס, זענען מיר אַריין אין דעם עקלהאַפטן פראַנצויזיש־איטאַליענישן שטייגל. נאָך אונדז האָבן נאָכגעפאָלגט די צוויי פונט רינד־פלייש, וואָס איך האָב שוין געוואָלט אַרויסשמייסן דורכן פענצטער, נאָר איך האָב איינגעהאַלטן דעם יצר־הרע. ס׳איז דאָ צייט!

די לעצטע מינוטן זענען געווען די סאַמע שווערסטע מינוטן אין אונדזער לעבן פאַר די אַכט־און־צוואַנציק יאָר פון אונדזער צוזאַמענגיין. דער צוג האָט זיך גערירט. איך און די מאַמע האָבן פריער אָנגעהויבן צו לאַכן הויך אויף אַ קול, ווי די משוגעים, און גלייך נאָכדעם האָבן מיר גענומען וויינען.

פאַרשטייט זיך, פאַר פרייד.

## אַ סוף

דערמיט האָט זיך די געשיכטע נאָך ניט געענדיקט. דער אַלטער מאַן האָט שלום־עליכמען ניט געוואָלט אָפּלאָזן, און אין אַ נאַאיוון בריוו פון אַ גאַסטפריינדלעכן בודניק האָט ער אים גערופן נאָך אַ מאָל צו זיך אויף דער „ווילע״. ער האָט אים פאַרזיכערט, אַז מער וועט ער אים שוין ניט מטריח זיין מיט אַ פורמאַן, נאָר ער וועט אים ברענגען גלייך צו זיך אַהיים מיטן טראַמוויי — אַצינד ווייסט ער שוין דעם וועג אויף אויסווייניק... שלום־עליכם האָט זיך אָבער אויף אים מער ניט געוואָלט אומקוקן. און ס׳איז געבליבן נאָר צו באַדויערן, וואָס אין דעם קרענקלעך־נערוועזן צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט זיך דעמאָלט געפונען, האָט ביי אים ניט אויסגעהאַלטן זיין שטענדיקע קינסטלערישע נייגעריקייט נע־

ענטער און רואיקער צו באַטראַכטן דעם דאָזיקן זעלטענעם עקזעמפּלאַר פון אַן אַלטן ליטווישן משכיל, וואָס האָט זיך פאַרשלאָגן ערגעץ אין אַ ווייטן ווינקל אין פראַנקרייך און זיך געקוויקט אויף דער עלטער מיט דער גמרא, מיט „וואָלטערס ווערקע" און — מיט שלום־עליכמען...

כו

# צרות פון אַ „רעדאַקטאָר"

אַרויסגעראַטעוועט זיך פון מאַרסעיל, פון זיין קוריאָזן ליטוויש־פּראָנ־צוויזישן מעצענאַט־נודניק, האָט שלום־עליכם מיט זיין פרוי פאַרבראַכט אַ וואָך צייט אין דער סביבה פון ניצע, באַזוכט אויך מאָנטע־קאַרלאָ, און שוין געהאַט בדעה צו פאָרן צוריק אַהיים, קיין מאָנטרע. עס האָט אים אָבער שטאַרק געצויגן צו זיין אַלטן ווינטערדיקן איטאַליענישן ווינקל — אָנוואַרעמען זיך אין דעם זוניקן שטעטעלע נערווי. איז ער אַהין פאַרפאָרן אויף אַ קורצער צייט און האָט זיך דאָרט באַזעצט אין אַ האָטעל („עדן"), צום ערשטן מאָל פאַר זיין קראַנקייט, איינער אַליין, אָן דער השגחה פון זיין הויזגעזינד.

אין נערווי האָט שלום־עליכם אָפּגעלעבט. ער האָט דאָרט פאַרבראַכט איבער אַ חודש, פון מיטן פעברואַר ביז סוף מערץ, און איז די גאַנצע צייט געווען אין אַ געהויבענער, מונטערער שטימונג, געשריבן יעדן טאָג אַהיים, ווי אויך צו אונדז קיין ווילנע, פרייילעכע, ליכטיקע בריוו. „איך לעב דאָ — האָט ער אונדז געשריבן — ווי אַ פיש אין וואַסער — אויף דער זון". אָפּט האָבן די בריוו געטראָגן דעם כאַראַקטער פון אַ הומאָ־ריסטישן טאָגבוך, וועלכער האָט באַדאַרפט מאַכן אַ וואַנדער־קורס איבער דער צעזייטער פאַמיליע: פון מאָנטרע צום זון מישאַ אין דער סאַנאַטאָריע, פון דאָרטן צו די קויפמאַנס אין בערלין, און פון בערלין צו אונדז אין ווילנע. אין די דאָזיקע „טאָגביכער" האָט ער אויף אַ לוסטיקן שפּאַנענדן שטייגער, מיט אַ „פאָרטזעצונג קומט" ביים סאַמע אינטערעסאַנטן פונקט, באַשריבן זיינע קליינע טעגלעכע פּאַסירונגען, אויסגעלאַכט זיין אייגענע אומבאַהאָלפנקייט אין דער פרעמד, ווו ער האָט ניט געהאַט איבער זיך דאָס שטענדיק־וואַכנדיקע אויג פון זיין פאַמיליע. ער האָט זיך געטיילט מיט די קינדער פונדערווייטן מיט זיין גאַנצער טאָג־אָרדענונג, אַלצדינג

פּרעפּאַרירט אין גוטן סטיל, אין מייסטערשן נוסח. ער האָט אונדז אַפילו צוגעשיקט די שפּייז־קאַרטלעך („מעניר”) פון זיין רייכן האָטעל, דערביי געמאַכט אויף די פראַנצויזישע געריכטן עכט־יידישע פּירושים. איינס פון יענע שפּייז־קאַרטלעך האָט זיך אַזוי געלייענט:

פּ אַ ר  ט י ס י ן.
נערווי, עדן האָטעל,
5טן מערץ, 1912.

מ ע נ י ו

Consommé Trafalgar

סופּ מיט מייערלעך און מאַנעגרייפּלעך און שוועמלעך.

---

Soles frites et Mayonnaise

ווייסע פיש, קרובים פונעם לויתן, מיט ווייסן „סאָוועסט” [סאָאוס] — טעם גן־עדן.

---

Pommes nature

יונגע קאַרטאָפּלילעך, וואָס צעגייען זיך אין מויל.

---

Roastbeef à la Flamande

ראָסטביף, וואָס אַ מכה ווערט פּוטער זיין אַזוי ווייך! צוגעגעבן: פּאַ־סאָלקעלעך, קרויט, מייערלעך, אַרבעסלעך, ספּאַרזשע, ברוסעלקעלעך, מיט צרות, מיט שלעק!

---

Haricots verts sautés

זאָל איך אַזוי וויסן גלות, ווי איך ווייס וואָס דאָס איז פאַר אַ מין! צעגייט זיך אין מויל.

---

Volaille rotie en cocotte

פשוט עוף, ווייס עוף, סאַמע ביילק, געפּילט מיט גן־עדן־עפּעלעך און צוגעפּראַזשעט מיט ציבעלקעלעך, שמעקט ווי די בעסטע בשמים!

---

Salade

סאַלאַט — שוין איין מאָל אַ סאַלאַט! פון סאַלאַטנלאַנד! מע מעג אים עסן מיט ברויט!

---

Timbale Romanoff

אַזאַ מין טערטל מיט שאַרלאָטן־שלאַגזאַם, זעט־אויס ווי מלכות־ברויטלעך, און אַ טעם פון צפּיחית בדבש.

---

Fruits

פרוכטן — אַלערליי פּירות: פון עפּל, באַרן, פלוימען, ניס, ביז פייגן, טייטלען און באַנאַנעס, ראָזינקעס א. אַ. וו., מיט אַלע היימישע פּיראָזשנעס.

---

Dessert

און טאָמער איז קאַרג — נאַט אייך דעסערט! נאָר ווער'ט אים עסן? יענער, וואָס איר ווייסט [געמיינט, לויטן יידישן נוסח פון יענע יאָרן, דעם צאַר ניקאָלאַי], זאָל אַזוי כוח האָבן צו לעבן, ווי מע האָט כוח אויפצושטיין פון טיש! אוי, ווו נעמט מען ספּעקטאָרן?!

שלום־עליכם האָט יענע טעג אויך געהאַט אַן אָנגעלייגטן גאַסט פון וואַרשע — זיין פאַרלעגער יעקב לידסקי, וואָס איז געקומען קיין איטאַליע אויף אַ קורצן ווינטערדיקן אָפּרו. לידסקי איז שוין איצט געווען ניט נאָר דער אייגנטימער פון דעם קליינעם פאַרלאַג „פּראָגרעס“, נאָר איינער פון די הויפּט־שותּפים און פאַרוואַלטער פון דעם גרויסן פאַרלעגערישן סינדיקאַט „צענטראַל“, וואָס האָט זיך יענעם יאָר געבילדעט דורך דער פאַראייניקונג פון פיר וואַרשעווער פאַרלאַגן און איינעם אַ ווילנער. אמת,

קיין באַזונדערע גייסטיקע אָפּרישונג האָט שלום־עליכם פון זיין פאַרלע־
גערס געזעלשאַפט ניט דערוואַרט, ווייל לידסקי אַליין איז געווען אַ ־פשר־
טער פאָלקס־מענטש, ניט צו ווייט פאַרגאַנגען אין די שוואַרצע פינטלעך,
מיט וועלכע ער האָט געהאַנדלט, דערצו מיט אַ פרימיטיוון געשמאַק און
מיט אַן אָרעמער פאַנטאַזיע אין זיין פאַרלעגערישן פאַך. ער האָט געהאַט
די אַמביציע, און אין אַ געוויסער מאָס אויך די ברייטהאַרציקייט, צו
זיין דער פאַרלעגער פון אַזעלכע שריפטשטעלער, ווי שלום־עליכם, פרץ
און לעצטנס אויך מענדעלע מוכר־ספרים, נאָר דערפון זענען זיינע
מוכר־ספרימדיקע באַגריפן ניט באַרייכערט געוואָרן. קיין גרויס נחת
האָט שלום־עליכם פון זיינע אַרויסגעגעבענע ווערק דורך לידסקיס פאַר־
לאַג ניט געהאַט: זיי זענען געווען שלעכט און געשמאַקלאָז געזעצט, גע־
דרוקט אויף ביליקן געבלאָזענעם גרויען פאַפיר, דערצו איבערגעפילט
מיט ווילדע דרוק־פעלער, אַזוי אַז שלום־עליכם אַליין פלעגט זיך אָפּט
אָפּשטעלן אויף אַ פאַרגרייזטער שורה און ניט וויסן וואָס דער פסוק
מיינט. לידסקי האָט זיך אָבער אַרויסבאַוויזן ווי אַן ערלעכער געשעפטס־
מאַן, דער ערלעכסטער פון אַלע יידישע פאַרלעגער, מיט וועלכע שלום־
עליכם האָט ביז אַהער געהאַט צו טאָן. ער איז פינקטלעך נאָכגעקומען
די אָפּמאַכן, וואָס זענען אַלע יאָר באַנייט געוואָרן, געצאָלט פאַראויס
די מאָנאַטלעכע ראַטעס דורך פערזענלעכע טשעקס אין אַ בערלינער באַנק,
פאַרזיכערט דערמיט שלום־עליכמען אַ היפשע יערלעכע איינקונפט. דאָס
איז געווען אַ חידוש אין דער יידישער שרייבער־וועלט, כמעט אַ וווּנדער!
שלום־עליכם, וואָס האָט ליב געהאַט צו זען נאָענטע מענטשן און זאַכן
אין פאַרגרעסערטן יום־טובדיקן ליכט, פלעגט פון לידסקין אָפּט ריידן
אין געהויבענעם וואַרעמען טאָן, גערופן אים אין זיינע בריוו צו פריינד
„מיין לידסקי”, „מיין פאַרלעגער” (הגם לויטן קאָנטראַקט איז לידסקי
נאָר געווען זיין אַגענט אויף אַ באַגרענעצטן טערמין פון איין יאָר),
פאַרגעשטעלט אים פאַר דער וועלט, און אפשר אויך אין זיין אייגענער
פאַנטאַזיע, ווי עלעהיי אַ מין יידישן סיטין (אַ באַרימטער רוסישער
פאַרלעגער אין מאָסקווע יענע יאָרן). איצט, פאַרברענגענדיק צוזאַמען
מיט לידסקין עטלעכע טעג אויף דער איטאַליענישער ריוויערע, אין

סאַן־רעמאָ, האָט שלום־עליכמען באַזונדער הנאה געטאָן, וואָס „זיין פאַרלעגער" האָט אים ניט געלאָזט צאָלן פאַרן האָטעל — ענדלעך דער־לעבט אַ יידישן מוכר־ספרים אַ דזשענטלמאַן, מיט לייטן גלייך!...

די געהויבענע, מונטערע שטימונג און נערווי איז שלום־עליכמען הויפּטזעכלעך געקומען פון זיין אַרבעט: „דער בלוטיקער שפּאַס" איז ביי אים געגאַנגען וואָס ווייטער אַלץ בעסער. דער געראָטענער סוזשעט פון דעם גוי אונטער דער מאַסקע פון אַ יידן האָט אַרויסגעוויקלט פון זיך אַ ברייטן לייוונט מיט אינטערעסאַנטע סיטואַציעס, פאַרשוינען און שילדערונגען. שלום־עליכם האָט פאַר זיך איינגעאָרדנט אינעם פאַרק פון זיין האָטעל אַ באַזונדער טישל, באַשאָטנט מיט אַ שירעם, און איז אַזוי געזעסן אין דעם ליכטיקן ווארעמען אינדרויסן אַ פאַרטיפטער אין דער אַרבעט, געשריבן אַ קאַפּיטל נאָך אַ קאַפּיטל, אַרויסגעשיקט מיר עטלעכע מאָל אַ וואָך היפשע פּאַקעטן, געהאַלטן שוין ביים סוף פונעם ערשטן טייל, — אַזוי אַז דער איבערשרייבער, וואָס איך האָט פאַר אים יענעם ווינטער אויסגעזוכט אין ווילנע, האָט אים בשום אופן ניט גע־קאָנט נאָכיאָגן. אַ פאַרכאַפּטער אינגאַנצן פונעם ראָמאַן, האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון אַלע אַנדערע אַרבעטן. ער האָט דעמאָלט באַדאַרפט צו־גרייטן פאַר דער אויסגאַבע פון זיינע ווערק נייע צוויי בענדער, — האָט ער מיר געשריבן אין דעם פריילעך־פאַרהאַוועטן טאָן פון איינעם, וואָס איז גליקלעך־באַרוישט פון זיין אַרבעט: „טייערער בערקאַש! איך בין אַזוי פאַרשלונגען פונעם ראָמאַן, אַז איך קאָן גאָרנישט ניט טאָן פאַר לידסקיס אויסגאַבע. העלפט־אַרויס, קלייבט זיך אַליין פאַנאַנדער, ווי אַזוי איר ווייסט, אין דעם ניינטן און צענטן באַנד..."

גאַנץ אַנדערש האָט אויפגענומען דעם „בלוטיקן שפּאַס" ש. י. יאַצקאַן, דער רעדאַקטאָר פונעם „היינט". יענער, ניט צופרידן פון דעם גאַנצן ענין, וואָס שלום־עליכם האָט זיך מיט גוואַלד אַריינגעריסן אין זיין ציייטונג מיט אַ „ליטעראַרישן ראָמאַן", האָט פון די ערשטע קאַפּיטלען אָן זיך גענומען וואַרפן מיט שלום־עליכמס אַרבעט און אין יעדן בריוו געגאָסן אויף זיין הייסן פּלייס מיט קאַלטע עמער וואַסער: ס'איז ניט דאָס, וואָס מע האָט אים צוגעזאָגט, ס'איז צו לאַנג, עס ציט זיך ווי פון

פעך, מע זעט ניט קיין מעשה, נאָר טיפּן און טיפּן — סטייטש, ווו איז דער בלוטיקער שפּאַס? ווען וועט מען שוין אַמאָל דערלעבן זען אַ שטיקל עלילת־דם?... „זייט ניט קיין נאַר!" — האָט דער אויפגעקומענער בית־מדרשניק אין זיינע בריוו געשריען צו דעם, מיט וועמעס חכמה אַ גאַנץ פאָלק האָט זיך געקוויקט. שלום־עליכם, אינערלעך געשטאַרקט פון זיין אַרבעט, האָט אַראָפּגעשלונגען די באַליידיקונגען און געענטפערט זיין רעדאַקטאָר אין געלאַסענעם, נאָר פעסטן טאָן: „איך וויל ניט און קאָן ניט, אַז דער אינטערעס פון דער מעשה זאָל אַריבערוועגן דעם אינטערעס פון די פּערזאָנען, וואָס פאַרדינען וועגער פאַראַכטונג און סימפּאַטיע און ווער טיפע ליבשאַפט..." און אויף דער טענה, אַז דער ראָמאַן איז צו לאַנג, האָט ער אים צוגעשיקט אַ בריוו פון אַלעקסאַנדער אַמפיטעאַט־ראָוו, וועלכער האָט אויף זיך גענומען רעדאַקטירן די רוסישע איבערזעצונג פון דעם „בלוטיקן שפּאַס". דער אָנהייב פון אַמפיטעאַטראָווס בריוו (אין שלום־עליכמס יידישער איבערזעצונג) האָט זיך געלייענט אַזוי:

„טייערער שלום־עליכם!

„די טעמע, וואָס איר האָט אויסגעוויילט פאַר אייער ראָמאַן, איז אַזוי גלענצנד, אַז ס'איז אַ שאָד, וואָס איר שטעלט זיך ניט אָפּ אין אייניקע ערטער אַביסל לענגער. [אונטערגעשטראָכן פון שלום־עליכמען. — י. ד. ב.]. די זשעניאַלע פּשוטקייט פונעם סוזשעט, ווי דער ייד האָט זיך געביטן מיטן קריסט מיט די יוצרות, איז ווערט די באַרימטע ,מיאָרטוויאַ דושי' [,די טויטע נפשות' פון גאָגאָל. — י. ד. ב.] און ,דאָן קיכאָט'. — —"

אויפמונטערונג צו זיין אַרבעט האָט שלום־עליכם באַקומען פון פאַר־שיידענע זייטן, און דאָס האָט אים צוגעגעבן פעסטקייט אויסצוהאַלטן דעם ווידערשטאַנד קעגן יאַצקאַנס בריוו. אויך בעל־מחשבות איז די ערשטע צייט געווען אין התפּעלות פונעם „בלוטיקן שפּאַס". ער האָט דעמאָלט שלום־עליכמען געשריבן:

„ליבער מייסטער.

„וויבאַלד איך האָב געלייענט דעם ערשטן קאַפּיטל פון ,בלוטיקן', האָט זיך מיר פאַרוואָלט אַייך שרייבן. עס קאָן ווערן אַ גראַנדיאָזע זאַך דערפון, אַ בוך, וואָס וועט ווערן אַ וועלטבוך, ווי אפשר מאַרק טוועינס

‚פרינץ און נישצי' (‚פּרינץ און בעטלער'), ווי פריער אַמאָל לאַבולעס ‚פּרינץ קאַניש' אין די 60ער יאָרן. אין רוסישן וועט דאָס אפשר האָבן אַ מוראדיקן ערפאָלג, און איך גראַטוליר אײַך צו דער נייער אַרבעט. אָבער, טייערער מייסטער, פּאַרצייט וואָס איך זאָג דאָס, וועט נאָר נישט סענטימענטאַל, בלייבט אייביק אין דעם הומאָריסטישן טאָן. און נאָך איינס בעט איך אײַך און ראָט אײַך, ווי אַ שטיקל קריטיקער: פּאַרמישט חלילה ניט דעם מאָטיוו פון עלילת־דם. דאָס קאָן דאָס גאַנצע ווערק אין זיין קומענדיקן ערפאָלג פשוט צעקאַליעטשענען. שפּייט דערויף, וואָס יאַצקאַן וויל דאָס רעקלאַמענהאַפטע. עס וועט אַלס קונסטווערק דאָס אָפּ־קוילענען! דאָס איז מיינע איבערצייגונג. איך לייען אַלע טאָג ‚דעם בלוטיקן', און ווען עס אינטערעסירט אײַך, וועל איך [אײַך] שרייבן וועגן דעם, מיטטיילן מיינע הגהות. — —"

ערשט שפּעטער, נאָכדעם ווי „דער בלוטיקער שפּאַס" האָט זיך שוין געהאַט געדרוקט אינעם „היינט" צוויי חדשים, געהאַלטן ביי די פּערציקסטע קאַפּיטלען, און שלום־עליכם האָט געוווסט פון זיינע לעזער־קאָרעספּאָנדענטן, אַז דער ראָמאַן ווערט געלייענט פונעם עולם מיט שטייגנדיקן אינטערעס, — האָט זיך דער רעדאַקטאָר פונעם „היינט" אַרומ־געזען, אַז ער האַנדלט דאָ ניט מעשה קלוגער סוחר. ער האָט געוואָלט אַרויסבאַקומען פון שלום־עליכמען אַ קיצור פון די אָפּגעדרוקטע קאַפּיטלען, אום צו רעקלאַמירן דעם ראָמאַן פאַר נייע לעזער, האָט ער גענומען אַ ווייכערן טאָן און אים אַזוי געשריבן: „אַזוי ווי איך האָב אײַך די גאַנצע צייט אַרויסגעזאָגט ‚אָטקראָווענאָ' מיין מיינונג וועגן אייער ‚בלו־טיקן שפּאַס', וואָס ס'האָט אײַך אפשר פאַרשאַפט געוויסע פּאַרדראָס, געפין איך פאַר מיין פליכט אײַך איצט מודיע צו זיין, אַז דער אינטערעס צום ‚שפּאַס' האָט זיך פאַרגרעסערט..."

אַרום יענער צייט האָט שלום־עליכם אָנגעהויבן וואַרעם קאָרעס־פּאָנדירן מיטן יונגן קריטיקער ש. ניגער, וועלכער האָט ביי אים באַ־זונדער נושא חן געווען מיט זיין יונגן וואַגנדיקן פאַרנעם און קלאָרן וואַרעמען טאָן. ער האָט זיך צו אים צוטרוילעך געטוליעט, ווי צו אַ פיל־צוזאָגנדיקן פאַרשטייער פון דעם קומענדיקן ליטעראַרישן דור.

איצט, שטייענדיק אינמיטן דער אַרבעט פונעם „בלוטיקן שפּאַס”, האָט ער זיך מיט ניגערן אין אַ בריוו אַפילו עצות געהאַלטן וועגן דער ווײַטער־דיקער אַנטוויקלונג פון דעם ראָמאַן. אַגב, האָט ער פּאַר אים אַ ביסל אויסגעגאָסן זיין ביטער האַרץ, דערציילט די צרות, וואָס ער שטייט זיך אויס איבערן ראָמאַן פון זיין רעדאַקטאָר. ריידנדיק פון צוויי אַרויסגע־בראַכטע יונגע פּאַרשוינען אינעם ראָמאַן, האָט ער אים געשריבן (דער בריוו איז געגאַנגען פון קלאַראַן־מאָנטרע, נאָכן צוריקקומען פון נערווי): „די דאָזיקע צוויי לעבעדיקע נפשות בעטן זיך ביי מיר, איך זאָל זיי נאָך אַרויספירן. שטייט אָבער דער אָדון דער רעדאַקטאָר און שרייט: ,מעשה! מעשה גיט! ווינציקער טיפן, מער מעשה!' — איר פאַרשטייט, וואָס פאַר אַ דראָט־אַרבעט, אַז איך האָב געקאָנט דורכ־שלאָגן אַזאַ היפּאָפּאָטאַמישע פעל פון די, וואָס לעקן די פינגער פון דער ,פאַרשלייערטער דאַמע' [אַזוי האָט דעמאָלט געהייסן דער שונד־ראָמאַן אינעם „היינט”. — י. ד. ב.], זיי זאָלן מיין ראָמאַן אויך לייענען מיט אינטערעס, וועלכער וואַקסט פון טאָג צו טאָג. איך שרייב עס אייך, נאַ־טירלעך, בסוד. ביז אַ געוויסער צייט מוז עס זיין אַ סוד. אַמאָל, אַז מיר וועלן לעבן, וועל איך פאַרעפנטלעכן אַ פּאָר בריוולעך פון אַ יידישן רעדאַקטאָר צו אַ יידישן שרייבער, וועט מען זיך קאָטשען פאַר געלעכטער (און דער מחבר, קאָן זיין, האָט גאָר געוויינט...). באם אָבער איך וועל אָוועק פאַר דער צייט, וועלן עס מסתמא טאָן אַנדערע. די בריוולעך ליגן ביי מיר. מיינע ענטפערס אויך. מיין בערקאָוויטש ווייסט די גאַנצע גע־שיכטע און האָט זיך געריסן ביי די שוואַרצע האָר... — — —”

## כז

# מיטן „העולם״ קיין אָדעס

אין ווילנע איז אונדזער לאַגע אין פאַרלויף פונעם ווינטער 1911—1912 געווען אַן אומבאַשטימטע. דער ציוניסטישער צענטראַל־קאָמיטעט, פאַר־פאָלגט פון דער ווילנער אָכראַנע, האָט זיך ביסלעכווייז אַריבערגעקליבן קיין פעטערבורג, זיינע טעטיקע מיטגלידער, צווישן זיי אויך יצחק גרינ־בוים, זענען געוואָרן נע־ונדניקעס, און די עקזיסטענץ פון אונדזער העבּ־רעאישער וואָכנשריפט „העולם״ איז געבליבן הענגען אויף משקולת: אָט האָט מען געהאָפט, אַז די צענטראַלע ציוניסטישע פאַרוואַלטונג וועט זיך אויף אונדז מרחם זיין און אַריבערנעמען דעם „העולם״ קיין בערלין, און אָט האָט מען געשמועסט, אַז מע וועט אים אינגאַנצן אָפּשטעלן. דערווייל זענען די נומערן דערשינען יעדע וואָך נאָר אַ דאַנק דער פּערזענלעכער גוטסקייט פון די ברידער גאָלדבערג, ווען דאָס האַרץ האָט ניט דער־לאָזט איבערצורייסן דאָס לעבן פון אַזאַ פיינעם זשורנאַל. דאָס איז אָבער געווען אַ געמוטשעט לעבן.

דערצו זענען די הימלען איבערן יידישן תחום יענעם ווינטער נאָך מער פאַרוואָלקנט געוואָרן, ווי פריער. אָנהייב האַרבסט האָט דער ייִד באָגראָוו, פאַר די אויגן פונעם צאַר ניקאָלאַי, דערשאָסן אינעם קיעווער שטאָט־טעאַטער דעם פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין, דעם בעסטן דינער און שיצער פונעם צאַריזם, און די „שוואַרצע מאה״, שוין אַזוי אויך געגנוג צעיושעט פון דעם אויפגעבלאָזענעם ענין בייליס, האָט זיך איצט צעשריען אויף דער „יידישער געפאַר״ מיט באַנומענע קולות, אויף דער העכסטער גרילצנדיקער אָקטאַווע. דערהויפּט איז זי געוואָרן האָפערדיק־ווילד, נאָכדעם ווי דער צאַר אַליין האָט זי גענומען אונטער זיין פּער־זענלעכער שוץ, זיך פאַרשריבן ביי איר אַלס מיטגליד, אַלס אַלער־העכסטער שוואַרץ־מאהניק. די בלינדע רציחה פון דער אומוויסנדיקער

רעאַקציע האָט זיך איצט אַ לאָז געטאָן צו דער האַלב־באַלעבאַטישער יידישער אינטעליגענץ און צום געדרוקטן יידישן וואָרט, ווי זי האָט פאַר־דעכטיקט פאַרבליבענע שפורן פון דער אויסגעראָטענער „יידישער קראַ־מאָלע". אין יידישע שטעט האָבן זיך אָנגעהויבן פאָליטישע אַרעסטן אויף מענטשן, וועלכע האָבן קיינמאָל ניט געחלומט, אַז זיי וועלן זוכה זיין צו אַזאַ כבוד. עס איז אויך פאַרשטאַרקט געוואָרן די צענזור אויף יידישע צייטונגען און ביכער. די אַמאָליקע אַזוי־גערופענע „צענזור־פאַרן־דרוק", די וואָס האָט קאָנטראָלירט צייטונגען און ביכער איידער זיי זענען געגאַנגען צום דרוק, איז שוין געווען לאַנג אָפּגעשאַפט דורך דער כלומרשטער אָקטאָבער־קאָנסטיטוציע. אַצינד האָט די צענזור געהאַט איר קאָנטראָל נאָר איבער דעם שוין־אָפּגעדרוקטן וואָרט — און דאָס איז געווען אַ סך ערגער. וואָרעם קיין אַרויסגעבער און קיין מחבר פון אַ ווערק מיט פאָליטישן אינהאַלט איז ניט געווען זיכער, אַז זיין אויסגאַבע זאָל נאָכן דרוקן ניט קאָנפיסקירט ווערן און ער זאָל דערפאַר ניט באַקומען זיין שטראָף.

אין פעטערבורג און אין מאָסקווע האָט מען דעם דאָזיקן צענזור־צוואַנג ניט אַזוי געפילט — דאָרט האָט מען זיך געשעמט פאַר דער גרויסער וועלט. געפילט האָט מען אים אין די יידישע דרוק־צענטערס, אין ווילנע און אין וואַרשע. אין ווילנע איז דער אַלטער צענזאָר, יהושוע שטיינבערג, שוין לאַנג געווען טויט. אויף זיין אָרט איז איצט געזעסן איינער אַ פאַרבלאָזער שרעקעדיקער פאַרשוין, אַ געוועזענער לערער אין אַ יידישער רעגירונגס־שול, וואָס האָט געהאַלטן אין איין מורא האָבן, טאָמער וועט ער חלילה געשטרויכלט ווערן און דורכדעם פאַר־לירן אויף דער עלטער זיין דערוואַרטע „פענסיע" פון דער רעגירונג. האָט מען געהאַט מיט אים צו זינגען און צו זאָגן. דער אַלטער שטיינ־בערג פלעגט אין די גוטע „רעוואָליוציאָנערע יאָרן" פאַר אַ פינפערל דורכלאָזן די סאַמע געפערלעכע „טריף־פסולן". דער נייער צענזאָר האָט זיך פון אַ פינפערל אויך ניט אָפּגעזאָגט; אַדרבה, ער האָט דאָס אָפט געטאָפּלט אויף אַ צענערל, נאָר דורכלאָזן אַ זאַך, וואָס האָט אים באַ־שיינפערלעך אויסגעזען טריף, האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט. ער

האָט געהאַט איין טענה: „איר קאָנט מיר פאַרזיכערן אַ פענסיע אויף דער עלטער? היינט וואָס־זשע ווילט איר מיך קוילענען?"... נאָך מער: כדי איינגאַנצן זיכער צו מאַכן זיין צוקונפטיקע פענסיע, האָט ער זיך מיישב געווען און אָנגעהויבן קאָנפיסקירן די נייע אויפלאַגעס פון אַלטע ביכער, וועלכע דער פאַרשטאָרבענער שטיינבערג האָט אַמאָל געכשרט. פאַר אַזאַ אַלטן חטא האָט אויך בעל־מחשבות, אַ קראַנקער, אַ צעבראָ־כענער, יענעם יאָר געמוזט אָפּזיצן עטלעכע חדשים אין טורמע.

פונקט אַזוי האָט געהאַנדלט אויך דער נייער יידישער צענזאָר אין וואַרשע, דער וואָס האָט פאַרנומען דעם אָרט פון זיין פאַרשטאָרבענעם „ליבעראַלן" פאָרגייער כאָדאָק: יענער האָט זיך פלוצעם צעלאָזט און קאָנפיסקירט אינעם פאַרלאַג „צענטראַל", צוזאַמען מיט אַנדערע אַלטע ביכער, שלום־עליכמס ראָמאַן „דער מבול". דאָ איז דער חידוש געווען נאָך גרעסער, וואָרעם „דער מבול" האָט שוין געהאַט צירקולירט אין רוסלאַנד העכער פינף יאָר, אויסגעהאַלטן אַ סך אויפלאַגעס און זיך צעגאַנגען אין צענדליקער טויזנטער עקזעמפּלאַרן. שלום־עליכם איז דער־פון געוואָרן אומרואיק: צי וועט דאָס אים ניט זיין אַ שטער ביי זיין צוריקקומען קיין רוסלאַנד? צי וועט מען אים דאָרט ניט פאַרבעטן פאַרן „מבול" אין טורמע אַריין?... נאָך מער איז געוואַקסן זיין אומרואיקייט, ווען ער האָט יענעם נאָך־פסח באַקומען אַ צווייטע ידיעה פון וואַרשע, אַז דער זעלבער צענזאָר האָט געלאָזט קאָנפיסקירן אַ נומער פונעם „היינט" און פאַרפירט אַ פּראָצעס קעגן דעם רעדאַקטאָר פאַר אַ פראַזע אין דעם „בלוטיקן שפּאַס", ווו די יונגע העלדין פון ראָמאַן האָט זיך אויסגעדריקט, אַז ניט די יידן, נאָר די רוסן זענען אַ בלוט־דורשטיק פאָלק. איצטיקס מאָל האָט זיך שלום־עליכם געשראָקן ניט אַזוי פאַר דער רוסישער רע־גירונג, ווי פאַרן יידישן רעדאַקטאָר פונעם „היינט" — יענער זאָל חלילה ניט אָפּשטעלן דעם ראָמאַן אין סאַמע מיטן. וואָרעם איצט האָט דער רעדאַקטאָר געמעגט האָבן אַ שאַרפע טענה: פאַרן שונד־ראָמאַן, פאַר דער „פאַרשלייערטער דאַמע", וואָלט די צענזור דעם „היינט" קיינמאָל ניט באַשטראָפט! און ער האָט געהאַט טאַקע צו שלום־עליכמען שאַרפע טענות, נאָר דעם „בלוטיקן שפּאַס" האָט ער פון דעסטוועגן ניט אָפּגעשטעלט.

דער „העולם“ איז פון זיין צענזאָר, דעם ווילנער „בעל הפענסיע“, אויסגעשטאַנען געבראָטענע לייד. כמעט אין יעדן נומער האָט דער שרעקעדיקער צענזאָר געפונען עפּעס, פאַרוואָס ער האָט געשראָקן מיט אַ פּראָצעס. ס'איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז דער רעדאַקטאָר דרויאַנאָוו האָט אים פאָרגעלייגט, ער זאָל פאַרן „העולם“ בעסער צוריקשטעלן די אַלטע אָפּגעשאַפטע „צענזור־פאַרן־דרוק“, דאָס הייסט, ער זאָל די נומערן לייענען איידער זיי דרוקן זיך, — פאַרשטייט זיך, ניט אומזיסט, נאָר פאַר אַ באַשטימטן געהאַלט, — וועט ער פאַרשפּאָרן אַליין זיך שרעקן און שרעקן די וועלט. דאָס האָט אָבער דער פאָרזיכטיקער יידישער „טשינאָווניק“ מורא געהאַט נעמען אויף זיך — ס'איז קעגן דער קאָנסטיטוציע פון „פּרעסע־פרייהייט“. דער סוף איז געווען, אַז ער האָט איין נומער „העולם“, נאָך אַ לאַנגן קווייקלען, פאָרט קאָנפיסקירט, און דער רעדאַקטאָר איז אָנגעקלאָגט געוואָרן אין געריכט. איצט האָבן שוין די ווילנער ציוניסטן אויף זיך געהאַט אַ טאָפּעלן פּראָצעס: פאַר דעם פאַרנומענעם ציוניסטישן אַרכיוו פון פאַראַיאָרן ווינטער און פאַר דעם קאָנפיסקירטן „העולם“. אין דעם באַשולדיקונגס־אַקט, וואָס איז, ווייזט אויס, דיקטירט געוואָרן פון דער זשאַנדאַרמעריע, האָט זיך גערעדט פון אַ „פאַרברעכערישער שטרעבונג צו ענדערן די עקזיסטירנדיקע לאַגע פון די יידן אין רוסלאַנד“ — אַ העכסט נאַרישע באַשולדיקונג, וואָס איז פון יורידישן שטאַנדפּונקט געווען אַ פולשטענדיקער אַבסורד. די פאָרשטייער פון דער ווילנער געריכטלעכער מאַכט האָבן דערויף אַליין געקוועטשט מיט די פּלייצעס; זיי האָבן אָבער צוגעגעבן, אַז איינס מיטן אַנדערן געהערט זיך ניט אָן — אין טורמע וועלן די באַשולדיקטע מוזן גיין...

דער פאָרשטייענדיקער פּראָצעס, צוזאַמען מיט דער דערוואַרטונג, אַז היינט־מאָרגן וועט זיך דער „העולם“ אינגאַנצן פאַרמאַכן, האָט געהאַלטן אונדזער קליינע ווילנער גרופּע דעם גאַנצן ווינטער אין שטענדיקער צערודערונג. דער איינציקער מענטש, וואָס איז פון דעם ציוניסטישן פּראָצעס ניט נתפּעל געוואָרן, איז געווען דער רעדאַקטאָר פונעם טעגלעכן „הזמן“, בן־ציון כץ. יענער האָט אונדז געטרייסט מיט אַ ליכטיקן שמייכל אויף די שטענדיק־פאַרוויטלטע באַקן: „ס'איז ווערט אַ שאָס

פּולווער! אויף וויפיל וועט מען זיי פאַרמשפּטן? אויף אַ יאָר טורמע, העכסטנס — אויף צוויי! וועל איך זיי שוין באַזאָרגן — כ׳וועל זיי אַריינ־זעצן אין מיין טורמע״...

דאָס איז געווען ניט קיין וויץ. בן־ציון כץ האָט טאַקע פאַרמאָגט זיין אייגענע טורמע, אין וועלכער ער אַליין איז דאָ ניט לאַנג אָפּגע־זעסן אַ קיילעכיק יאָר — אויף פאַר אַ פּאָליטישן אַרטיקל, געדרוקט אין זיין צייטונג „הזמן״. די מעשה מיט זיין טורמע האָט געקלונגען ווי אַן אַנעקדאָט — ס׳איז אָבער געווען אַן אמתע מעשה.

פון בן־ציון כץ, דעם אויסערגעוויינלעכן העברעאישן צייטונגס־מענטש, דעם גרעסטן בעריע צווישן יידישע זשורנאַליסטן אין רוסלאַנד, ווּעמען מיר איז אויסגעקומען צו דערמאָנען אין די פריערדיקע קאַפּיטלען, האָט מען אין אונדזערע ליטעראַרישע קרייזן דערציילט אַ סך אַזעלכע גע־שיכטעס, וואָס כאָטש זיי האָבן געקלונגען ווי אַנעקדאָטן, זענען פּונקטיק פּראָצענט פון זיי באַשטאַנען פון אמת. די סאַמע כאַראַקטעריסטישע גע־שיכטע פאַר אים איז געווען יענע, ווי אַזוי ער האָט מיט יאָרן צוריק, נאָך פאַר דער אָקטאָבער־קאָנסטיטוציע, באַקומען די ערלויבניש אַרויס־צוגעבן דעם „הזמן״ — נאָכדעם ווי הונדערטער יידן, אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, האָבן וועגן דעם אומזיסט אָפּגעשלאָגן די טירן ביי די רוסישע מיניסטאָרן. בן־ציון כץ האָט דאָס געמאַכט לייכט און פּראָסט. ער איז געקומען פון דער ליטע קיין פּעטערבורג מיטן פעסטן באַשלוס, אַז יידן אין רוסלאַנד מוזן האָבן אַ דריטע העברעאישע צייטונג צו דעם „המליץ״ מיט דער „הצפירה״ — אַ צייטונג מיט ראַדיקאַלע פּאָליטישע שטרעבונגען. און אַזוי ווי צום בילדונגס־מיניסטער אין פּעטערבורג איז פאַר אַזאַ קליינשטעטלדיקן יונגעמאַן ווי ער געווען אוממעגלעך צוצו־קומען, ווייל ביי דער טיר זענען געשטאַנען שווייצאַרן, וואָס האָבן שטרענג רעווידירט יעדן באַזוכער, — האָט ער זיך געלאָזט גיין צו דער טיר פון דעם מיניסטערס קאַבינעט האַסטיק, דרייסט, ווי אַ מענטש אַ פּאַרנומענער מיט אַ וויכטיקער שליחות, וואָס האָט ניט קיין געדולד פאַר פּוסטע צע־רעמאָניעס, און נאָך איידער די שווייצאַרן האָבן צייט געהאַט פאַרשטעלן אים דעם וועג, איז ער שוין געווען אינווייניק אין פולן אָנטאָן, אין מאַנטל

און קאַלאָשן. דאָרט איז ער גלייך צוגעטראָטן צום מיניסטער מיט אַ שאַר־פער טענה וועגן גערעכטיקייט, צו וועלכער עס גילטן ניט קיין שום פּאַ־רעווע תירוצים: ווי אַזוי דערלויבט זיך עס אַזאַ גרויסע מדינה ווי רוס־לאַנד צו האַלטן זעקס מיליאָן מענטשן, אַלע לויטער גראַמאָטנע, לויטער געבילדעטע, סך־הכל אויף צוויי „ניעסטשאַסטנע" צייטונגען? ס׳איז דאַך הימלשרייענד! אויב אַזוי — זאָל מען שוין די זעלבע זעקס מיליאָן מענטשן פאַרבאָטן עסן ברויט, טרינקען וואַסער, איינאָטעמען די לופט!...
דער מיניסטער האָט געקוקט אויפן שאַרפן, הייסן, דרינגענדיקן יידישן יונגנמאַן אַ צעטומלטער: אויף אַזאַ גערעכטער טענה האָט ער ניט געוווּסט וואָס צו ענטפערן. האָט ער אים געזאָגט: גוט, זאָל ער גיין אַהיים — ער וועט זיך וועגן דעם באַטראַכטן. און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז דער מיניסטער האָט זיך באַטראַכט און געגעבן אַ דערלויבעניש אויף אַ דריטער צייטונג פאַר יידן. כּך האָט אָבער דערביי געהאַט אַ שאָדן: ער האָט ביים מיניסטער אין קאַבינעט פאַרגעסן זיינע קאַלאָשן.

מע האָט אויך דערציילט וועגן כּצן, אַז אין די יאָרן, וואָס ער איז געזעסן אין פּעטערבורג, פלעגט ער פאַר יידישע קורסיסטקעס, וואָס זענען אַהין געקומען שטודירן, שאַפן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ" (וווין־רעכט) — דאָס איז געווען זיין מיצווה. כּך אַליין האָט דאָס מיר באַשטעטיקט. מיר האָבן איינמאָל געשמועסט פון אברהם שמ״רס אַ פּיעסע, וואָס איז יענע יאָרן געגאַנגען אין אַ ניו־יאָרקער ענגלישן טעאַטער. די פּיעסע האָט געהייסן „דער געלער בילעט" („דהי יעלאָו טיקעט"), און געהאַנדלט האָט זיך אין איר, ווי די רוסישע צייטונגען האָבן איבערגעגעבן, וועגן אַ יידישער קורסיסטקע אין פּעטערבורג, וואָס באַנוצט זיך צוליב וווין־רעכט מיט אַ געלן בילעט, אויף וועלכן עס לעבן אין רוסלאַנד גאַסן־פרויען. כּך האָט זיך שטאַרק צעקאָכט: „ס׳איז אַ ליגן! דאָס האָבן אייערע אַמעריקאַנער אויסגעטראַכט אַ ממזר־בלבול אויף כשרע יידישע טעכטער! איך האָב געקענט אין פּעטערבורג אַלע יידישע קורסיסטקעס — איך אַליין האָב זיי באַזאָרגט מיט ,פּראַוואָזשיטעלסטוואָ' אויף אַ כשרן אָנשטענ־דיקן וועג!"...

אַז כּך האָט באַדאַרפט אָפּזיצן פאַר זיינע פּאָליטיש־זשורנאַליסטישע

זינד אַ יאָר אין טורמע, האָט ער דאָס דורכגעמאַכט ניט אויפן שאַבלאָנעם שטייגער, גלייך ווי אַלע, אין אַ פינצטערן, נאַסן רוסישן אָסטראָג, נאָר ער האָט זיך אויסגעזוכט, דורך באַזונדערע פאַרבינדונגען, מיט וועלכע ער איז שטענדיק געווען רייך, ערגעץ אין אַ שטעטל גאָרקי, אין מאָהילעווער גובערניע, אַן אויסטערלישע טורמע, ווו ער האָט זיך איינגעאָרדנט אויף אַ גרויסאַרטיקן אופן: ער האָט באַקומען פאַר זיך אַליין אַ גרויסע ליכ־טיקע פּאַלאַטע, זי אויסגעמעבלירט מיט אַ בעט און מיט אַ שרייב־טיש און אַפילו מיט בענקלעך פאַר געסט, געבראַכט אַהין אַ גאַנצע ביב־ליאָטעק, באַלעבאַטים פון שטאָט זענען צו אים יעדן טאָג געקומען פאַר־ברענגען, שמועסן פון פּאָליטיק, פון ליטעראַטור, באַלעבאָסטעס האָבן געהאַלטן פאַר אַ באַזונדערן זכות צו קאָכן פאַר אים יאַיכלעך, טראָגן טשאָלנט אויף שבת, און אַז ער איז צום סוף יאָר צוריקגעקומען קיין ווילנע, איז ביי אים דאָס קיילעכיקע פּנים געווען אַזוי פריש און לויטער, ווי אַלע מאָל, און די פאַררויטלטע באַקן האָבן ליכטיק געשמייכלט. ער האָט איצט געוווּנטשן אונדז אַלעמען, אַלע זיינע חברים, מיר זאָלן כאָטש איין יאָר צייט זיצן אין דער דאָזיקער טורמע — פאַר אַ יידישן שרייבער איז דאָס די בעסטע דאַטשע!...

נאָר כצן איז ניט באַשערט געווען צו באַזאָרגן זיינע ווילנער פריינד מיט אַ „דאַטשע": דער פּראָצעס פון די ציוניסטן, וואָס איז פאָרגע־קומען יענעם ווינטער אין דעם ווילנער קרייז־געריכט, איז אויף דער השתדלות פון דעם פּאַרטיידיקער אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין סענאַט. און אַז מע האָט שפּעטער די גאָלדבערגס מיט דרויאַנאָוון פאַראורטיילט צו טורמע, האָט מען זייער „זיצן" אָפּגעצויגן ביז צום דרייהונדערט־יאָריקן יובילעי פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, ווען מע האָט די פאַר־אורטיילטע אינגאַנצן באַגנאַדיקט.

אויף די פאַרצווייפלטע לאַגע פון דעם „העולם" האָט סוף־כל־סוף באַקומען אַ גוטן אויסגאַנג: נאָך אַ לאַנגן ישוב־הדעת צווישן די רוסישע און דייטשע ציוניסטן, האָט מען געפועלט ביי מ. אוסישקינען, ער זאָל דעם „העולם" אַריבערנעמען צו זיך קיין אָדעס, ווו אונטער זיין השגחה איז אַרויסגעגאַנגען אויך דער מאָנאַטלעכער „השילוח". מיט אוסישקינען,

דעם „אייזערנעם מאַן" פון דער ציוניסטישער באַוועגונג, זענען אַלע געווען זיכער: אויב ער נעמט זיך אונטער אַרויסצוגעבן דעם „העולם" — וועט דער זשורנאַל עקזיסטירן.

מיר האָבן אַלע אָפּגעלעבט. מיך אַליין האָט די איבערוואַנדערונג קיין אָדעס אָנגעפילט מיט ליכטיקע דערוואַרטונגען. אָדעס — די יונגע, זוניקע, לוסטיקע שטאָט פון די וועלט־באַרימטע „אָדעסיטן". די שטאָט פון מענדעלע מוכר־ספרים, פון ביאַליק און ראַווניצקי. די שטאָט, וווּ שלום־עליכם האָט פאַרבראַכט אַ טייל פון זיינע ערשטע שריפטשטעלער־יאָרן, איבערגעלאָזט דאָרט אַ סך אינטימע פריינד, געשריבן צו זיי פאַרבענקטע בריוו: „אָדעס, אָדעס, אחריך אַני מת!" (איך שטאַרב נאָך דיר)...

איך בין געווען זיכער, אַז די בשורה וועגן אָדעס וועט שלום־עליכמען דערפרייען. לסוף האָט זיך אַרויסבאַוויזן, אַז ער איז דערמיט געווען ניט אַזוי שטאַרק צופרידן. ער האָט צו דער פרעמדער ליטווישער ווילנע נאָך אַלץ געהאַט מער צוטרוי, ווי צו דער אייגענער אוקראַאינער אָדעס. דערצו איז אָדעס געווען דער נעסט פון דער שוואַרצער מאה — עס האָט דאָרט שטענדיק געריכערט מיטן טשאַד פון פּאָגראָמען.

שלום־עליכם האָט דערביי געהאַט אויך זיין פּערזענלעכן מאָטיוו צו זיין אומצופרידן: מיר האָבן זיך דערווייטערט פון אים אויף אַ מהלך פון נאָך עטלעכע טעג, און דאָס האָט אים פאַרשאַפט אומבאַקוועמלעכקייט. די לעצטע יאָרן האָט ער זיך צוגעוווינט דערצו, איך זאָל אַלע זיינע זאַכן לייענען — און גאַנץ אָפט איבערשרייבן — איידער זיי גייען אין דרוק. איצט איז אים אויסגעקומען שיקן די קאַפּיטלען פונעם „בלוטיקן שפּאַס" אויף אַ ווייטן וועג קיין אָדעס, פון וואַנען זיי האָבן באַדאַרפט צוריקגעשיקט ווערן ווידער אויף אַ ווייטן וועג קיין וואַרשע. שלום־עליכם האָט זיך דערפון געפילט זייער אומרואיק. אָנטרויען זיין ווערק דעם איבערשרייבער אין ווילנע האָט ער בשום אופן ניט געוואָלט. אין דער וואָך פון אונדזער אַריבערפאָרן קיין אָדעס האָט ער די לויפנדיקע קאַ־פּיטלען פאַרן „היינט" בעסער אַליין איבערגעשריבן אויף ריין. און אַזוי ווי גראָד אין איינעם פון יענע קאַפּיטלען האָט זיך געפונען די אויבנדער־

מאַנטע פראַזע, וואָס האָט פאַראורזאַכט די קאָנפיסקאַציע פונעם „היינט", האָט ער די דאָזיקע אומאַיינגענעמלעכקייט פאַטאַליסטיש פאַרצייכנט אויפן חשבון פון אונדזער נסיעה קיין אָדעס. ער האָט מיר געשריבן אין טיפן פאַרדראָס: „ווען דער ראָמאַן וואָלט איבערגעשריבן געוואָרן דורך אייער פאַרמיטלונג, וואָלט איר געוויס דעם אָרט אַרויסגעוואָרפן"...

ס'איז געווען פרילינגס־צייט. שפּעטער מיט אַ חודש האָבן מיר גע־האַט בדעה זיך דורכפאָרן צו שלום־עליכמען אויפן אַיינגעשטעלטן זומער־דיקן באַזוך. האָב איך אין ווילנע, פאַר אונדזער אָפּפאָר, איבערגעלאָזט מאַכן אַן אויסלענדישן פּאַס. איך האָב דאָרט געהאַט מיין באַקאַנטן „אָקאָ־לאָטאָטשנעי נאַדזיראַטעל" — דעם זעלבן, וואָס האָט ביי מיר פאַראַיאָרן געמאַכט דעם „ציוניסטישן אָביסק" און איז מיר פון דעמאָלט פאַרבליבן אַ גוטער פריינד. דורך אים איז מיר לייכטער געווען צו באַקומען אַ פּאַס, ווי אין דער נייער אומבאַקאַנטער אָדעס. שלום־עליכמען האָט אויך דער דאָזיקער פאַקט אויפגערודערט. ער האָט מיר געשריבן אין זיין ערשטן בריוו קיין אָדעס: „איך פיל מיך זייער שלעכט, ווי איך אַליין וואָלט געווען אויפן וועג צווישן ווילנע און אָדעס. דערצו האָט איר נאָך אַריינ־געוואָרפן אַ וואָרט: אַז איר האָט איבערגעלאָזט די פּאַספּאָרטן אין ווילנע. ווער טוט עס אַזאַ זאַך היינטיקע צייטן? ווי אַזוי קאָן מען עס פאָרן אָן פּאַספּאָרטן? בכלל, זענט איר עפּעס אַצינד ניט איר. ניט יענע פּינקטלעכקייט און ניט יענע פאָרזיכטיקייט. ס'איז שוין גיכער ענלעך אויף מיר"...

# אינהאַלט

